שרה האַמער־דזשאַקלין

# שטאַמען און צווייגן

— דערציילונגען —

שער־בלאַט געצייכנט פון לאַלאַ

אַרויסגעגעבן פֿון דער נאַוואָראַדאָמסקער סאָסייַעטי

ניו־יאָרק, 1954


שרה האמער
דזשאקלין
שטאמען
און צווייגן
LOLA

מײַנע שװעסטערן חוה און טשיפּע —
מיט ליבשאַפֿט געװידמעט.

# א י נ ה אַ ל ט

# מיין מאַמעס חלום

שבת נאָך מיטאָג. דער טאַטע האָט זיך צוגעלייגט כאַפּן אַ דרימל. די מאַמע לייענט דעם טייטש־חומש. איך הער זיך איין צו דער שיינער מעשה און שלינג יעדעס וואָרט.

פּלוצעם גיט זיך אָן עפן די טיר, מיין באָבע קומט אַריין. זי קוקט אויס בייז, צעטראָגן, טוט אַ וואָרף אַ „גוט שבת", זעצט זיך אָן אָנגעכמורעטע ביים פענצטער און קוקט אַרויס אין גאַס. אַן אויפגערעגטע, רוקט זי דעם ריטשער פון דער גאָלדענער קייט, וואָס הענגט ביי איר אויפן האַלדז, רוקט אים אַרויף, אַראָפּ, און רעדט נישט אויס קיין וואָרט.

די מאַמע פאַרמאַכט ס'טייטש־חומש, הויבט זיך אויף פונעם בענקל. זי גייט אָנגעטאָן אין בלויען, זיידענעם האַבעליאַק, מיט די שפּיצן וואָס פאַרשטעלן אַביסל איר שווער לייב. אָבער איך ווייס שוין — מיין מאַמע דאַרף אין גיכן געבוירן אַ קינד. איר דינע מיטלוואוקסיקע פיגור בייגט זיך שווער אונטערן וואָגיקן בויך. גרויסע, מילדע, ברוינע אויגן לייכטן אַרויס פון איר בלייך־באַוועג־לעכן פּנים. מיט אַ ווייס, זיידן טאַשנטיכל ווישט זי דעם שווייס וואָס שלאָגט פון איר הויכן שטערן און דער גלייכער, דינער נאָז. זי גיט אַ גלעט איר שוואַרץ־האַריק שייטל, וואָס קוקט אויס כמעט ווי אייגענע האָר און פרעגט:

— די שוויגער וועט אפשר טרינקען אַ גלאָז טיי?

— איך דאַרף נישט קיין טיי, — ענטפערט די באָבע בייז. און באַלד גיט זי צו: — שיינע זאַכן הער איך פון דיר...

די מאַמע קוקט זי אָן צעטומלט, נאָר באַלד כאַפּט זי זיך און זאָגט:

— די שוויגער מיינט אַוודאי דאָס, וואָס איך בין געגאַנגען צו דאָקטאָר מיטלמאַן, זיך לאָזן אונטערזוכן?

— טאָקע דאָס! נו, פרעג איך דיך, ווי גייט עס אַ יידישע טאָכטער צו אַ מאַנספּערשוין־דאָקטאָר? האָסט דאָך שוין געהאַט פינף קינדער, די דריי צו לאַנגע יאָר, און אַלע מיט אַ הייבאַם, וואָס עפּעס פּלוצעם אַ דאָקטאָר? ס'איז דאָך אַ חילול־השם.

— סיי־ווי־סיי האָב איך אים נישט געטראָפן אין דער היים, — באַרואיקט זי די מאַמע.

— נו, גם זו לטובה, — דערפרייט זיך די באָבע.

— איך האָב אויך אַזוי געטראַכט. מסתמא איז שוין אַזוי אָנ־געצייכנט פון אויבערשטן, אַז איך זאָל דאָס מאָל אויך אויסקומען אָן אַ דאָקטאָר. נאָר עפּעס ווייס איך אַליין נישט, שוויגער, — באַ־קלאָגט זיך די מאַמע. — איך האָב מיט יענע קינדער זיך קיינמאָל נישט געפילט אַזוי שלעכט... — זי בייגט זיך צו צו דער באָבען און רוימט איר עפּעס איין שטיל אין אויער.

— עט, — טוט די באָבע אַ מאַך אָוועק מיט דער האַנט דער מאַ־מעס סוד...

— ס'איז גאָרנישט. נאַרישקייטן. ס'וועט איבערגיין... מען איז ביים אויבערשטן אין די הענט. זאָג מיר נאָר, איך בעט דיך, וועמענס איינפאַל איז דאָס געווען, אַז דו זאָלסט גיין צו אַ דאָק־טאָר?

— די מאַדאַם שאַשעווסקיס.

— אוי! — טוט די באָבע אַ פּאַטש מיט די הענט, — אָט די גויע?... זי טראָגט דאָך די אייגענע האָר... וויל נישט אָנטאָן קיין שייטל... גייט נישט שבת אין שול און מ'זאָגט, אַז זי פירט אַ טריפה הויז. ווי קומסטו גאָר אין גאַנצן צו איר?

— זי קומט אַריין אין געשעפט, איז גראָד אַ וואוילע און אַ גוטע קונה, פרעגט מיך אַלעמאָל אויס וואָס איך מאַך. נו, האָט מען זיך צערעדט, און איך האָב איר דערציילט ווי אַנדערש אַלץ אונטערשיידט זיך איצט פון מיין פריערדיקן טראָגן, האָט זי זיך אָנגעזעצט און נישט אָפּגעלאָזט, נישט אַנדערש, ווי איך מוז גלייך גיין צום דאָקטאָר.

די באָבע איז אַזש אויפגעשפּרונגען.

— מע טאָר יענע אין קיין יידיש הויז נישט אַריינלאָזן! און

זאָל די שנור מער נישט נאָכגיין דער גויעס קאָפּ!...

האָט די מאַמע צוגעזאָגט, און די באָבע האָט גלייך שוין אַ פריי־לעכע געבעטן אַ גלאָז טיי, און צו מיר האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— אויב דיין מאַמע וועט אויך איצט האָבן אַ מיידל, וועסטו ביליקער ווערן...

דאָס האָט מיך אַ ברי געטאָן. זינט מיין מאַמעס טראָגן פלעגן זיך אַלע רייצן מיט מיר. טאָמער קומט נישט קיין ייִנגל, ווער איך ביליקער, און דאָס האָט מיך שטאַרק געשראָקן. אויב, חלילה, אַ מיידל, וועל איך דאָך שוין באַלד גאָרנישט ווערט זיין... אין מיין קינדישן מוח האָט כסדר געעקבערט, וואָס וועט דער טאַטעשי זאָגן? אַ רחמנות אויף אים... איך האָב נאָך נישט געהאַט פאַר־געסן, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן ווען מיין דריט שוועסטערל איז געבוירן געוואָרן. איך האָב גענוי געדענקט, ווי מיין פאָטער איז אַן אויפגערעגטער געשטאַנען לעבן דער טיר פון דער געווינערין און אין גרויס שפּאַנונג דערוואַרט דעם אָנזאָג, אַז זיין קדיש איז געקומען אויף דער וועלט. אין צייט פון דער מאַמעס טראָגן איז ער געפאָרן צום רבין, געגעבן אַ גרויסן פדיון און איז געווען זי־כער אַז דאָס מאָל וועט עס זיין אַ זכר. איך בין געשטאַנען לעבן אים, גרייט אָוועקצוטראָגן די נייעס; עס האָט זיך דערהערט אַ מוראדיקער אויסגעשריי, און באַלד דאָס פאַרשטיקטע וויינען פון קליינעם עופהלע. אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט זיך באַוויזן מלכה, די הייבאַם, און אָנגעזאָגט: אַ מיידל!

דער טאַטע האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר ווי אַ פאַרחלשטער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בענקל — געבליבן זיצן צעמישט, און פאַרביטערט גשוויגן.

מיט מיינע גאַנצע אַכט יאָר, וואָס איך האָב געטראָגן אויף מיינע שמאָלע פּלייצעס, האָב איך באַנומען מיין טאַטנס צער, און אַ פאַרשולדיקטע פאַר דער מאַמען, האָב איך שטיל געפרעגט:

— וואָס זאָל איך זאָגן האָט די מאַמע געהאַט? — אַ ייִנגל, צי אַ מיידל?

— האַ? אַ, יאָ, — האָט ער זיך ווי אויפגעכאַפּט, — ביי דער באָבען און זיידן, און ביי דער גאַנצער משפּחה, זאָלסטו זאָגן אַז

ס'איז אַ מיידל, נאָר אין גאַס, פּאַר פּרעמדע, זאָלסטו זאָגן אַ יינגל...
זאָלן זיי שפּעטער געוואָר ווערן דעם אמת...

איצט וועל איך מער נישט זאָגן קיין ליגן, און אויב די מאַמע וועט, חלילה, האָבן אַ מיידל, וועל איך זאָגן, אַז עס איז אַ מיידל. איך וויל נישט אַז מען זאָל מיך שפּעטער רופן ליג־נערקע.

יעדע נאַכט נאָכן קריאת־שמע לייענען, און אין דער פרי, נאָך מודה־אני, פלעג איך בעטן: גוטער גאָט, זאָל דאָס נייע קינד, וואָס דו וועסט אונדז שענקען, זיין מיר אַ ברודערל. אָבער פּלוצעם איז מיר איינגעפאַלן, אַז אַ קליין מיידעלעס געבעט וועט אפשר נישט דערגיין צו די הימלען, און דער אויבערשטער וועט עס נישט דער־הערן. האָב איך נאָך אַ לאַנגן טראַכטן באַשלאָסן, אַז דער פּאַסיק־סטער שליח צו גאָט, איז מיין פרומער זיידע. ער איז דאָך דער עלטסטער גבאי ביים גרויסן צדיק ר' יחזקאלע ראַדאָמסקער, און איז טאָג ווי נאַכט אַריינגעטאָן אין די הייליקע ספרים. זונטיק פרי בין איך גלייך געלאָפן צום זיידן. איך בין געבליבן שטיין לעבן הויז. פון אָפענעם פענצטער האָט זיך געטראָגן מיין זיידנס גמרא־ניגון. איך בין אויף די שפּיץ פינגער אַריין אין זיין אַלקער און געבליבן שטיין ביי דער טיר. ער איז געזעסן פאַרטיפט, זיך געוויגט איבער דער אָפענער גמרא. ער האָט אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ און מיך דערזען. האָט ער אַ רוק געטאָן דאָס קאַפּל, אַ גלעט געטאָן די גרויע באָרד. זיין געלבלעך פאַרמעט פּנים האָט זיך צעשמייכלט און מיט אַ באַהאַלטענער פרייד האָט ער אַ פרעג גע־טאָן:

— וואָס עפּעס אַזוי פרי, שרהלע?

— איך וויל ביי דיר עפּעס בעטן.

— אַהאַ... נו, איך פאַרשטיי — און ער האָט זיך געכאַפּט צו דער קעשענע.

— ניין, ניין, נישט קיין געלט וויל איך...

— נישט קיין געלט? וואָס דען וויל מען פון אַ זיידן?

— אַז דו... אַז דו... זאָלסט בעטן... — האָב איך גע־שטאַמלט, און נישט געוואוסט ווי אַזוי אים דאָס צו זאָגן.

— בעטן? וואָס בעטן?
—ביים אויבערשטן...
ער האָט זיך ברייט צעשמייכלט און געפרעגט:
— אָבער וואָס זאָל איך בעטן?
— אַז מיין מאַמע זאָל האָבן אַ יינגל! — האָב איך אין איין אָטעם אַרויסגערעדט.

זיין פריערדיקער שמייכל איז פאַרשוואונדן. דאָס פּנים איז מיט אַמאָל געוואָרן שטרענג, און ער האָט בייז אַ זאָג געטאָן:

— נישט פאַר קיין יינגל דאַרפסטו בעטן, מיין קינד, מען דאַרף בעטן, אַז דיין מאַמע זאָל בשלום איבערקומען...

און ער האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין ספר, זיך שטאַרקער געשאָקלט, און העכער געלערנט, מיט מער ברען און גרויס כוונה. איך בין נאָך אַ ביסל געשטאַנען. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער זיידע האָט עפּעס ווי פאַרגעסן אין מיר, האָב איך אַ דער־שראָקענע זיך אַרויסגעשאַרט פון שטוב, און בין אַ באַטריבטע געגאַנגען אַהיים.

פרייטיק־צו־נאַכטס, ווען מיין מאַמע האָט זיך פרום געשאָקלט איבער די בענטשליכט, האָב איך געהערט, ווי צו דער שטענדיקער ברכה האָט זי צוגעלייגט די ווערטער:

„רבונו של עולם, האַר פון אַלע וועלטן, קליין און נישטיק בין איך, אַ זינדיקע פרוי, וואָס איז נישט ווערט דיין הייליקן נאָמען צו מעלדן, אַ מאַמע פון דריי אויסגעבעטענע קינדער, בעט איך דיך, דו זאָלסט ווייזן דיין חסד און גנאָד, און האַלטן דיין רעכטע האַנט איבער מיין אַנטבינדונג, און איך זאָל זוכה זיין אויסצוכאָוועו מיינע קינדער".

— אָמן! — האָב איך פרום אַ שעפּטשע געטאָן.

די מאַמע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן דורך פאַרטרערטע אויגן.

דער טאַטע איז אַריין אין הויז מיט אַ פריילעכן „גוט שבת".

— אַן אָן אורח? — האָט די מאַמע געפרעגט מיט פאַרדראָס.

— איידער איך האָב מיך רעכט אַרומגעקוקט — האָט דער

טאַטע געזאָגט — האָבן די באַלעבאַטים צעכאַפּט די עטלעכע אורחים.

ער האָט געמאַכט קידוש, זיך געוואַשן צום עסן, געזאָגט אַ ברכה איבער דער חלה און אָנגעשניטן פאַר יעדערן אַ מוציא.

די מאַמע האָט דערלאַנגט צום טיש געפילטע פיש, לאָקשן מיט יויך, הון און מערן־צימעס. דער טאַטע האָט ביי איר געפרעגט:

— ווי פילסטו זיך?

האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און שטיל געענטפערט:

— געלויבט דעם אויבערשטן!

אָפּגעגעסן, איז זי געבליבן זיצן ביים טיש אַ מידע. די אויגנ־דעקלעך האָבן זיך ביי איר געקלעפּט, ווי ביי אַ הינדל. זי האָט איינגעדרימלט. די לעצטע גאָלדענע פלעמלעך פון די צאַנקענדיקע ליכט האָבן זיך געלאָשן און געשאָטנס מיין מאַמעס בלייך פּנים. דער טאַטע האָט אונדז שטום אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף די ליפּן, מיר זאָלן נישט טומלען, נישט איבערצוואַועקן די מאַמען.

נאָך אַ צען מינוט שלאָף האָט זי זיך פּלוצעם אויפגעכאַפּט און מיט ברייט־צעעפנטע אויגן האָט זי אונדז אָנגעקוקט צעשראָקן, און מיט אַמאָל — ווי זי וואָלט באַגריפן עפּעס אַ שרעקלעכע זאַך — האָט זי זיך צעוויינט מיט אַ פאַרשטיקטן יאָמער.

מיר האָבן זיך אַלע דערשראָקן, געוואָלט וויסן וואָס עס באַ־דייט איר פּלוצעמדיקער אויסברוך. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז זי האָט געהאַט אַ שלעכטן חלום. האָט דער טאַטע איר געבעטן, זי זאָל דערציילן וואָס ס'האָט זיך איר געחלומט. האָט זי געענטפערט, אַז קיין שלעכטן חלום טאָר מען נישט דערציילן, און האָט געוויינט.

דער טאַטע איז געווען אַ גערער חסיד, האָט ער איר געראָטן צו פאָרן צום גערער רבין, זאָל זי דעם רבין דערציילן דעם חלום, און דער צדיק וועט שוין פּותר־חלום זיין.

דאָס האָט זי אויך נישט געוואָלט. זי האָט שפּעטער צוגעזאָגט אַריינצוגיין צו דעם ראַדאָמסקער רבין, ר' יחזקאלן. אַ גאַנצע וואָך איז זי אַרומגעגאַנגען ווי אין טיפן חלום. דורך פייכטע אויגן האָט זי געקוקט אויף אירע קינדער, זיי געצוואָגן די קעפּלעך, באַקוקט די אויערן, געוואַשן די העלדזלעך, צוגענייט קנעפּלעך צו די קלייד־

לעך, געלאָזט פֿאַרריכטן די שיכעלעך. צו מיר האָט זי אַ זאָג גע־טאָן:

— קום, שרהלע, איך וועל דיך לערנען איבערציען די פּערע־נע מיט די קישנס.

איך האָב נישט געוואָלט. איך בין ווי אַלעמאָל געווען גרייט, נאָך אַ טאָג לערנען, אַרויסלויפֿן אין גאַס זיך שפּילן מיט די קינדער. האָט זי מיך פֿאַרהאַלטן און געזאָגט:

— שרהלע, דו ביסט די עלטסטע שוועסטער, קיין עין־הרע שוין באַלד אַ כלה־מיידל פֿון אַריבער צען יאָר. טאָמער, חלילה, מאַכט זיך עפּעס מיט דיין מאַמען, דאַרפֿסטו פֿאַרנעמען איר אָרט.

אַ פּחד, עפּעס אַן אומבאַוואוסטער שרעק איז מיך באַפֿאַלן. איך האָב אין אַנגסט געפֿרעגט:

— מאַמעשי קרוין, פֿאַרוואָס רעדסטו רייד וואָס טוען מיך שרעקן?

— מיין קינד, — האָט זי אַרויפֿגעלייגט איר האַנט אויף מיין אַקסל, — איך וויל דיך לערנען זיין אַ באַלעבאָסטע, ס׳מאַכט זיך אַמאָל אַ מאַמע איז קראַנק, דאַרף די עלטסטע טאָכטער קענען טאָן דער מאַמעס אַרבעט, אַ באַלעבאַטיש קינד דאַרף אַלץ קענען, און אַ מאַמע מוז לערנען.

איך האָב אַלץ נאָכגעטאָן וואָס די מאַמע האָט מיך געלערנט, כ׳האָב אַרויף־ און אַראָפּגעצויגן די ציכלעך פֿון די קישנס, און זי האָט אַלץ געזאָגט:

— ניין, נישט אַזוי, נאָכאַמאָל... אָט אַזוי, נאָכאַמאָל.

ביז זי האָט זיך נחתדיק צעשמייכלט און פֿריידיק אויסגערופֿן:

— אָט אַזוי איז פֿיין... גאָר פֿיין, שרהלע... נו, גענוג אויף היינט. איצט קאָנסטו זיך שוין גיין שפּילן.

דורך דער גאַנצער וואָך איז זי אַרומגעגאַנגען אין אַ טיפֿער מרה־שחורה. זי איז געווען ביים רבין; געגאַנגען אויפֿן הייליקן אָרט; אַריינגעוואָרפֿן אַ קוויטל אין שטיבל, וואו עס רוען די גרויסע צדיקים; געווען אויף די קברים פֿון אירע צוויי טויטע קינדער און דער עלטער־באָבען; אַהיימגעקומען מיט פֿאַרוויינטע אויגן און גע־פֿאַסט אַ תּענית. זי איז אָבער אויף איין האָר נישט מונטערער גע־

וואָרן. ווי אַ שאָטן האָט זי געשלייכט איבערן הויז, שטיל געהאַלטן אין איין אַרבעטן, זיפצען און וואָרפן געלט אין ר׳ מאיר בעל־הנס־פּושקע.

***

אויפן צווייטן פרייטיק־צו־נאַכטס נאָך דער מאַמעס חלום, האָט דער טאַטע אַהיימגעבראַכט צוויי אורחים פונעם שטיבל. די מאַמע האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט די געסט. זיי באַדינט מיט גרויס כבוד. ביים אַוועקגיין האָט זי די אורחים מיטגעגעבן אַ פּעקל עסן.

אין מיטן־נאַכטיקן, טיפן שלאָף האָט אַ מוראדיק קרעכצען מיך אויפגעוועקט. איך האָב אַ דערשראָקענע געעפנט די אויגן. צו מיין גרויס איבערראַשונג האָב איך דערזען ווי דער טאַטע רייבט אָן אַ שוועבעלע און צינדט אָן די נאַפט־לאָמפּ.

— טאַטעשי! — האָב איך ווי נישט מיט מיין קול אויסגע־רופן — עס איז דאָך שבת! מען טאָר נישט!

— די מאַמע איז חרוב, וועק אויף די שכנה, איך לויף נאָך אַ דאָקטאָר! — און ער איז אַרויסגעלאָפן פון הויז.

איך בין מיט אויפגעריסענע אויגן צוגעלאָפן צו דער מאַמעס בעט. זי איז געלעגן אין אַ טייך בלוט, דאָס פּנים ווייס ווי קאַלך.

— מאַמעשי, טייערע, איך האָב מורא, — האָב איך זיך אַראָפּ־געלאָזט לעבן איר בעט, — גיי נישט אַוועק פון אונדז... לאָז אונדז נישט איבער... — האָב איך אַ האַלב פאַרחלשטע ביי איר געבעטן.

איך האָב דערפילט אירע אייז־קאַלטע פינגער גלעטן מיין פּנים. אירע פאַרגלייזטע אויגן האָבן געקוקט און ווי נישט געזען; אירע בלייכע ליפּן האָבן שטיל געשעפּטשעט:

— איך גיי נישט אַוועק, איך וועל מיט אייך זיין... אַלעמאָל זיין צוזאַמען... מיט מיינע אָרעמע שוואַלבן.

איך האָב שטיל געוויינט.

זי האָט שווער געאָטעמט. אַ ווינט האָט געבלאָזן פון אירע נאָזלעכער.

— איך וועל דיך נישט פאַרלאָזן, שרהלע... וויין נישט — האָט זי מיט אַ געדעמפּט קול געפּליסטערט. — גיי נאָך דער שכנה!

איך האָב מיך אַ ריס געטאָן פון בעט. מיט אימפּעט זיך גע־לאָזט צו דער שכנה באַשע. איך האָב אויפגעוועקט דעם גאַנצן הויף שכנים. באַלד איז אונדזער הויז פול געווען מיט ווייבער. אָבער קיין דאָקטאָר איז נאָך אַלץ נישט געווען. זיי האָבן נישט געוואָלט אַרויסקריכן פון וואַרעמען בעט אין אַ שפּעטער, רעגנ־דיקער נאַכט.

ענדלעך איז דער טאַטע צוריקגעקומען מיט מלכה די הייבאַם, אַ ברייטע יידענע פון אַ יאָר זעכציק. זי האָט געהאַלטן אין האַנט אַ קליין רענצל, האָט זיך באַוועגט פויל און בייז געברומט, אַז מען האָט איר נישט געדאַרפט רופן אין אַזאַ וועטער, ווייל די קימפּעטאָרין איז נאָך נישט אויף דער צייט און קיינער האָט נישט קיין רחמנות אויף אַ ווייסטער, אָרעמער אלמנה. נאָר קוים איז זי צוגעגאַנגען צו דער מאַמעס בעט, האָט זי פאַרבראָכן די הענט און אַ געשריי געטאָן:

— אוי אַן אומגליק, אַ בלוט־שטורץ! געשווינד וואַטע, גיט מיר אַהער האַנטעכער, קאַלט וואַסער, אַ שיסל!... הייס וואַסער!...

די ווייבער האָבן זיך געפּאָרעט, געזאָגט אַז די מאַמע דאַרף האָבן גרויס רחמים, זי זאָל בלייבן לעבן. מיך האָבן זיי אַרויסגע־טריבן פון דער מאַמעס שלאָף־צימער, און מיך געהייסן בעטן פאַר דער מאַמעס געזונט ווערן.

איך בין אין גרויס ציטערניש געלאָפן צום בית־המדרש. מיינע לייכטע קינדישע טריט האָבן אָפּגעהילכט אין די פּוסטע, נאַכטיקע געסלעך. מיר האָט זיך כסדר אויסגעדאַכט, אַז שדים יאָגן מיך נאָך. פון וואָלקנדיקן הימל האָט געגאָסן אַ רעגן. מיינע האָר זיינען גע־וואָרן נאַס. די טראָפּנס זיינען גערונען איבער מיין פּנים, זיך אויס־געמישט מיט מיינע טרערן, וואָס האָבן זיך אָן אויפהער געגאָסן פון מיינע אויגן. אין בית־המדרש האָב איך שוין געטראָפן מיין טאַטן צוזאַמען מיט אַן עדה יידן זאָגן תהילים.

פון בית־המדרש בין איך געלאָפן אויפוועקן די משפּחה. די באָבע האָט מיך פאַרהאַלטן און נישט געלאָזט גיין אַהיים. איידער זי איז אַוועק, האָט זי אָנגעזאָגט דעם זיידן, ער זאָל מיך נישט אַרויס־לאָזן פון הויז, ביז עס וועלן זיך נישט אויסטריקענען מיינע נאַסע

קליידער. דער זיידע האָט אויף מיר אָנגעשטעלט אַ פּאָר מאָנענדיקע, דורכדרינגענדיקע אויגן און מיט אַ וויינענדיק קול הויך געזאָגט תהילים. אַ ציטער איז מיר אַדורך איבערן לייב. איך האָב מיך דערפילט נישטיק און זינדיק פאַר קומען צום זיידן בעטן אויף אַ יינגל, האָב איך זיך אַ צעמישטע געשלייכט פון איין שטוב אין דער צווייטער.

ווען איין דרויסן האָט גענומען גרויען אויף טאָג, בין איך מיט אַ קלאַפּענדיק האַרץ געלאָפן אַהיים. איך בין געבליבן שטיין הינ־טערן פענצטער. איך האָב מורא געהאַט אַריינצוגיין אין הויז. עס האָבן זיך צו מיר דערטראָגן פאַרשטיקטע קולות. בין איך מיט אונטערגעהאַקטע פיס אַריין אין שטוב און דערזען אַ סך מענטשן שטיין אַרום דער מאַמעס בעט, אימיצער האָט גערופן, געשריגן:

— פריידע־ריווע, עפן די אויגן! אויף וועמען לאָזטו איבער דיינע קינדער?

אימיצער האָט מיך צוגעשטופּט צום בעט.

— מאַמעשי, מאַמעשי! — האָב איך געשריגן.

מיין מאַמע האָט מיט געוואַלד אויפגעריסן די פאַראַליזטע אויגן, מיך לאַנג אָנגעקוקט, געפּרוּווט עפּעס זאָגן, געעפנט דאָס מויל, נאָר קיין שום קלאַנג איז נישט אַרויסגעקומען. אירע אויפגע־ריסענע אויגן האָבן זיך פאַמעלעך פאַרמאַכט — פאַרשלאָסן אויף אייביק.

דאָס איז געווען שבת אינדערפרי.

**
*

שבת אין דער שפּעטער נאַכט, און אויך זונטיק גאַנץ פרי, האָבן געהאַלטן אין איין צופאָרן צום הויז פורלעך און בריטשקעס. זיי האָבן געברענגט פעטערס און מומעס פון די אַרומיקע שטעט־לעך. פון אַרום און אַרום זיינען געקומען קרובים און פריינט. מיט אַ הייליקן ציטער האָבן זיך אַלע געגרייט צו דער טויטערס קימ־פּעט, וואָס האָט געדאַרפט פאָרקומען איידער מען גייט צו דער לוויה.

די מאַמע איז געלעגן אויף דער ערד צוגעדעקט מיט אַ ווייס

ליילעך. אויף איר הויכן בויך איז געשטאַנען אַ שווערע, קופּערנע פּאַן. ביי איר צוקאָפּנס האָט געברענט אַ ליכט. די שפּיגלען זיינען געווען פאַרהאַנגען. דער וואַנט־זייגער האָט געשטומט. אויפן טיש האָבן געברענט ליכט. יידן אין טליתים האָבן זיך פרום געשאָקלט איבער אָפענע סידורים. דער רב און משה חיים סופר זיינען גע־שטאַנען אויבנאָן אין ווייסע קיטלען. משה חיים האָט געהאַלטן אין האַנט אַ שופר.

אין דער צווייטער שטוב זיינען געווען פאַרזאַמלט די ווייבער. זיי האָבן מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, מיט אַנגסט און שרעק, זיך איינגעהערט צו יעדן שאָרך וואָס איז געקומען פון משפּט איבער מיין טויטער מאַמען, פון וועלכער די פרומע יידן האָבן געפאָדערט אַז זי זאָל אָפּגעבן דאָס קינד...

משה חיים סופר האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש:

— זאָל זיין שטיל!

דער רב, ר' מענדעלע גושניצער, האָט זיך טיפער איינגעוויקלט אין זיין ווייסן קיטל, און זיך וויגנדיק צום ניגון פון זיינע ווערטער, האָט ער פון מיין מאַמען געמאָנט:

— פריידע־ריווע בת שלמה, דו, טאָכטער פון אַ גרויסן למדן און אַן אייניקל פון אַ גרויסן יידן, ר' הערש וואָלף, ז"ל, מיר באַ־פעלן דיר אָפּצוגעבן דאָס קינד מיט גוטן, וואָרעם עס איז אַ גרויסע זינד און אַ בזיון מיטצונעמען אין אייגענעם לייב אַ נישט־געבוירענע נשמה!... טייל אָפּ דאָס קינד פון דיין גוף, און דו וועסט אַ גע־לייטערטע קומען אין גן־עדן!...

אַלעמענס בליקן זיינען געווען געווענדט צום מת. אַ שטיל כליפּען האָט זיך געהערט פון די ווייבער:

— אוי, מיר דאַכט זיך אַז זי רירט זיך! — האָט קיילע די טיקערין אַ שטורכע געטאָן מיין באָבען.

— זאָל דאָרטן זיין שטיל! — האָט משה חיים סופר אַריינ־געשריגן צו די ווייבער.

ר' מענדעלע גושניצער האָט ווייטער גערעדט צו מיין מאַ־מען:

— מיר זאָגן דיר צו, אַז אויב דו וועסט אָפּגעבן דאָס קינד,

וועלן מיר דיר עס מיטגעבן אין קבר אַריין. דו וועסט זיך נישט דאַרפן דערמיט שיידן, נאָר בלויז זיך דערפון אָפּטיילן!...

עס איז געווען מוראדיק שטיל. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ זשומען פון אַ פליג, אַ כליפּן פון די ווייבער. אַלעמענס אָנגעשטרענגטע בליקן זיינען אין גרויס פּחד געווען געווענדט צו מיין טויטער מאַמען.

מיין זיידע, וועלכער איז געווען אַ גרויסער למדן, איז די גאַנ־צע צייט געווען קעגן דעם משפּט. בית־דין און קהל האָבן זיך אָבער אַריינגעמישט, און האָבן אָן מיין זיידנס צושטימונג אויסגע־פירט דעם משפּט. אויך מיין טאַטע, אַ דערשלאָגענער, איז איינגע־גאַנגען. אויך ער האָט זיך נישט געוואָלט שטעלן קעגן בית־דין, קעגן קהל..

דער זיידע איז געשטאַנען אָן אָפּגעזונדערטער אין אַ ווינקל פון שטוב. איינגעטונקען אין גרויס צער און ווייטיק, האָט ער גע־האַלטן אין איין צעפּירן מיט די הענט די גרויע באָרד און זיך גלעטן די פּיאות.

אַז דעם רבס טענות און בעטן ביי מיין מאַמען האָט אַלץ נישט געהאָלפן, האָט ער באַפוילן משה חיימען צו בלאָזן שופר. אַ צי־טערדיקער מורמלען האָט זיך דורכגעטראָגן דורך דער פאַרשטיקטער לופט:

— תקי — עה — — — —

און באַלד האָט אַ ראש־השנהדיקער שופר־בלאָזן זיך צעטראָגן איבער די שטובן און איז אַרויס אויפן הויף, וואָס איז געווען שוואַרץ פון מענטשן.

— שב — רים — — — — תרו — עה — — — — — — האָט דער רב ווייטער אונטערגעזאָגט משה חיימען.

אַ פּחד איז אַלעמען באַפאַלן. אַ מוראדיק געוויין איז אויס־געבראָכן צווישן די ווייבער.

— תקי — עה־גדו — לה — — — — — האָבן דעם רבס ליפּן ווייטער געציטערט.

אָבער פּלוצעם האָט זיך מיין זיידע אַרויסגערוקט פון זיין ווינקל. זיין דאַרער גוף האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעצויגן און איז

עפּעס העכער געוואָרן. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש; די ליכט האָבן זיך אַ וואַקל געטאָן; און מיט אַ האַרב, שטרענג קול האָט ער באַפוילן:

— הערט אויף! הערט אויף! מאַטערט איר נישט! טוט איר נישט אָן קיין חרפּות! זי איז נישט געווען אויף דער צייט און קאָן אייך דאָס קינד נישט אָפּגעבן! אַ גרויסע צדיקת איז זי גע־ווען. זאָל איר כשרע נשמה, צוזאַמען מיט איר נישט־געבוירן קינד רוען אין ליכטיקן גן־עדן! — און ער איז צוגעגאַנגען צו משה חיימען, אים אַרויסגענומען דעם שופר פון האַנט און אויסגערופן:
— ווייבער, נעמט אייך טאָן איר רעכט און לאָמיר גיין צו דער לוויה!...

***

אַהיימגעקומען פון דער לוויה, האָב איך מיין מאַמען נאָך אַלץ געזען אין יעדן ווינקל פון שטוב; געהערט איר קול אין יעדן גערויש פון די ביימער; אין פייף פון ווינט; אינעם זידן פון טשייניק אויף דער קיך; אין יעדן שטילן שאָרך פונעם אַרום האָב איך געהערט אירע רייד...

עס זיינען אַוועק טעג און וואָכן, אָבער פאַר מיר איז מיין מאַ־מע נאָך אַלץ נישט געווען טויט. זי איז מיר אומעטום און כסדר נאָכגעגאַנגען, איבער מיר געוואַכט און מיך געטרייסט. אין די נעכט, ווען מוראדיקע ווינטן האָבן זיך צעיאָמערט, בין איך אַראָפּ פון מיין געלעגער, האָב שטיל געעפנט דאָס פענצטער און האָב גלייך דערהערט מיין מאַמעס קול:

— שרהלע, טו אָן דאָס וואַרעמע קאַפּטאַנדל, דו קאָנסט זיך נאָך חלילה פאַרקילן... זאָלסט אַכטונג געבן אויף חוהלען און טשי־פּעלען... זאָלסט צוזען אַז זיי זאָלן עסן דאָס עסן און טרינקען די מילך...

איך האָב זיך פאַרטרויט פאַר מיין טאַטן:

— ווייסט, טאַטע, איך רעד יעדע נאַכט מיט דער מאַמען!...

האָט מיין טאַטע מיר געענטפערט:

— מיין קינד, דיין מאַמע איז איצטער ווייט אָפּגעשיידט פון

אונדז. זי איז אין ליכטיקן גן־עדן און דו הער אויף רעדן נאַריש־קייטן!...

האָב איך אים פאַרזיכערט:

— יאָ... ס'איז אמת!... איך רעד מיט איר!...

איז מיין טאַטע געוואָרן טרויעריק:

— איך וועל דיך מיטנעמען צום רבין...

האָב איך מורא געקראָגן אַז דער רבי וועט מיך פון מיין מאַמען צעשיידן און האָב שוין מער וועגן מיינע זעאונגען און שמועסן מיט דער מאַמען נישט דערציילט...

איך בין שטאַרק קראַנק געוואָרן און אַ צייט געשוועבט צווישן לעבן און טויט. די גאַנצע צייט פון מיין שלאָפקייט, האָט זיך מיין מאַמע אַרומגעפּאָרעט אַרום מיין בעט. זי האָט מיר געגעבן מע־דיצין; געקאָכט יאַיכלעך; צוגעלייגט מיר קאָמפּרעסן צום קאָפּ און מיר איינגעריבן ס'לייב מיט זאַלבן און קרייטעכצער.

ווען איך האָב געעפנט די אויגן, זיינען ביי מיין בעט געווען די באָבע, דער טאַטע און ד"ר מיטעלמאַן. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט אַז דער קריזיס איז שוין אַריבער און אַז איך וועל איינגיכן געזונט ווערן.

ערשט ווען איך בין אויפגעשטאַנען פון מיין קראַנקהייט אַ גע־היילטע, האָב איך צום ערשטן מאָל באַגריפן אַז איך בין אַ יתומה און אַז מיין מאַמע איז טויט — — — — — — — —

# די מחילה

די אַנדערע, גרויסע הײם פון אונדזער פאַרצווײַגטער משפחה, איז געווען דער מומע שפּרהלעס און דעם פעטער יואלס, דעם קרושניצער שוחט. „קרושניצער" האָט מען אים גערופן, מחמת זײַנע עלטערן האָבן אַמאָל געוואוינט אין קרושניצע. פּונקט ווי מיר קינדער פלעגן זיך רײַסן איבער אַ שטיקל ראָזאָווע ברויט אין דער איבערגעפּאַקטער שטוב מיט דרײַצן קינדער, בײַ די מומע חוה, אַזוי האָבן מיר זיך מיט דער זעלבער זשעדנעקייט געריסן איבער די קאָלירטע צוקערלאַך וואָס די מומע שפּרהלע פלעגט אונדז אויסטיילן באַלד ווי מיר האָבן זיך נאָר באַוויזן אויף איר שוועל. און געקומען זײַנען מיר קינדער דאָרטן אַהין נישט עסן — נאָר נאַשן.

אָבער נאָך מער ווי צו די קאָלירפולע צוקערלאַך, קאַרמעלקעס און שאָקאָלאַדקעלעך האָט אונדז געצויגן אַהין צו געגענדל די דינסט. זי פלעגט פאַר אונדז דערציילן מוראדיקע מעשיות פון וואַלד־גזלנים, פּיפּערנאָטערס און מתים וואָס שטייען אויף נאָך האַלבער נאַכט פון זײַערע קברים, דרייען זיך אַרום ווי שאָטנס צווישן די לעבעדיקע און קיינער קאָן זיי נישט זען. זיי אָבער זעען אַלץ. זיי דערלאַנגען פּעטש צו די וואָס זינדיקן... איך געדענק עס קלאָר, ווי איין מאָל בין איך אויפגעשטאַנען אין מיטן דער נאַכט, אין דער פינצטער זיך געלאָזן גיין צו דעם באַהאַלטענעם בעקן מיטן פריש־אָפּגעבאַקענעם פלאָדן — די מאַמע האָט אונדז געהאַט אַנגעזאָגט, למען־השם, זיך דערצו נישט צוצורירן, ווײַל עס דאַרפן קומען געסט אויף שבת — האָט פלוצעם, אַזוי ווי איך האָב זיך אַזוי געפּאָרעט בײַם בעקן, אָפּגעקלונגען אַ הילכיקער פּאַטש אויף מײַן באַק... איך האָב זיך אַרומגעקוקט און קיינעם נישט געזען. אַלע זײַנען, פּונקט ווי פריער, געשמאַק געשלאָפן...

איך האָב, פאַר גרויס שרעק, זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. פון מיין ברייט־אויפגעריסן מויל איז נישט אַרויסגעקומען קיין קלאַנג. איך האָב זיך קוים דערשלעפּט צו מיין בעטל, און ווי נאָר עס איז געוואָרן טאָג, בין איך געלאָפן צו גנענדלען און איר דער־ציילט פון מיין מוראדיקער נאַכט. גנענדל האָט נישט לאַנג גע־טראַכט און אַ זאָג געטאָן:

— דאָס איז געווען אַ פּאַטש פון אַ שאָטן וואָס האָט געוואַכט און געזען אַז דו גנבעסט.

דעם קרושניצער שוחטס הויז האָט אין שטעטל געשמט מיט רחבות און צדקה. אָרעמעלייט פלעגן ציען אַהין פון נאָענט און פון ווייט. הונגעריקע זיינען פון דאָרט אַוועק זאַטע. כּלות פלעגן דאָרטן אייננלייגן זייערע נדנס. קרעטשמערס און גזלען — זייערע אָפּגעשפּאָרטע פּאַרמעגנס.

דעם פעטער יואלס הויז איז געווען זיין אייגנס. אַ געמויערטע נחלה, מיט אַ באַלקאָן צו דער גאַס. עס זיינען דאָרטן געווען פיר שטובן, אַ רחבותדיקע סאַלע, און אַ גאַר גרויסע קיך.

דער גרויסער, איינגעמויערטער אויוון איז אַלעמאָל געווען באַשטעלט מיט גרויסע, אייזערנע טעפּ, וואָס האָבן געזעצט מיט פּאַרע און אַרויסגעלאָזן באַטעמטע ריחות פון געשמאַקע געקעכצן. מען האָט דאָרטן כּמעט תּמיד געפּרעגלט איינגעמאַכצער; געפּליקט הינער; געשניטן לאָקשן; אַ קיך — אַ פאַבריק.

גלייך ביים הויז, איז געווען צוגעבויט אַ לאַנגע שטוב, ווי אַ שטאַל, וואָס האָט געדינט פאַרן שעכט־הויז. דאָרטן האָט דער פעטער יואל פיר מאָל אַ וואָך געשאָכטן עופות און איין מאָל אין וואָך איז ער אַוועק אין גרויסן שעכט־הויז, הינטער דער שטאָט, וואו ער פלעגט קוילען בהמות.

די מומע שפּרהלע און דער פעטער יואל האָבן געהאַט פינף קינדער. פיר זין און איין טאָכטער. דריי האָבן געלערנט אין ישיבה. דער ייִנגסטער, דער צען יאָריקער יאַנקעלע, האָט גע־לערנט ביי אַ גמרא־מלמד. די עלטסטע פון די קינדער איז געווען די טאָכטער, טשיפּעלע. זי איז געווען אַ געראָטענע, פון הויכן וואוקס, מיט אַ פעסט־געבויטער פיגור און אַ ווייסע, קלאָרע הויט.

אויף איר בלייכן פּנים האָט געמיניעט אַ ראָזע פאַרב. פון איר קאָפּ מיט געדיכטע, שוואַרצע האָר האָט אַרויסגעלויכטן אַ פּאָר גרויסע, בלאָע אויגן.

טשיפּעלע האָט געקאָנט שיין זינגען. זי האָט געשמט מיט איר בריהשקייט, מיט איר נייען און העפטן. זי האָט אויסגענייט מיט גאָלדענע און זילבערנע פעדעם פּרוכתן און מענטעלעך צו ספר־תּורהס. און אַז טשיפּעלע פלעגט זיך צעזינגען, האָט איר קול געטרילט און געכישופט ווי אַ פייגעלע.

מען האָט טשיפּעלען גערעדט אַ סך שידוכים, און אויסגעקליבן האָבן פאַר איר טאַטע־מאַמע אַ בחור, אַן עילוי. ער האָט געשטאַמט פון אַ לאַנגער קייט רביים. גערופן האָט מען אים שלמהלע דעם מורה־הוראהס. געקומען איז ער פון ערגעץ ווייט.

טשיפּעלע האָט איר חתן נישט געזען ביז צו דער חתונה. ווען זי האָט אויך אים אַ קוק געטאָן אונטער דער חופּה, האָט אַ מאַטע רויטקייט זיך צעגאָסן אויף איר פּנים און זי האָט פאַרשעמט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ.

שלמהלע איז געווען אַ הויכער, אַ דינער, מיט אַן איידל פּנים און טיפע, ברוינע אויגן. פון אונטערן שטריימל האָבן זיך אַרויסגעזען זיינע שוואַרצע, דינע האָר, ווי זייד. זיינע לאַנגע פּיאות האָבן געגלאַנצט ווי זיין אַטלעסענע זשיפּעצע.

דער פעטער יואל האָט אַריינגענומען דעם איידעם צו זיך אין הויז אויף פינף יאָר קעסט. מען האָט דעם יונגן פּאָרפּאָלק אָפּגעגעבן אַ באַזונדער שטיבל מיט נייע מעבל. שלמהלע איז דאָרטן כסדר געזעסן און געלערנט. עס איז אויך באַשטימט געוואָרן אַז דער שווער וועט אים לערנען שחיטה.

ווען דאָס ערשטע קינד איז ביי דעם יונגן פּאָרפּאָלק געבוירן געוואָרן, איז מיין מומע שפרהלע געוואָרן אַ באָבע און אונדזער באָבע חיה אַן עלטער־באָבע. עס איז געפּראַוועט געוואָרן אַ ברית, ווי אַ חתונה, און מיר, קינדער, זיינען די גאַנצע וואָך נישט געגאַנגען אין חדר. מיר האָבן כסדר געהוליעט.

ווען שלמהלע איז געוואָרן אַ טאַטע, האָט ער זייער ערנסט גענומען לערנען די דינים פון שחיטה. ער האָט געטראַכט פון אַ

תכלית; וועגן ווערן אַ באַלעבאָס מיט אַן אייגענער היים; און ער האָט שוין, גאָר באַצייטנס, גענומען רעדן מיט זיין ווייב וועגן דעם, אַז מען דאַרף געוואָר ווערן אין וועלכן שטעטל מען זוכט ערגעץ אַ שוחט.

דאָס קינד, ברוכל, האָט זיך אָבער שווער געכאָוועט. ער האָט כסדר געקרענקט. די יונגע מאַמע און זיין באָבע פלעגן אים אַלע ווילדע מוזן אָפּשפּרעכן עין־הרעס; שמירן זיין גופל מיט פאַר־שיידענע זאַלבן; אָנפּאָיען אים מיט אַלערליי פאַרבריטע קרייטעכ־צער וואָס באָבעס האָבן נאַראַיעט. יעדן פאַרנאַכט, האָט מען ברוכלען אויסגעלעקט די אייגעלעך, אויסגעשפּיגן דריי מאָל, — אַ סגולה קעגן אַ בייז אויג.

ווען די מאַמע און די באָבע פלעגן מיד ווערן, האָט גענענדל, די דינסט, געוואַכט איבערן קינד. זי פלעגט גאַנצע נעכט זיצן איבער זיין וויגל. אים וויגן און הוידען. און טאָמער האָט דאָס נישט געהאָלפן, דאָס קינד האָט אַלץ געוויינט, פלעגט זי אים נעמען אויף אירע הענט און מיט אים אַרומשפּאַנען אַזוי לאַנג איבער דער שטוב, ביז ברוכל איז אַ פאַרמאַטערטער איינגעשלאָפן. און ווען גענענדל האָט די ערשטע ביים קינד געפונען אַ ציינדל, האָט זי זיך אַזש צעטאַנצט פאַר פריד.

ווען ברוכל איז שוין באַלד אַ יאָר אַלט געווען, איז ער ווידער שטאַרק קראַנק געוואָרן. מען האָט אים דעמאָלט צוגעזעצט נאָך אַ נאָמען, חיים — צום לעבן; מען איז געפאָרן צו די גרעסטע רביים; מען האָט אויסגעמאָסטן ס׳גוטע אָרט; געבערענגט צו אים דאָקטוירים; אָבער פונקט צום יאָר איז דאָס קינד געשטאָרבן.

דער צער פון דער יונגער מאַמען איז געווען גרויס. ווען נישט דאָס וואָס טשיפּעלע האָט זיך שוין ווידער געריכט אין קימ־פּעט, וואָלט זי גאָר דעם טיפן ווייטיק נישט געווען געקאָנט אי־בערטראָגן. זי האָט כסדר געוויינט און געחלשט און מען האָט זי מורא געהאַט איבערצולאָזן אַליין.

גענענדל, וואָס איז שוין געווען אַ מיידל אין די יאָרן, אַ קליי־נע, אַ דיקלעכע, אָבער מיט אַ פלינקן גאַנג, האָט מיט אַ כוח פון אַ לייב טאָג און נאַכט געוואַכט איבער איר באַלעבאָסטע און זי

אפּגעהיט, גלייך ווי זי וואָלט געווען אירע אַ לייבלעכע שוועס־טער.

אַ וואָך נאָך ברוך חיימלס טויט, איז טשיפּעלע געלעגן גע־וואָרן און געבוירן אַ מיידעלע. מען האָט דעם קינד אַ נאָמען געגעבן ראַצע טעמערל, נאָך דער עלטער־באָבען, וואָס האָט דער־גרייכט אַ גאַר טיפן עלטער.

אין היפּוך צו איר יונג־פאַרשטאָרבן ברודערל, איז ראַצע טע־מערל געווען אַ שיין, געזונט קינד. זי פלעגט זיך זשעדנע צוכאַפּן צו איר מאַמעס בריסט און זויגן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז מען האָט איר שמאָטשקען געהערט איבער אַלע שטובן.

דאָס קינד האָט זיך לייכט געכאָוועט, אַריינגעברענגט אין הויז פרייד און אָנגעפילט די שטובן מיט איר קינדישן געלעכטער און פּלאַפּלען. כמעט אײדער מען האָט זיך אומגעקוקט, איז שוין ראַצע טעמערל געזעסן אויף אַ בענקעלע; צו צען חדשים האָט זי אָנ־געהויבן גיין; און כמעט תמיד האָט זי אין אירע פּוכקע הענטע־לעך געהאַלטן אַ שטיקעלע ברויט, עס געגריזשעט מיט אירע פּאָר ציינדעלעך, און איך געפּאַלדעוועט הענטעלע אירס, איז געווען אַרומגענומען מיט אַ רויט סטענגעלע — אַ סגולה קעגן אַ בייז אויג.

ווען ראַצע טעמערל איז אַלט געוואָרן עלף חדשים, האָט זי צוגעקראָגן אַ ברודערל. די קימפּעטאָרן האָט געווינט פּאַר גרויס פרייד און זי האָט געדאַנקט און געלויבט דעם אויבערשטן, וואָס זי איז ווידער זוכה געווען צו ברענגען אַ קדיש אויף דער וועלט. אָבער ווען ראַצע טעמערל איז שוין באַלד אַלט געווען אַ יאָר, איז זי פּלוצעם פאַרשלאַפט געוואָרן, איז אַריינגעפאַלן אין גרויס היץ און איז געווען חרוב. מען האָט צו איר גערופן די בעסטע דאָק־טוירים, אָבער זיי האָבן גלייך געזאָגט, אַז דאָס קינד איז פאַרביי, אַז זי קאָן נישט בלייבן לעבן, און פּונקט צום יאָר, האָט ראַצע טעמערל פאַרשלאָסן אירע ליכטיקע, בלאָע אייגעלעך.

דאָס רחבותדיקע הויז פון קרושניצער שוחט האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. די גאַנצע, פאַרצווייגטע משפּחה, מיטן זיידן בראש, האָבן אין דעם צווייטן קינדס טויט, וואָס איז, אַזוי ווי דאָס ערשטע,

אַוועק פון דער וועלט פּונקט צום יאָר, דערזען עפּעס אַ צייכן פון אויבן, אַז איבער דעם קרושניצער שוחטס הויז הענגט עפּעס אַ פינצטערע קללה. די מומע שפרהלע האָט באַשלאָסן אַוועקצופאָרן צום ראַדאָשיצער רבין. זי איז שוין פון לאַנג געווען אַ חסידה. ווען זי איז געווען אין עפּעס אַ צרה און זי האָט זיך אַליין נישט געקאָנט קיין עצה געבן, פלעגט זי גלייך אַוועקפאָרן צום ראַדאָשיצער רבין און איז פון דאָרטן אַהיימגעקומען אַ געלייטערטע.

אויך דאָס מאָל איז די מומע שפרהלע אַהינגעפאָרן פול מיט בטחון. דאָך איז איר דאָס האַרץ געווען זייער שווער. זי האָט דאָס מאָל דערלאַנגט דעם רבינס גבאי אַ גרעסערן פדיון ווי אַלע מאָל, און זי האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און שטיל געזאָגט אַ תפילה:

— אַלמעכטיקער באַשאַפער פון אַלע הימלען! בלויז דו און דער הייליקער רבי קאָן מיר העלפן!

ווי נאָר די מומע שפרהלע איז אַריין אין רבינס שטיבל, האָט זי זיך שטאַרק צעוויינט. מיט אַ קול פול מיט צער, האָט זי פאַרן רבין אויסדערציילט ווי עס האַלטן זיך נישט ביי איר טאָכטער די קינדער; ווי פונקט צום יאָר גייען זיי אויס ווי די ליכט.

דער ראַדאָשיצער רבי האָט געהאַלטן זיין קאָפּ אונטערגעשפּאַרט מיט ביידע הענט. פון אונטער זיינע געדיכטע, ווייסע ברעמען האָבן זיינע אויגנדעקלעך זיך געהויבן אַראָפּ און אַרויף. ער האָט אַוועקגעלייגט זיין רויטע פאַטשיילע אויפן אָפענעם ספר. לאַנג געגלעט די ווייסע באָרד. פון זיין געל, פאַרמעט פנים האָבן אַרויסגעשיינט אַ פּאָר צערפולע אויגן, וואָס האָבן ערגעץ געקוקט אין ווייטן רוים. ער האָט זיך נישט אויסגעדרייט, נאָר אַזוי קוקנדיק אין איין פונקט האָט ער מיטאַמאָל שטיל אַ פרעג געטאָן:

— קרושניצער שוחטס ווייב! האָט איר ערגעץ עמעצן וואָס טראָגט אויף אייך אַ שנאה? האָט איר זיך חלילה קעגן עמעצן פאַרזינדיקט? מצער געווען אַ מענטשן?

— הייליקער רבי, מיר זיינען דאָך נישט מער ווי זינדיקע מענטשן — האָט די מומע געווישט אירע אויגן — מיין הויז איז,

ברוך־השם, אַ הויז פון צדקה און תורה; מיר זיינען אויך מקיים די מצווה פון העלפן חתונה מאַכן אָרעמע כלות...

— אפשר אַמאָל אָפּגעלאָזט אַ שידוך? מבייש געווען אַ יתום?

— הייליקער רבי, מיר האַלטן אין אונדזער הויז די יתומה גענענדל ווי אַן אייגן קינד...

דער רבי האָט בייז אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און מיט אַ שטרענג קול אַ זאָג געטאָן:

— איך וויל מער נישט הערן! קרושניצער שוחטס ווייב, גייט אַהיים און טראַכט, דערמאָנט זיך, און מאָרגן באַגינען קומט ווי־דער דאָ אַהער!

די מומע שפּרהלע איז אַרויס פון רבינס חדר אַ צעמישטע; וואָס אַזוינס האָט זי זיך דאָ צו דערמאָנען?!... און צו וואָס הייסט איר דער רבי צוריקקומען מאָרגן אינדערפרי?!... דער רבי ווייסט דאָך וואויל אַז זי וואוינט ווייט פון דאַנען, אַזש אין נאָוואָראַדאָמסק. די נסיעה איז אַ ווייטע. ווי אַזוי קאָן זי זיין מאָרגן באַלד אינדערפרי אין רבינס הויף?!... זי האָט אויפגע־הויבן דעם קאָפּ צום הימל, געזען ווי אַ רויטע זון איז שוין האַלב פאַרגאַנגען אין מערב. באַלד וועט צופאַלן די נאַכט. זי איז דאָ איינע אַליין אין אַ פרעמדער שטאָט. וואָס זאָל זי איצטער טאָן?!...

ווי זי איז אַזוי געשטאַנען אין אירע זאָרגן, איז פּלוצעם לעבן איר אויסגעוואַקסן אַן אָרעמאַן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. זי האָט פון קעשענע אַרויסגענומען אַ זעקסער און אַריינגעלייגט דעם אָרעמאַן אין האַנט אַריין. דער ייד האָט געקוקט אויף דער מטבע מיט גרויס חידוש און געפרעגט:

— אַ פרעמדע, האַ?

— יאָ.

— איר דאַרפט אפשר אַן אכסניה?

די מומע שפּרהלע האָט אַ פאַרוואונדערטע אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ און זיך געכאַפּט אַז דאָס איז אייגנטלעך איר

איינציקער אויסוועג, דאָ איבערנעכטיקן אין אַן אכסניה און טראַכטן, אפשר וועט זי זיך פאַרט אין עפּעס דערמאַנען...

זי האָט זיך געלאָזן פירן פון דעם אָרעמאַן, און אַזוי גייענדיק געטראַכט, זיך געגריבלט אין איר זיכרון, אפשר האָט זי זיך טאַקע אַמאָל קעגן עמעצן פאַרזינדיקט?...

— אָט איז שאַיע ניסעלעס אכסניה! — האָט איר דער אָרעמאַן אָנגעוויזן.

שפּרהלע האָט זיך אויסגעדרייט, געזעגן אַ ווייס, געבויט הייזל מיט אַ סך פענצטער, אַ גרויסע, אָפענע טיר. זי האָט דעם אָרעמאַן געגעבן נאָך אַ מטבע, באַדאַנקט פאַר זיין טירחה און איז אַריין אין דער אכסניה.

שאַיע ניסעלע האָט זי געפרעגט צי זי וויל עפּעס עסן. האָט זי זיך ערשט געכאַפּט אַז זי האָט נאָך היינטיקן טאָג קאַ' ביסן ברויט אין מויל נישט געהאַט. האָט זי באַשטעלט עפּעס איבער־צוכאַפּן; זיך געוואַשן; געמאַכט פרום אַ ברכה און עפּעס איבער־געביסן.

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. די באַלעבאָסטע, די ניסעלאָווע — ווי מען האָט זי גערופן — האָט איר אָנגעוויזן איר שטיבל, אַ קליין אַלקערל, מיט אַ האַלצערנער בעט, באַדעקט מיט אַ גרויסער פּע־רענע און אַ גרויסן שטויס קישנס. אויף אַ קליין טישעלע איז גע־שטאַנען אַ פאַרצעלייענע שיסל מיט אַ קרוג וואַסער, אויף צו וואַשן זיך, אויף אָפּצוגיסן די נעגל.

שפּרהלע האָט געלייענט קריאת־שמע; אויסגעדרייט דאָס פּי־צעלע נאַפט־לעמפּעלע וואָס די ניסעלאָווע האָט געהאַט אָנגעצונדן און זיך געלייגט שלאָפן.

זי האָט פאַרמאַכט די אויגן, אָבער זי איז געלעגן וואַך. זי האָט כסדר געזוכט זיך צו דערמאַנען, אפשר איז זי פאַרט אַמאָל באַגאַנגען קעגן עמעצן עפּעס אַ זינד, אַן עוולה... אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, האָבן פאַר איר גענומען אויפטויכן שוין לאַנג־פאַרגעסענע געשטאַלטן פון מענטשן, פון ווייטע און נאָענטע קרובים און פריינט. זי האָט אַרויסגערופן די טויטע פון די קברים און די לעבעדיקע פון די וויטסטע ווינקלען. שוין לאַנג־

פאַרגעסענע געשעענישן האָבן זיך פאַר אירע אויגן גענומען פאַנאַנדערוויקלען, ווי פון אַ קאָלערל דער פאָדעם.

עס איז שוין לאַנג געווען נאָך האַלבער נאַכט. דאָס שטעטל איז געווען פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. אָבער שפּרהלע איז נאָך אַלץ געלעגן אין בעט, צווישן וואָך און דרימל. אירע אויגנדעקלעך האָבן זיך איר געשלאָסן, נאָר באַלד האָט זי זיי מיט געוואַלד אויפגעריסן און מיט פרישע כוחות געזוכט אויפצולעבן לאַנג־פאַרגעסענע זכרונות.

מיטאַמאָל האָט עפּעס אויפגעבליצט אין איר האַלב־פאַרשלאָפענעם מוח. זי האָט זיך האַסטיק אויפגעזעצט, אָפּגעדעקט די פערענע ווי צום לויפן ערגעץ, אָבער זי איז געבליבן זיצן אויפן ברעג פון בעט, מיט אַראָפּגעלאָזענע נאַקעטע פיס, און האָט אַ דערשראָקענע אויסגערופן:

— אוי! די באָבע ראַצע טעמערל, ע״ה!... רבונו־של־עולם! — האָט זי געבראָכן די הענט — ווי אַזוי האָבן מיר דאָס ביז איצטער פאַרזען?!...

און אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, האָט פאַר דער מומע שפּרהלע אויפגעטויכט די געשטאַלט פון דער עלטער־באָבע, ראַצע טעמערל, נאָך וועמען איר אָקערשט פאַרשטאָרבן אייניקל האָט געהייסן. יאָ, יאָ, זי דערמאָנט זיך גענוי: ווען איר טאָכטער, טשיפּעלע, איז קוים אַלט געווען ניין יאָר, איז שוין די באָבע ראַצע טעמרל, איר מאַמעס מאַמע, געווען אַ זקנה אין די טיפע אַכציקער... זי זעט איצט קלאָר איר געשטאַלט: איר באָבע, ראַצע טעמערל, איז שוין לאַנגע יאָרן געווען אַן אלמנה און האָט געוואוינט ביי איר טאָכטער. זי איז געווען זייער אַ פרומע. פּונקט ווי אַ מאַנספּערשוין, פלעגט זי דאַווענען דריי מאָל אַ טאָג און זיך שאָקלען ביי שמונה־עשרה. דורך די וואָכעדיקע טעג, האָט זי געטראָגן אַ ווייס, לייַנוונטן טיכל אויפן קאָפּ, נאָר אין די שבתים און ימים־טובים האָט זי אָנגעטאָן די קאָפּקע מיטן טשיפּיק. אַ נידעריקע, אַ דאַרע, איז זי געווען, מיט אַ פלינקן גאַנג, האָט זיך זייער ליב געהאַט צו פּוצן און אַלעמען צו זאָגן דעות און געבן עצות. זי האָט געהאַט גרויס הנאה פון גיין אויף שמחות און לוויות.

זי האָט זיך אַליין גענייט אירע תכריכים און פלעגט זיי אָפט אָנ־מעסטן. זי איז גאָר אָפט געפאָרן קיין זאַוויערטשע, צו אירע על־טערן און שוועסטער און ברידער אויף קבר־אָבות. ווי נאָר זי פלעגט, אין די וואָכעדיקע טעג, אַנטאָן די שבתדיקע קאָפּקע מיט דער טאַפּטענער שובע, האָבן שוין אַלע געוואוסט אַז זי פאָרט קיין זאַוויערטשע.

ווען ראַצע טעמערל איז שוין געווען קרוב צו נײַנציק, פלעגט זי אָפט פאַרגעסן וואָס זי וויל זאָגן און אָפט פאַרבלאָנדזשען דעם וועג. די קינדער פלעגן איר ניט לאָזן גיין אַליין און דאָס האָט איר שטאַרק פאַרדראָסן.

דאָס לעצטע מאָל, ווען ראַצע טעמערל האָט זיך אויסגעסטראָיעט אין די שבתדיקע בגדים און מען האָט זי נישט געלאָזן פאָרן, האָט זי אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און געשריגן:

— מישטע ענק נישט! איך פאָר צו מיין גרויסער משפחה אויפן בית־עולם, זיי וואַרטן דאָרטן אויף מיר!...

און עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, זי איז געפאָרן. די איינציקע טרייסט איז געווען, וואָס זי האָט אין זאַוויערטשע געהאַט אַ קרובה, ביי וועלכער זי פלעגט איינשטיין.

ווען ראַצע טעמערל איז צוריקגעקומען פון יענער נסיעה, האָט זי גאָר פלוצעם געלאָזן וויסן, אַז זי האָט אַ שידוך געטאָן מיט טשיפּעלען: דער חתן — האָט זי דערציילט — איז אַלט צוועלף יאָר, איינגאַנצן מיט דריי יאָר עלטער ווי די כלה, ער לערנט אין ישיבה, עסט טעג, און שמט פאַר אַן עילוי. זי האָט אים טאַקע באַגעגנט ביי איר קרובה, דבורה גיטל די גלעזערקע, וואו ער עסט אַ טאָג, און יענע האָט איר דערציילט, אַז ער איז נעבעך אַ קיילעכ־דיקער יתום. און אַזוי ווי דאָס ייִנגל, שמואל הערש הייסט ער, איז איר זייער וואויל געפעלן געוואָרן, האָט זי מיט אים, אין עדות פון דבורה גיטלען, געשלאָסן דעם שידוך, און... זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה!...

די באָבע און די מומע האָבן זיך אויף דער עלטער־באָבען שטאַרק צעשריגן:

— סטייטש?! וואו איז דאָס געהערט געוואָרן?! האָסט ביי

קיינעם נישט אָנגעפּרעגט! ווי טוט מען עפּעס אַפּ אַזאַ זאַך ?!...
ס׳מיידל איז דאָך ערשט קוים ניין יאָר אַלט ?!...

אין פעטער יואלס הויז איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. אָבער דער פעטער האָט אַלעמען איינגעשטילט און זיך געווענדט צו ראַצע טעמערלען:

— באָבעשי, זאָגט מיר נאָר: האָט איר געגעבן אייער וואָרט? געשריבן תנאים? געבראָכן טעלער?

אָבער ראַצע טעמערל איז פון דעם גרויסן געטומל און גע־שרייען געוואָרן צעמישט. זי האָט געקוקט אין ווייטן רוים. און די טיפע קנייטשן אויף איר פאַרמעטענעם פּנים זיינען געוואָרן איינגעשניטן נאָך טיפער ווען דער פעטער האָט איר געשטעלט אַזעלכע האַרבע קשיות. עפּעס אַזוי פיל נפשות האָבן זיך אָנגע־זעצט אויף איר און מען וויל זי פאַרטיליקן... אַזוי נעפלדיק וויט פון איר זיינען אַלע און זייערע קולות זיינען דאָך אַזוי נאָענט!... וואָס האָט מען צו איר?!... אַ וואויל יינגעלע, אַזאַ טייער יינגעלע, דער שמואל הערש... אַ גאָלדן קינד... אַ יתום נעבעך... איי, ווי גוט! זי שפּילט זיך מיט אים, ווי אַמאָל מיט איר יאַנקעלען...

— איך בין מיט אים געריטן אויף אַ קאַרוסעלע — האָט זי געמורמלט — ער איז אַראָפּגעפאַלן פון פערדל... נעבעך זיך צע־קלאַפּט — האָט זי אַרויפגערוקט די שפּאַקולן, זיך געזווישט די אויגן און ווייטער געפּלאָנטערט מיט דער צונג — שפּעטער זיינען מירביידע אַרויף אויבן — האָט זי אָנגעוויזן אויפן הימל — עס וועט זיין מזל טוב!... גיטע מער, כ׳בעט ענק, אַ גלעזל ארץ־ישראל־ווין מיט אַ שטיקל צוקער־לעקאַך!...

אַלע זיינען געבליבן זיצן און פאַרגאַפטע געקוקט אויף ראַצע טעמערלען, און דער פעטער יואל האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געזאָגט:

— נעבעך, עובר־בטל! ווייסט שוין גאָרנישט וואָס זי רעדט אָדער טוט.

גלייך נאָך דעם, איז די עלטער־באָבע שטאַרק פאַרשלאָפט גע־וואָרן. זי איז אַריינגעפאַלן אין אַ מין הינערפּלעט. זי האָט שוין

מער נישט צוריקגעקראָגן איר גראָדן שכל, און מיט אַ וואָך שפּע־טער איז זי געשטאָרבן.

די מעשה מיטן שידוך, האָבן אַלע קורץ דערנאָך פאַרגעסן. נאָר ערשט איצט, אַז דער רבי האָט איר געזאָגט אַז זי מוז זיך דערמאָנען, האָט די מומע שפּרהלע אויפגעגראָבן אין איר זיכרון אָט די שוין פון לאַנג פאַרגעסענע מעשה און זי האָט איצטער קלאָר באַנומען די ערנסטקייט פון דעם ענין.

ווי נאָר עס האָט געגומען גרויען אויף טאָג, איז די מומע שפּרהלע אַראָפּ פון בעט. זי האָט די הענט אָפּגעגאָסן מיטן נעגל־וואַסער, זיך אָרומגעוואַשן, געזאָגט מודה־אַני, אָפּגעדאַוונט, און איז אַריין אין דער אכסניה. דאָרטן זיינען שוין געווען פאַרזאַמלט אַ סך יידן, סוחרים, חסידים, און אויך עטלעכע ווייבער, וואָס זיינען באַ־גינען אָנגעקומען צום רבין.

שפּרהלע האָט קוים אין זיך אַריינגעגנייט אַ פּאָר לעפל מילכ־דיקע גריץ. די זעמל מיט דער ציקאָריע האָט זי שוין נישט געקאָנט פאַרנעמען. זי איז אין גרויס געאייל אַוועק צום רבינס הויף.

ווי נאָר זי איז אַריין אין רבינס חדר, האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין, און דעם רבין דערציילט אַלץ וואָס זי האָט זיך דורך די נאַכט דערמאָנט.

דער ראַדאָשיצער רבי האָט זי אויסגעהערט, געשאָקלט מיטן קאָפּ, געקנייטשט דעם הויכן שטערן, און מיטאַמאָל האָט ער שטרענג אַ זאָג געטאָן:

— קרושניצער שוחטס ווייב, תיכף־ומיד זאָל מען פאָרן קיין זאַוויערטשע; אויפזוכן דעם פאַרשעמטן שמואל הערשן; אויב ער גייט אין צעריסענע מלבושים, זאָל מען אים לאָזן נייען נייע; אויב ער איז חלילה אַן אָרעמאַן אין גרויס נויט, זאָל מען אים געבן געלט; מען זאָל אים ברענגען צום נאָוואָראַדאָמסקער רב, און דאָרט זאָל ער אונטערשרייבן אַ מחילה!... אָבער, למען־השם, אים נישט אָוועקלאָזן, ביז דאָס קינד וועט אַלט ווערן אַ יאָר!...

— איך פאַרשטיי נישט, רבי, — האָט די מומע שפּרהלע אין גרויס שרעק איבערגעפרעגט — ווי וועלן מיר אים איצט גע־פינען?!... אַ קליין יינגל געווען, אין אַ פרעמדער שטאָט?!...

— פרעגט נישט, אשה, טוט וואָס מען הייסט אייך און הקדוש־ברוך־הוא וועט העלפן!

מער האָט שוין די מומע שפּרהלע נישט געפרעגט, און זי האָט אין גרויס פּחד אַוועקגעשפּאַנט צו דער בויד, וואָס האָט זי געדאַרפט פירן אַהיים. ווען זי האָט זיך אויפגעזעצט אויף דער פור, האָט זי מיטאַמאָל דערפילט אַ גליקזעליקייט און אַ גרויסן בטחון אין דעם וואָס לעבט אייביק.

די פערדלעך האָבן געטאָפּטשעט אין טיפע בלאָטעס. דער וואָגן האָט זיך געטרייסלט און זיך פאַרבייגעטראָגן איבער אָפּגע־שניטענע פעלדער; עס זיינען פאַרבייגעלאָפן פויערישע כאַטקעס מיט שטרויענע דעכער; אַ האַרבסטיקער ווינט האָט געשמיסן אי־בער שפּרהלעס פּנים.

שפּרהלע האָט איינגעדרעמלט. לעבן איר האָט זיך אַוועקגע־זעצט ראָצע טעמערל. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אירע תכריכים. און אויף זיי האָט זי געטראָגן די שוואַרצע, טאָפּטענע שובע.

— באָבעשי — האָט שפּרהלע מיט שרעק געפרעגט — ווי קומסטו דו דאָ אַהער?! דו ביסט דאָך טויט?!...

— בלויז דער זינדיקער גוף שטאַרבט — האָט געענטפערט ראָצע טעמערל — די נשמה לעבט אייביק, זעט אַלץ און ווייסט אַלץ. איך קאָן נישט איינרוען אין קבר. זאָלסט תיכף פאָלגן דעם רבינס עצה. איך וויל האָבן מנוחה!...

שפּרהלע האָט זיך אויפגעכאַפּט, ברייט צעעפנט די אויגן, אָבער זי האָט קיינעם נישט געזען, האָט זי זיך צעשריגן, גע־רופן:

— באָבע!... באָבעשי!!!...

און זי האָט באַגריפן, אַז דאָס איז געווען אַ חלום.

אין קרושניצער שוחטס הויז, האָט זיך פאַרזאַמלט די גאַנצע משפחה. די מומע שפּרהלע האָט דערציילט אַלץ, ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען ביים ראַדאָשיצער רבין, און וואָס דער רבי האָט איר געהייסן טאָן, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז גלייך אויף צו־מאָרגנס, זאָלן די מומע שפּרהלע מיט דער באָבע חוה אַוועקפאָרן

קיין זאַוויערטשע, און אויפזוכן טשיפּעלעס געוועזענעם חתן, שמואל הערשן.

די באָבע מיט דער מומען זיינען אָנגעקומען קיין זאַוויערטשע צווישן טאָג און נאַכט. זיי האָבן שוין פון לאַנג געוואוסט, אַז דער קרובהס מאַן איז שוין אויפן עולם־האמת. דאָ זיינען זיי געוואָר געוואָרן, אַז אויך זי, די קרובה גופא, לעבט אויך שוין נישט מער. זי האָט אָבער איבערגעלאָזן איר איינציקע טאָכטער, אַן עקרה, ברײַנדעלע. זי איז שוין געווען אַן אַלטע יידענע, קרוב צו זיבעציק. זי האָט אָבער געענוי געוואוסט וועגן אַלץ וואָס עס קומט פאָר ביי איר אין שטעטל. דער עיקר איז זי געווען גוט באַהאַוונט וועלכעס ווייבל עס טראָגט; אין וויפלטן חודש זי איז; און ווען זי ריכט זיך אין קימפּעט. ווי נאָר אַ ווייבל אויף די צייט פלעגט קריגן ווייען, איז ברײַנדעלע געווען די ערשטע צו לויפן נאָך דער הייבאַם און זי איז טאַקע געוואָרן דער אַקושאָרקעס רעכ־טע האַנט, און גלייך ווי דאָס קינד איז נאָר געקומען אויף דער וועלט, איז זי געלאָפן איטלעכן אָנזאָגן די בשורה, צי ס'איז אַ יינגל אָדער אַ מיידל. זי האָט אויך געוואוסט אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין דער גאַנצער, פאַרצווייגטער משפחה פון נאָענט און פון ווייט, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי געדענקט גוט דעם פאַרשוויגענעם שידוך.

פון דער ברײַנדלען, האָבן די באָבע און די מומע אויסגעע־פונען: אַז דער שמואל הערש פלעגט אָפט קומען מיט טענות אין זייער שטוב אַריין; און אַז איר מוטער, וואָס איז געלעגן אין בעט אַ פּאַראַליזירטע, פלעגט אים ענטפערן מיט איר צעקרומטן מויל עפּעס, וואָס קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס זי זאָגט; אַז דערנאָך האָט ער מיט איין מאָל אויפגעהערט צו קומען, און זיי זיינען געוואָר געוואָרן, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט עפּעס אַן אָרעם, שוואַך מיידל, און אַז ווי נאָר דאָס יונגע ווייבל איז פאַר־גאַנגען אין טראָגן, איז זי קראַנק געוואָרן, און נאָך איידער זי איז געוואָרן אויף די צייט, איז זי געשטאָרבן, און פון דעמאָלט אָן, איז ער עפּעס ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, ווי אין וואַסער אַריין.

די מומע און די באָבע האָבן, אויסהערנדיק די מעשה, זיך

געווישט די אויגן. די מומע שפרהלע האָט פֿאַרבראָכן די הענט און פֿאַרצווייפֿלט אויסגערופֿן:

— ווי און ווינד איז אונדז! בריינדעלע, וואָס טוט מען?!... וואו גייט מען אים זוכן?...

— אויב מיר זאָלן אים חלילה נישט געפֿינען, זיינען מיר דאָך אומגליקלעך! — האָט די באָבע צוגעגעבן.

בריינדעלע האָט זיך פֿאַרטראַכט. אויף איר בלאַס, געפֿאַלדע־וועט פּנים האָבן זיך טיפֿער געקאַרבט די קנייטשן. די גראָע, וואַ־סערדיקע אייגעלעך האָבן זיך האַלב פֿאַרמאַכט. זי האָט אַזוי אַ ווײַלע געשוויגן. די באָבע מיט דער מומע האָבן איר נישט גע־וואָלט איבערשלאָגן איר טראַכטן, אפֿשר וועט זיך בריינדעלע פּאָרט עפּעס דערמאָנען וואָס וועט פֿירן צו אַ שטיקל שליאַך, און דער אויבערשטער וועט העלפֿן און מען וועט אים געפֿינען.

בריינדעלע האָט געפּליסטערט:

— יאָ, יאָ, איך דערמאָן זיך... ער פֿלעגט לערנען מיט קינ־דער... נאָכן ווייבס טויט איז ער נעלם געוואָרן... מיט יאָרן שפּעטער האָט ער זיך ווידער באַוויזן אין זאַוויערטשע, אַן אָפּגע־ריסענער, אַ פֿאַרוואָרלאָזטער, און איצט זעט מען אים שוין נישט מער... עמעצער האָט געזאָגט, אַז ער וואוינט הינטער דער שטאָט, אין הקדש...

נאָך דעם זעלבן פֿאַרנאַכט, האָט די מומע שפרהלע געדונגען אַ פֿור און מיט דער באָבען און דער קרובהס טאָכטער, בריינדל, איז מען אַוועקגעפֿאָרן צום הקדש.

אָנגעקומען אין הקדש, זיינען זיי צווישן טאָג און נאַכט. דער עיפּוש, דער געשטאַנק, האָט געריסן די נאָזלעכער און געוועקט אַן איבל.

אין הקדש איז געווען פֿינצטערלעך. אַ קליין ליכטל האָט גע־וואָרפֿן אַ שוואַכן שיין אויף די בערג מיט שטרוי און שמאַטעס, וואָס האָבן, דורכן אַריינקומען פֿון די דריי ווייבער, זיך גענומען געלאַסן באַוועגן. עס האָבן אויפֿגעטויכט קעפּ, הענט, אַ שטיל מורמלען האָט זיך געטראָגן פֿון איין בערגל צום צווייטן, און דער־

מאַנט אַז דאָס זײַנען נישט קיין בערג מיט מיסט, נאָר לעבעדיקע מענטשן.

— גוטע מענטשן! — האָט די מומע שפּרהלע אויסגערופן — ווײַזט מיר אָן, וואו איז דאָ ערגעץ שמואל הערש!

עטלעכע שטימען מיטאַמאָל האָבן געענטפערט און אָנגעוויזן אויף אַ באַרג שטרוי, אויף וועלכן עס איז געלעגן אַ שווערע מאַסע.

די באָבע האָט מיטגעבראַכט אַן הבדלה־ליכטל, האָט זי עס אָנגעצונדן, און די דריי ווײַבער האָבן זיך געלאָזן גיין צום אָנגעוויזענעם אָרט.

ברײַנדעלע האָט אַ זאָג געטאָן:

— שמואל הערש, שטיי אויף, דײַן מחותנתטע איז געקומען בײַ דיר בעטן מחילה!

שמואל הערש האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

האָט די מומע שפּרהלע זיך אָנגערופן:

— שמואל הערש, זײַט וויסן, אַז דער ראַדאָשיצער רבי האָט באַפוילן אַז איר זאָלט געבן מײַן טשיפּעלען אַ מחילה. עס האַלטן זיך בײַ איר נישט קיין קינדער, רחמנא־לצלן. פּונקט צום יאָר גייען זיי פון דער וועלט. מיר בעטן אײַך אַז איר זאָלט אונדז מוחל זײַן די גרויסע זינד וואָס איז קעגן אײַך באַגאַנגען געוואָרן... מיר וועלן אײַך געבן געלט און נײַע מלבושים...

און זי האָט זיך ביטער צעוויינט און מער נישט געקאָנט רעדן.

דער פאַרשטיינערטער באַרג, ווי אַ קבר, האָט זיך אַ ריר געטאָן. שמואל הערש האָט זיך האַסטיק אויפגעזעצט. אין שיין פון שוואַכן פלעמל פון ליכטל האָט אויפגעטויכט אַ גרויסער, צעשויבערטער קאָפּ, אַ שוואַרצע, צעקנייטשטע באָרד, אַ פּאָר געדיכטפאַרוואַקסענע ברעמען, וואָס האָבן אין איין ליניע זיך געצויגן איבער ביידע אויגן, צוויי שוואַרצע, פייערדיקע אויגן האָבן זיך אײַנגעשניטן אין דער מומע שפּרהלעס פּנים און ער האָט עקשנותדיק געשוויגן.

— שמואל הערש! — האָט די באָבע זיך צו אים געווענדט מיט

אַ געבראָכן קול — פון הקדש װעלן מיר דיך אַרױסנעמען. װאָס דו װעסט נאָר װעלן װעסטו קריגן. ענטפער אױף אונדזער בקשה. אַ לאַנגן װעג זײנען מיר געפאָרן. צװײ שװאָכע, זינדיקע װײבער זײנען מיר. װי קאָנסטו עפּעס אַזױ צוזען דעם צער פון אַ מאַמען און שװײגן?!... זאָג מיר כאָטש, שמואל הערש, די באָבע, ראָצע טעמערל, געדענקסטו?...

— כ׳געדענק.

— און דעם שידוך מיט טשיפּעלען געדענקסטו?

— איך האָב דאָס קײנמאָל נישט פאַרגעסן.

— דו װעסט מיט אונדז תיכּף פאָרן קײן נאָװאָראַדאָמסק — האָט די באָבע נישט אָפּגעלאָזן — פון הקדש װעלן מיר דיך אַרױס־נעמען. װעסט אײנשטײן אין מײן הױז. װי פאַר אַן אײגענעם זון װעלן מיר פאַר דיר זאָרגן אַז עס זאָל דיר חלילה גאָרנישט פעלן. דו װעסט אָבער מוזן גײן צום רבֿ אונטערשרײבן אַ מחילה, אַז דו ביסט אונדזער טשיפּעלען מוחל דעם אָפּגעלאָזטן שידוך.

שמואל הערש האָט נישט געענטפערט.

— דער ראַדאָשיצער רבי האָט באַפױלן! — האָט די מומע שפּרהלע אױפגעהױבן איר קול.

שמואל הערש האָט זיך געלאָזן אױפגעשטעלט. מען האָט דערזען אַ הױך־געװאַקסיקן מאַנספּאַרשױן, מיט ברײטע פּלײצעס, אין אַ שרעקלעכן הילוך: זײנע בגדים זײנען געװען צעריסן; פון אַ צעפליקט, ברודיק העמד האָט אַרױסגעקוקט נאַקעט, באַװאַקסן לײב; די פּיס, אין לאַפּטשעס און אַרומגעבונדן מיט שמאַטעס. ער האָט אױפגעהױבן אַ קלומעקל און געענטפערט:

— איך װעל פאָרן.

— לאָז דאָס איבער — האָט געזאָגט די מומע שפּרהלע — װעסט קריגן נײע זאַכן.

שמואל הערש האָט אַראָפּגעלאָזן דאָס פּעקל, און מיטאַמאָל האָבן זיך פון די בערגלעך שטרוי אַ הױב געטאָן שאָטנדיקע גע־שטאַלטן, און האָבן מיט אַ געבריל זיך גענומען רײסן איבער דעם קלומעקל שמאַטעס, און װען די מומע שפּרהלע, די באָבע חוה, ברײנדעלע און שמואל הערש זײנען שױן געװען אױפגעזעסן אױף

דער פור, האָבן זיך פון הקדש נאָך אַלץ געטראָגן משונהדיקע קולות, וואָס זיינען געווען ענלעך צו אַ געברום פון צעררייצטע חיות.

נאָך האַלבער נאַכט, פונקט ווען דער זיידע האָט אָפּגעריכט חצות, האָט אין שטוב אַריינגעשפּאַנט דער פּרעמדער.

— דאָס איז שמואל הערש, טשיפּעלעס געוועזענער חתן — האָט די באָבע געזאָגט — מען האָט אים נעבעך געפונען אין זאַוויערטשער הקדש.

— צו וואָס אַ סך רעדן! — האָט דער זיידע יוחנן געזאָגט צו דער באָבע, און צו דעם אורח האָט ער אויסגעשטרעקט אַ גע־רינצלטע האַנט מיט ציטערדיקע פינגער — שלום עליכם אַ ייד! זאָל דער רבונו־של־עולם העלפן, אַז פון היינט אָן זאָל מען שוין מער נישט וויסן פון קיין צער! — און ער האָט זיך געווענדט צו דער באָבען — חוה, גיב דעם גאַסט עפּעס צו עסן.

אין דער זעלבער צייט, איז די מומע שפרהלע, אַ צעלויכטענע, אַריין אין איר הויז, וואו עס איז נאָך געהאַנגען דער שטילער צער און אָנגעפילט אַלעמען מיט טרויער.

טשיפּעלע איז געלעגן אין בעט און אַרויסגעוויזן קנאַפּן ווילן צום לעבן. איר מאַן, שלמהלע, האָט דורך די נעכט נישט גע־קאָנט שלאָפן, איז ער כסדר געזעסן ביי דער אָפענער גמרא און געלערנט.

ווי נאָר די מומע שפרהלע האָט אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז מען האָט געפונען טשיפּעלעס געוועזענעם חתן, אַז ער איז שוין דאָ און שטייט איין ביי אירע טאַטע־מאַמע אין הויז, איז אין שטוב געוואָרן אַ גרויסע אויפלעבונג: געגענדל, די דינסט, האָט אָנגעצונדן דעם בליץ־לאָמפּ; צוגעלייגט האָלץ צום האַלב־פאַר־לאָשענעם אויוון; צוגעשטעלט אַ פולן טשייניק וואַסער אויף טיי.

טשיפּעלע האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט. זי האָט צום ערשטן מאָל נאָכן אומגליק אַרויסגעוויזן אין עפּעס אינטערעס און געוואָלט וויסן אַלע איינצעלהייטן.

די מומע שפרהלע האָט דערציילט אַלץ גענוי, ווי אַזוי עס

איז צוגעגאַנגען פון דער מינוט ווען זי איז אַרויסגעפאָרן פון שטאָט און אָנגעקומען קיין זאַוויערטשע, ביז זי און איר מוטער האָבן שמואל הערשן געבראַכט אַהער, קיין נאָוואָראַדאָמסק.

באַלד אויף צומאָרגנס, האָט דער זיידע געפירט שמואל הערשן אין מרחץ אַריין. מען האָט אים אויסגעקליידט פון קאָפּ ביז די פיס. און ווען די מומע האָט אים איצטער אָנגעקוקט, האָט זי געגאַפט, נישט געגלויבט אירע אייגענע אויגן, ווי אַ מענטש קאָן זיך אַזוי פאַרענדערן. פול מיט חידוש, האָט זי דערציילט איר טאָכטער:

— עס איז גאָרנישט צום גלייבן, אַז דאָס איז דער אייגענער מענטש! איך זאָג דיר, טשיפּעלע, אַז ער קוקט אויס, קאַניינעהאָרע, ווי אַ מלך. עס רוט אויף אים פּשוט די שכינה!

— איך וואָלט אים טאַקע געוואָלט זען — האָט טשיפּעלע גע־זאָגט.

— דו וועסט אים זען, טאָכטער, מערצעשעם פרייטיק־צו־נאַכטס. איך האָב אים פאַרבעטן אויף שבת — און זי האָט פאַר איר טאָכטער פאַרטרויט איר אויסרעכענונג — איך בין אויסן, אַז עס זאָל ווערן אַ שידוך מיט געגענדלען. מיר וועלן פאַרדינען אַ טאָפּלטע מצווה: אי די עלטערע מיידל, די יתומה נעבעך, וועט געהאָלפן ווערן, און אי מיר וועלן זיך דאַדורך, מיט השם־יתברכס הילף, אויסקויפן פאַר דער עוולה וואָס מיר זיינען קעגן אים באַגאַנגען...

דאָס צוגרייטן דעם שבת לכבוד דעם גאַסט, האָט געגענדל געטאָן מיט אַ באַזונדערן פאַרזיכט און שטילן ציטער: זי האָט געפּוצט די זילבערנע לייכטער; געשייערט די טעפּ; געריבן מיט אַ באַרשט און זייף די פּאָדלאָגע, ביז די ברעטער זיינען געוואָרן ווייס; זי האָט באַצייטנס, נאָך דאָנערשטיק ביינאַכט, כשר־געמאַכט דאָס פליישׂ מיט די היגער; צום מערן־צימעס האָט זי צוגעטאָן מער פעטס און צוקער ווי אַלעמאָל; זי האָט זיך אויסגעצוואָגן דעם קאָפּ מיט נאַפט, און פרייטיק פאַרנאַכט, האָט זי אָנגעטאָן איר שבתדיק, ציצן קליידל און די נייע, געלע שיך וואָס די מומע האָט איר געקויפט און וועלכע האָבן געסקריפּעט ביי יעדן טראָט. די

קלעצלעך פון די שיך זיינען געווען הויכע, און האָבן געגלאַנצלט נידעריקע, דיקלעכע פיגור געמאַכט אַביסל העכער. זי האָט אין אירע שוואַרצע, פאַרלייגטע צעפּ אַריינגעפלאָכטן אַ רויטע סטענגע. טשיפּעלע האָט צום ערשטן מאָל, זינט אַ לאַנגער צייט, אַ שמייכל געטאָן, ווען זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער אויסגעפּוצטער געגענדל.

אַז דער פעטער יואל מיטן איידעם זיינען יענעם פרייטיק־צו־נאַכטס אַהיימגעקומען פון דאַווענען און מיטגעבראַכט דעם פרעמדן מאַנספּאַרשוין, האָט איבערן גאַנצן הויז אַ ווייע געטאָן מיט יום־טובדיקייט.

ווען דער פעטער יואל האָט אָנגעוויזן שמואל הערשן זיין בענקל, וואו ער זאָל זיך זעצן צום טיש, איז פון איר חדר אַריינגעקומען טשיפּעלע. צום ערשטן מאָל, זינט איר קינד איז געשטאָרבן, איז זי ווידער געווען אָנגעטאָן אין איר שבתדיק, גרין, זיידן קלייד מיט די שפּיצן.

— דאָס איז מיין טאָכטער טשיפּעלע! — האָט די מומע געזאָגט.

שמואל הערש האָט זיך אויסגעדרייט. זיינע פייערדיקע אויגן האָבן זיך מיטאַמאָל ברייט אויפגעריסן. ער האָט אויסגעזען פול מיט חידוש אויף דעם שיינעם געשטאַלט פון זיין געוועזענער כלה. ער האָט אַ צעטומלטער אַרויסגעשטאַמלט:

— גוט שבת, טשיפּעלע!...

אַ מאַטע רויטקייט האָט זיך צעגאָסן איבער דער יונגער פרויס פּנים. זי האָט אַ פאַרגאַפטע געקוקט אויף דעם פרעמדן און שטיל געענטפערט:

— גוט שבת, שמואל הערש!

פון דעמאָלט אָן, איז שמואל הערש יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס געווען דער אורח אין פעטער יואלס הויז. ער איז שוין אין דער משפחה געוואָרן פאַררעכנט כמעט ווי אַן אייגענער. עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ ייד אַ למדן און אַ פליסיקער לערנער. דער זיידע פלעגט שעהען לאַנג אָפּזיצן מיט אים ביי אַן

אָפּענער גמרא, און אָפט האָבן זיי זיך פּאַרטיפט אין אַ וויכוח און זיך שטאַרק געאַמפּערט.

עס זיינען געלאָפן די חדשים, און יעדעס מאָל וואָס מען האָט שמואל הערשן דערמאָנט אַז מען דאַרף אַריינגיין צום רב אונטער־שרייבן די מחילה, האָט ער תמיד געגעבן דעם זעלבן ענטפער:

— ביז דאָס קינד וועט אַלט ווערן אַ יאָר איז נאָך וויט, טאָ וואָס איז די איילעניש?...

איין מאָל האָט פּאַסירט אַז די באָבע איז שלאָף געוואָרן, איז טשיפּעלע געקומען געוואָר ווערן וואָס זי מאַכט. ווי נאָר שמואל הערש האָט פון זיין אַלקערל דערהערט איר קול, איז ער אַריין אין דער באָבעס שטוב. ער איז געבליבן שטיין אין דער טיר און האָט ווי אַ פאַרגליווערטער געקוקט אויף טשיפּעלען. זיינע גרוי־סע, שוואַרצע אויגן האָבן זיך ווי דורך אַ פייכטן נעפּל איינגע־גראָבן אין דער יונגער פּרוס פּנים.

טשיפּעלע האָט אים אָנגעקוקט, אַ ווײַלע געשוויגן, און מיט־אַמאָל, ווי זי וואָלט זיך פאַר עפּעס דערשראָקן, האָט זי גיך אַ זאָג געטאָן:

— אַ גוטן טאָג, באָבע!

און האָט מיט גיכע טריט פאַרלאָזן דאָס הויז.

האָט מען אַמאָל מיט שמואל הערשן פאַרפירט אַ שמועס וועגן אַ שידוך מיט גענענדלען, האָט ער גאָרנישט געוואָלט דערפון הערן.

און גענענדל פלעגט אויף אים קוקן מיט פאַרליבטע אויגן. זי האָט זיך כסדר געקרייזלט די האָר; געשמירט די שיך אַז זיי זאָלן גלאַנצן; זי פלעגט מיט אַ באַזונדערער פאַרזיכטיקייט קאָכן די בעסטע מאכלים און שמואל הערשן צוטראָגן די גרעסטע פאַרציעס, אָבער שמואל הערש האָט דאָס אַלץ גאָרנישט געזען.

דאָס קינד, אברהם מענדעלע, איז געוואָקסן אַ לייטישס, אַ גע־ראָטנס. צו ניין חדשים איז ער שוין אַרומגעקראָכן און פאַרהילכט די שטובן מיט זיין קינדישן פלוידעריי און געלעכטער.

די מומע און די באָבע זיינען אַלץ מער צוגעשטאַנען צו שמואל

הערשן, אַז ער זאָל אַריינגיין צום רבֿ און געבן די מחילה, אָבער ער האָט יעדעס מאָל געהאַט אַן אַנדערן תּירוץ.

ווען דאָס קינד איז אַלט געוואָרן צען חדשים, האָט טשיפּעלע געלאָזן וויסן איר מאַמען אַז זי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן. איז דעמאָלט די מומע אַוועק צו דער באָבען. זי האָט זיך אַ ווײַלע געסודעט מיט איר און מיט דעם זיידן. און גלײַך זײַנען זיי אַרײַן צו שמואל הערשן אין חדר וואו ער איז געזעסן און געלערנט און פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל תּיכף־ומיד מיט זיי אַריינגיין צום רבֿ, און איין מאָל פאַר אַלע מאָל אונטערשרייבן די מחילה.

שמואל הערש האָט זיי אויסגעהערט, און נאָך אַ לענגערן שווייגן האָט ער זיי געלאָזן וויסן:

— טשיפּעלע איז מיין זיווג... איך וועל קיינמאָל די מחילה נישט אונטערשרייבן, ווייל טשיפּעלע איז מיין באַשערטע!...

די מומע שפּרהלע האָט אויסגעבראָכן מיט אַ גרויס געוויין און זי האָט געפרעגט אַ פאַרצווייפלטע:

— ס'טייטש, שמואל הערש?! וואו איז דאָס געהערט געוואָרן?! טשיפּעלע איז דאָך אַן אשת־איש, אַ צעבראָכענע, ציטערדיקע מאַמע!... דערבאַרעם דיך, פאַרשעם אונדז נישט!... ווי קאָן דאָס גאָר געמאָלט זיין?!...

— וועט זי זיך גטן! זי איז מיין זיווג מן־השמים! — איז שמואל הערש געבליבן איינגעשפּאַרט.

דער זיידע, וואָס האָט אַלץ אויסגעהערט און די גאַנצע צייט געשוויגן, האָט פּלוצעם אַ זאָג געטאָן:

— שמואל הערש, זיי וויסן, אַז דאָס ווייבל איז מעוברת, און די ווערטער וואָס דו לאָזט פאַלן זיינען אַ זינד קעגן איר און קעגן גאָט ברוך־הוא!...

שמואל הערש האָט אַ צאַפּל געטאָן. זיין קאָפּ איז אַרונטער־געזונקען. ער איז געבליבן זיצן אַן איינגעקורטשעטער און פאַר־שטיינערט געשוויגן.

און דער זיידע האָט ווייטער גערעדט:

— דו ביסט איצטער ביי אונדז פאַררעכנט ווי אַן אייגענער זון. פאַר דעם צער און בזיון וואָס מען האָט דיר פאַרשאַפט, בעטן

מיר דיך אַז דו זאָלסט אונדז מוחל זיין. וואָס איז נעבעך די אָרע־מע טשיפּעלע שולדיק?... וואָס זיינען שולדיק אירע כשרע קינ־דער?... שמואל הערש! ווי אַן אייגענעם זון וועלן מיר דיך, אם ירצה השם, חתונה מאַכן מיט דער כשרער בתולה גענענדל. מיר וועלן דיר געבן אַ שיינעם נדן, עפענען דיר אַ שפּייז־קראָם, וועסט ווערן אַ באַלעבאָס און מיט השם־יתברכס הילף האָבן פּרנסה. נאָר זיי אונדז נישט מבזה!...

די לעצטע ווערטער האָט דער זיידע אַרויסגערעדט מיט אַ געשפּאָלטן קול און פאַרשטיקטע טרערן.

און שמואל הערש האָט געמורמלט:

— ר׳ יוחנן, לאָזט... איך מוז נאָך טראַכטן... עפּעס באַ־נעם איך נישט קלאָר... מאָרגן, מ׳עט דערלעבן, וועל איך, בלי־נדר, געבן תשובה.

די מומע שפּרהלע איז אַהיימגעגאַנגען אַ דערשלאָגענע. דער זיידע האָט איר אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל דערווײַלע אין דער היים גאָר־נישט זאָגן.

יענע נאַכט, איז שמואל הערש נישט געשלאָפן. מיט שטילע טריט האָט ער ארומגעשלײַכט פון איין שטוב אין דער אַנדערער. פון צייט צו צייט איז ער געבליבן שטיין, צוגעהאַלטן זיך מיט ביידע הענט זיינע שלייפן, אַ פאַרקלערטער געפירט זיינע פינגער איבערן שטערן, און באַלד ווידער גענומען שפּאַנען.

דער זיידע האָט אים נישט געשטערט. געלאָזן אים שפּאַנען, טראַכטן, און גאָרנישט איבערגעפרעגט.

שמואל הערש האָט געזען ווי ר׳ יוחנן פאַרמאַכט דאָס ספר, לייענט קריאת־שמע, טוט זיך אויס און לייגט זיך אַ שווייגנדיקער שלאָפן. אָבער צו אים אַליין איז קיין שלאָף נישט געקומען. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים פענצטער, געקוקט אין דער שוואַרצער נאַכט אַריין און געריכערט די ליולקע. לאַנג איז ער אַזוי געזעסן אַ פאַרטיפטער אין זיינע רעיונות. אויפגעוועקט פון זיינע מחשבות האָט אים אַ קריי פון אַ האָן. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל, און געזען ווי עס נעמט שוין בלויען אויף טאָג. אַ קעלט

האָט דורכגעגומען זײַן לײַב. ער האָט זיך געלאָזן אויפגעשטעלט, איז צוגעגאַנגען צום זיידנס בעט, און שטיל געפרעגט:

— ר׳ יוחנן, איר שלאָפט?...

— ניין, איך בין וואַך.

— ר׳ יוחנן, איך וועל טאָן אייער ווילן. מיר קאָנען נאָך היינט אַרײַנגיין צום רב. איך וועל אונטערשרײַבן די מחילה און טאָן אַלץ וואָס איר הייסט מיך...

# אויס רבי

מיין צווייטע היים איז געווען די מומע חיהס און דעם פעטער יצחקס הויז. דווקא אין דער איבערגעפּאַקטער שטוב מיט דרייצן קינדערלעך האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ שטאַרקער אַפּעטיט צום עסן. און אַז מיין מומע האָט איינמאָל געזען ווי מיין מאַמע יאָגט זיך נאָך מיר מיט אַ שטיקל ווייסע חלה מיט פּוטער און אַן איי אין דער האַנט און איך אַנטלויף דערפון, ווי דאָס וואָלט געווען סם, האָט די מומע דערציילט, אַז ביי איר אין הויז שלאָג איך מיך איבער אַ שטיקל שוואַרץ ראַזאָווע ברויט צוגלייך מיט אַלע קינדער.

נאָך אָט דער אַנטדעקונג, האָט מיך שוין מיין מאַמע געלאָזט גיין פריי צו דער מומען און דאָרט אויך נעכטיקן. אָפט בין איך אַהיים געקומען בלויז אויף שבת.

ס׳הויז איז געווען צוזאַמען מיטן געוועלב, אַ בשמים־קראָם. אָפּגעטיילט, איז געווען אַ גרויסע שטוב, וואָס האָט געגאָלטן אי פאַר דער קיך און סיי פאַר דער „סאלע״; אָפּגעצוימט מיט אַ פוירהענגל, זיינען געשטאַנען דער מומעס און פעטערס צוויי הילצערנע בעטן, הויך פאַרבעט מיט אַ שטויס קישנס, און אין מיטן האָט זיך אַלעמאָל געפונען אַ וויגל פונעם יונגסטן קינד.

ביי דער זייט איז געווען אַ לאַנגע, פינצטערע שטוב אָן פענצטער, מיט אַ רייע בעטן פאַר די קינדער. און ביינאַכט, ווען די מומע פלעגט איבערציילן אירע קינדער: נישט איינס... נישט צוויי... נישט זעקס... נישט אַכט... נישט צוועלף... און אַז זי פלעגט אויסציילן מיט אַ קינד מער, האָט זי שוין פאַרשטאַנען אַז דאָס בין איך.

אין הויז האָט שטענדיק געטומלט ווי אויף אַ יריד. קינדער און דערוואַקסענע, די משפחה, כלהס און חתנים, מחותנים, תנאים, אַ

ברית, און איבער דעם אַלעם, אַ פריילעכער טומל פון קינדער; אַ ריח פון געקעכץ; אַ פולער אויוון מיט טעפּ; אַ כסדרדיקער זידן פון טשייניק.

די עלטסטע טאָכטער ,יענטל, איז שוין געווען אַן אויסגעגעבענע און געהאַט אַ יינגעלע, וואָס איז געווען מיט אַ חודש עלטער פון איר אייגן ברודערל. מאַמע און טאָכטער האָבן זיך אָפּט אַרויסגעהאָלפן מיט אָנזייגן איינער דער אַנדערערס קינדער.

די מומע איז געווען פון מיטעלער וואוקס, מיט אַ פעסטלעכער פיגור און אַ פּאָר וואַרעמע, ברוינע, שמייכלנדיקע אויגן. די טאָכ־טער יענטל איז געווען ווי צוויי טראָפּנס וואַסער געראָטן אין דער מאַמען, בלויז אַביסל העכער און דינער.

די מומע חיה איז געווען די איינקויפערין און פלעגט אָפּט פאָרן אין גרויסע שטעט איינהאַנדלען סחורה. זי איז שוין אין איין וועגס צוגעפאָרן צום רבין און ווי אַ גוטע חסידה זיך געקלאָמערט צום רבינס עצות; זי פלעגט אויך אָפּטרעטן אין קאַרלסבאַד, זיך צו טובלען אין די מינעראַלן און זאַלץ־וואַסערן און הנאה האָבן פון די קאַרלסבאַד־בעדער.

איר גרויסער חלום איז געווען אויסצוכאַוון כאָטש איינעם פון אירע זין פאַר אַ רב. זי האָט דערפאַר געשיקט אירע קינדער אין די בעסטע חדרים, שפּעטער אין ישיבות, נאָר אַזוי שנעל ווי זיי זיינען אויסגעוואַקסן פון די קינדישע קליידער, זיינען זיי זיך צע־לאָפן אין פאַרשיידענע וועגן: איין זון האָט זיך געחברט מיט סאָ־ציאַליסטן און גערעדט פון דער רעוואָלוציע; דער צווייטער איז אַוועק צו אַ זייגער־מאַכער זיך לערנען אַ מלאכה. האָט זי געלייגט גרויס האָפענונג אויפן מיטלסטן זון, שמחה בונעם, וועלכער האָט גע־האַט אַ גוט קעפּל, איז תמיד געווען פאַרזונקען אין לערנען און זיך איינגעהערט אין טאַטע־מאַמעס רייד.

נאָר גאָר פּלוצעם האָט דער צען־יאָריקער בחור פאַררוקט די פּאהלעך הינטער די אויערן; פאַרשטעקט דעם ארבע־כנפות אונטער די הויזן; פאַרקאַטשעט די לאַנגע פאָלעס פונעם יופּעצל; איז אַוועק אַ צעיאַכמערטער שפּילן פּילקע מיט גאַסן יינגלעך און אַהיימגעקומען און געזונגען גויאישע לידלעך.

האָט די מומע זיך צעוויינט און געזען אַז אויך דער חלום איז צערונען געוואָרן, און אַז קיין גרויסער צדיק וועט שוין פון איס נישט ווערן. און פלעגט זי אָנטרעפן אַ רבין, פלעגן אירע ליפן שטיל שעפּטשן אַ תפילה, אַז זי זאָל זוכה זיין צו דערציען אַזאַ צדיק ווי ער איז.

ווען ס׳ייִנגסטע קינד איז געבוירן געוואָרן, איז מיט אַ טאָג שפּעטער נפטר געוואָרן איר פאָטער. האָט די קימפּעטאָרין שטאַרק געוויינט אויפן טויט פון איר טאַטן, דעם גרויסן תלמיד־חכם, און זיך געטרייסט וואָס דער אויבערשטער האָט איר געשענקט אַ ייִנגל, און געזען אין דעם אַ צייכן פון אויבן. מען האָט דעם קינד אַ נאָמען געגעבן יוחנן, נאָך זיין זיידן, און די מומע חיה איז געווען זיכער, אַז דער וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דעם גוטן ייִדן, וועט אויס־וואַקסן אַ הייליקער צדיק, אַ גרויסער רבי.

זי האָט מיט גרויס ליבשאַפט און באַזונדערער פאַרזיכט גע־כאַוועט דאָס קינד. זי האָט אים קיינמאָל נישט גערופן ביים נאָמען יוחנן, נאָר „מיין צדיק״, „מיין רבילע״ און די גאַנצע משפחה האָט דעם קליינעם יוחנן גערופן מיטן צונאָמען „ס׳רבילע״. און איז זי ערגעץ אַוועקגעפאָרן, האָט זי אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל צו אים נישט צולאָזן קיין שום אָם. זי וויל נישט קיין געמישטע מילך, בלויז די טאָכטער האָט אים געמעגט זייגן.

און טאָמער האָט ער אַ ניס אָדער אַ גענעץ געטאָן, האָט אים זיין מאַמע גלייך אָפּגעשפּראָכן אַן עין־הרע, אויסגעלעקט אים די אייגעלעך און אויסגעשפּיגן דריי מאָל... אויפן העלדזל האָט ער געטראָגן אַ רויט בענדל מיט אַ טאָרבעלע, אין וועלכן עס איז גע־לעגן אַ וועלפיש ציינדל, אַ סגולה קעגן אַ בייז אויג...

און יוחנן איז זיך געלעגן אין וויגל מיט הייליקע קמיעות צו־קאָפּנס און געסמאָטשקעט די פינגערלעך און געמאַכט געוואַלדן. אַ פרעסער, אַ שרייער, וואָס מען האָט אים כסדר געמוזט פאַרשטאָפּן ס׳מויל אויב נישט מיט דער ברוסט, איז מיט אַ נאָס שמאַטקעלע מיט אַן איינגעוויקלט שטיקל צוקער... אין גאַנצן געראָטן אין זיין פאָ־טער, וועלכער האָט שטאַרק געהאַלטן פון דער אַכילה, פונקט דער

היפך פון זיין זיידן, וואָס איז געווען דאַר און איינגעצויגן, האָט מער געפּאַסט ווי געגעסן.

איך בין געווען שטאַרק צוגעבונדן צום קינד וואָס האָט גע־טראָגן דעם ווירדיקן נאָמען פון מיין זיידן, האָב איך אים געוויגט געהוידעט און געזונגען „ראָזשינקעלעך מיט מאַנדלען".

ווען ס'רבילע איז אַלט* געוואָרן אַכט חדשים, איז די מומע חיה אַוועקגעפאָרן אויף אַ לענגערע רייזע. ווי געוויינלעך, פלעגט מען דאָס קינד טראָגן אַנזייגן צו יענטלען.

זי האָט דאָס געטאָן אַביסל פאַרשטעלט פון איר מאַן בנימין, וועלכער האָט געקוקט קרום אויף דעם גאַנצן ענין. ביי אים איז דאָס אויסגעקומען, ווי מען רייסט אַוועק דעם טייערסטן און איינ־איינציקן ביסן פון זיין שוואַך קינדס מויל...

בנימין איז געווען אַ סוחר און געהאַנדלט מיט פלאַקס און קאָרן און איז אַלעמאָל אַרומגעגאַנגען מיט אַ בליישטיפט הינטערן אויער און געחשבונט, און דער חשבון אַז אַן אייגענער ברודער זאָל אויס־זייגן די מילך ביי דער שוועסטער און דאָס צונעמען ביים פּעטער, האָט ביי אים נישט געשטימט.

איז אַנגעגאַנגען צווישן מאַן און ווייב אַ שטענדיקע מחלוקה און זי האָט דערפאַר געזוכט זיך אויסצובאַהאַלטן מיט דעם נישט געווינטשן „זויגער", וועלכן זי האָט ליב געהאַט. פלעגט יענטל זיך שטיל אַריינשלייכן אין הויז פון אירע עלטערן, זיך אַוועקזעצן אויפן וויגל, אַרויסנעמען די ברוסט וועלכער דער קליינער יוחנן האָט זשעדנע אַ כאַפּ געטאָן און געזויגן, און געלאָפן גיך צוריק אַהיים צו איר אייגן קינד. נאָר פאַר יוחנן' מיט די רויטע פּוכקע בע־קעלעך איז אַזאַ מין זייגן, ווייזט אויס, נישט געווען גענוג, ווייל זייער אָפט נאָך זיין שוועסטערס אַנזייגן פלעגט ער זיך צעוויינען, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געפאָדערט נאָך, און פלעגט מיט קולות אָפּשטופּן דאָס נאַסע שמאַטקעלע מיטן איינגעוויקלטן שטיקל צו־קער.

עס זיינען שוין געווען אַוועק פיר טעג און די מומע חיה איז נאָך אַלץ געווען אונטערוועגנס. ווען ס'האָט גענומען גרויען אויף

טאָג, פלעגט יוחנן ביים ערשטן קריי פון האָן זיך אויפכאַפּן מיט באַנומענע קולות און געפאָדערט דאָס זייניקע.

האָט די עלטערע טאָכטער, איידל, גענומען וועקן די ייִנגערע קינדער, אַז זיי זאָלן אויפשטיין און טראָגן ס'קינד צו יענטלען, אָבער קיינער האָט זיך צו אירע רייד, געבעטן און געשרייען נישט צוגעהערט. זיי האָבן נישט געוואָלט אַרויסקריכן פון אונטער דער וואַרעמער פערענע. פון דער לאַנגער פינצטערער שלאָף־שטוב האָט זיך פונקט ווי פריער געטראָגן אַ רעגלעמעסיקער כראָפּן, אַ פייפעריי און בלאָזן ווי פון אַן אָרקעסטער.

פלעג איך דעמאָלט אַרויסקריכן פון בעט, זיך שנעל אָנטאָן, און אַ נישט געוואַשענע זיך אַרומוויקלען מיט אַ גרויסער פאַטשיילע, מיט דעם שרייענדיקן יוחנן, מאַכן אַ קניפּ פון הינטן און זיך לאָזן מיטן קינד צו יענטלען.

ס'איז געווען אין אָנפאַנג זומער. אַ נייער טאָג איז געבוירן געוואָרן. אויפן קלאָרן, בלויען הימל איז הויך אויפגעגאַנגען די זון, געוואָרפן זשמעניעס מיט גאָלדיקע שטראַלן אויף די ווייס־גע־קאַלעכטע און איינגעהויקערטע הייזלעך, וועלכע האָבן נאָך געהאַט פאַרמאַכטע לאָדנס, און די געוועלבער זיינען נאָך געווען פאַרשלאָסן אויף פרענט און אייזן.

מיינע לייכטע, קינדישע טריט האָבן אָפּגעהילכט איבער די ברוקירטע שטיינער. דער איינגענורעטער יוחנן האָט זיך לייכט געהוידעט אַרום מיין שמאָלער טאַליע און אויפגעהערט צו שרייען. אַן אַלטער ייִד מיט אַ גרויער באָרד האָט מיט טלית און תפילין געאיילט אין בית־מדרש. פון ערגעץ איז אָנגעפאָרן אַ פויער מיט אַ וואָגן אויפּס. וויאָ! וויאָ! — האָט געקנאַלט זיין בייטש, מיט וועלכער ער האָט אונטערגעטריבן דאָס אויסגעדאַרטע פערדל, וואָס האָט קוים געשלעפּט די שווערע משא.

מיין שוועסטער־קינד יענטל האָט געוואוינט אַ שטיק וועגס פון טאַטע־מאַמעס הויז. איך בין געגאַנגען דורך דער שול־גאָס מיטן פשעדבערזשער וועג, וואָס האָט געפירט צו איר הויז און אויך צום בית־עולם.

שוין דער פערטער טאָג ווי איך טראָג ס'קינד צום זייגן און

יעדעס מאָל באַגעגנט מיך בנימין מיט פינצטערע בליקן, וואָס זיינען גרייט איינצושלינגען מיך מיטן רבילע צוזאַמען...

איז מיר שווער פון טראָגן ס׳קינד און נאָך שווערער ווערט מיר ווען בנימין שטעלט אויף מיר זיינע שפּיזיקע אויגן וואָס שטעכן מיך ווי שפּילקעס. איך קום צו צום נידעריקן, געקאַלכטן הייזל, דאָס מאָל פריער ווי אַלע טאָג. די לאָדנס זיינען נאָך פאַרמאַכט, איך טו אַ לייכטן קלאַפּ, קיינער ענטפערט נישט, ס׳איז שטיל, ווייזט אויס אַז אַלע שלאָפן נאָך. קלאַפּ איך שטאַרקער, עס עפנט זיך פּאַמעלעך אַ האַלבער לאָדן, מיט אַ קליינעם לופטשיק. בנימין שטעקט אַרויס אַ באַפּעדערטן קאָפּ, מיט נאָך האַלב פאַרמאַכטע אויגן און פרעגט שטיל און בייז:

— וואָס ווילסטו ?!

— יענטל זאָל אים אָנזייגן, — ווייז איך אויפן קינד און קאָן נישט פאַרשטיין די קלאָץ־קשיה.

— גיי אַוועק! — זאָגט ער באַפּעלעריש, — זי איז קראַנק און אויסגעמוטשעט, ז׳איז געווען וואָך אַ גאַנצע נאַכט און איז ערשט איינגעשלאָפן! — און ער טוט אַ פאַרמאַך דעם לופטשיק מיטן לאָדן און פאַרשווינדט.

בלייב איך שטיין אַ פאַרצווייפלטע מיטן קינד אין דרויסן, נאָר באַלד כאַפּ איך מיך און קלאַפּ שטאַרקער אין לאָדן און שריי מיט עקשנות:

— עפנט! עפנט! ס׳קינד איז הונגעריק!

ס׳איז שטיל. נישטאָ קיין ענטפער.

— האָב רחמנות אויף דיין ברודערל, — בעט איך רחמים פאַר יוחנן, וועמענס וויינען שטילן דרעמלדיקן געסל.

דער לאָדן מיטן לופטשיק טוען זיך ראַפּטעם אַן עפן, בנימין שטעקט אַרויס אַ דערצאָרנטן קאָפּ, שטעלט אויף מיר אַן אַ פּאָר פייערדיקע אויגן, ווי שאַרפע מעסערלעך, און זייט אַרויס צווישן די ציין:

— טראָג דיך אָפּ, אויב דו ווילסט נישט, אַז איך זאָל דיך אָפּגיסן מיט אַ פּאָמעניצע וואַסער!... איך וואָרן דיך! — רוקט

ער אַרויס אַ האַנט און פּאַכעט מיטן ווייז־פינגער, טוט אַ קלאַפּ מיטן לופּטשיק און פאַרשווינדט ווידער.

איך בלייב שטיין צעטומלט, ס'קינד וויינט און איך ווייס נישט וואָס צו טאָן. נאָך אַ ווײַלע נאָכטראַכטן, באַשליס איך זיך נישט אונטערצוגעבן! איך וועל נישט אַהיימטראָגן אַ הונגעריק קינד. איך שאַר מיך פּאַמעלעך צו צום פאָדערהויז און בין שוין גרייט צו קלאַפּן איר טיר. נאָר דאָ באַווייזט זיך בנימין אין די בלויזע גאַטקעס, אין האַנט טראָגט ער דאָס פּאַמעשאַף. אינסטינקטיוו שפּרינג איך אָפּ.

— דו זעסט? — ווייזט ער אויף דער וויאַדרע, — אויב דו טראָגסט דיך נישט גלייך אָפּ, גיס איך דאָס אויס אויף דיר צו־זאַמען מיטן רבילע!...

און ער טוט אַ הויב דאָס פּאַמעשאַף אין דער לופטן, גרייט צו גיסן...

איך פאַרשטעל ס'קינד מיט ביידע הענט און אַ דערשראָקענע הייב איך אָן שטעלן גיכע טריט. איך דערווייטער מיך פון בנימינען און ער שרייט מיר נאָך:

— זוך דיר אויס אַ גוטע קו אָדער אַ געזונטע גויע!...

איך לויף. ס'וויינענדיקע קינד הוידעט זיך און ווערט אַנט־שוויגן. אָפּגעלאָפן אַ שטיקל וועג, בלייב איך שטיין. יוחנן הייבט דאָס מאָל אָן איינגעשפּאַרט צו וויינען. מיין וויגן און הוידען און זינגען העלפט מער נישט. איך בין אויפן וועג אַהיים, מיט אַ הונ־געריק קינד און טראַכט, אַז אויב ער זאָל נישט קריגן זיין עסן, קאָן ער חלילה שטאַרבן. ווער ווייסט, ווען די מומע וועט אַהיימקומען? וואָס זאָל איך טאָן?! איך בין שטאַרק פאַרצווייפלט. איך גיי ווייטער. דאָס שטעטל הייבט זיך אָן אויסטשוכען פון נאַכטיקן דרעמל. די בלומען־בייטן צעעפענען זייערע קנאָספּן. פרישער טוי, ווי טראָפּנס מילך, קייקלען זיך פון די גרינע בלעטער. די מאַמע ערד פּאָיעט אָן אירע קינדער. נאָר יוחנן האָט היינט נישט קיין מאַמען און איך טראָג אים אַ הונגעריקן אַהיים.

וואו נישט וואו גייט אַ יידענע מיט וואַרעם געבעקס און פּרי־

שע מילך. יידן לויפן פון דאַווענען. פון די געוועלבער ווערט אַראָפּ־גענומען פּרענט און אייזן.

פון ביילע דער ־ בייטערקעס געוועלבל טראָגט איר מאַן, חיים משה ביילקעס, אַרויס קאָלירטע שירצן און פאַרביקע, פויערשע קליידער פון ביליקן קרעטאָן, וואָס ביילקע נייט אַליין אויף, און ער צעהענגט זיי אויף דער טיר.

קיילע, די זאָגערין, קאַטשעט פון איר געוועלבל אַרויס אַ רונדן פאַס איינגעזויערטע אוגערקעס, ווי אַ שילד פון אירע איינגעזאַל־צענע סחורות. און יידישע, פאַרזאָרגטע פּנימער נעמען אַרויסקוקן די אויגן אויף אַ קונה, וואָס וועט מאַכן דעם ערשטן „פּאַטשאָנטעק".

איך קום צו צום הויז, גיי אַריין אין הויף און זע פון ווייטנס די געשטופלטע מאַנקע. זי זיצט ביים שוועל פון איר פאָטערס שטיבל, דעם סטרוזש פון הויז, און זייגט איר קינד, וואָס קיינער ווייס נישט ווער זיין טאַטע איז, און אַלע אין שטעטל רופן איר „מאַנקע מיטן ממזר". די געשטופלטע מאַנקע איז אַ הויכע, געזונטע שיקסע מיט העל־בלאָנדע, פלאַקסיקע האָר, אַ קורצע נאָז און אַ גע־שטופלט פּנים, קליינע, בלויע, פאַרזשמורעטע אייגעלעך, וואָס לאַכן גנביש אַרויס פון אונטער ווייסלעכע געדיכטע ברעמען.

זי זיצט מיט אַ צעשפּיליעטער בלוזקע, פון וועלכע עס מיניען אַרויס צוויי ווייסע, פולע בריסטן, עס רינט פון זיי די מילך, ווי פון איבערפולטע אייטערס ביי אַ קו.

איר קינד, ווען זי רופט יאַנעק, אין גאַנצן געראָטן אין דער מאַמען, ליגט אויף איר שויס אַ געזעטיקטער, שפּילט זיך מיט אַ פּיסל, דרייט אַוועק ס'מויל פון דער ברוסט, וואָס די מאַמע שטופּט אים נאָך אַלץ אין מויל אַריין. און דאָ טוט מיר אַ שלאָג אין קאָפּ בנימינס ווערטער: „זוך דיר אויס אַ געזונטע גויע"... פּלוצעם פאַלט מיר איין אַ געדאַנק. איך גיי צו נעענטער און זאָג:

— מאַנקאַ, האָב רחמנות און זייג אָן אַ הונגעריק קינד! — און ווייז אָן אויף יוחנן.

— גיי דיר צו אַלדע שוואַרץ יאַר מיט דעם קליינעם „זשידעק" צוזאַמען! — זאָגט זי נאָכלעסיק אַרויס און וויל פאַרשפּילעווען איר בלוזקע.

— מאַנקע, — בעט איך, — ס'איז דאָך אַ רחמנות אויפן קינד! זיין מוטער איז ערגעץ אַוועקגעפאָרן, ער האָט שוין לאַנג נישט גע־זויגן, ער וועט אויסגיין פון הונגער! ער וועט זיכער שטאַרבן!...

יוחנן קוקט זשעדנע אויף די פולע בריסטן און לאָזט פלוצעם אַרויס אַ געוואַלד.

ווערט די געשטופלטע מאַנקע ווייכער, ס'מאַמע האַרץ טוט זיך אַ ריר, און זי זאָגט:

— נו כאַפּט אייך ביידן די כאָלערע!... גיב אים אַהער דעם „זשידעקל", עס פעלט מיר נישט קיין מילך!...

זי לייגט אים צו צו דער ברוסט און ס'קינד נעמט ציען מיט אַזאַ אימפּעט, אַז די גויע צעלאַכט זיך אַזש, צלמט זיך איבער און שרייט אויס:

— אָ לאַבאַגאַ, וואָס פאַר אַ פרעסער!...

אַן אַנגעזעטיקטן, מיט רויטע, פאַרשמירטע בעקלעך, טראָג איך יוחנן' מיט גרויס נצחון צוריק אַריין אין שטוב. לייג אים אַוועק אין וויגל, אַ צופרידענער שלאָפט ער באַלד איין.

איך לויף צו צו דער גרויסער טאָכטער, איידל, און דערצייל מיט אַ גדולה פון דער אַוואַנטורע, וואָס איך מיטן קינד האָבן היינט אַדורכגעמאַכט.

איידל ווערט בלייך פון גרויס אויפרעגונג, פאַרברעכט מיט די הענט און רופט פאַרצווייפלט אויס:

— וואָס האָסטו געטאָן?!...

אַ דערשראָקענע קוק איך איר אָן, וויל עפּעס זאָגן. נאָר אין דער מינוט לויפט אַריין דער פעטער יצחק, וועלכער האָט דורך דער דינער וואַנט אַלץ געהערט.

ער פלאַצט אַרויס:

— אַרויס זאָלסטו מיר גיין, פון מיין שטוב! דיין פּנים זאָל זיך מיר דאָ נישט ווייזן! אַרויס!

ער האָט אַן עפן געטאָן די טיר און מיך אַרויסגעיאָגט פון הויז און מיר נאָכגעשריגן:

— „פּאָשאָל וואָן"! געגאַנגען זאָל ווערן!

אַהיים בין איך געגאַנגען מיט אַ געוויין, און נישט געקאָנט קלאָר

באַנעמען וואָס פאַר „אַ שרעקלעכע זאַך" איך האָב דאָ אָפּגעטאָן. נאָר אַז עפּעס איז נישט ריכטיק, האָט זיך מוטנע געגומען פלאָנטערן אין מיין ניין־יאָריקן מח.

מיט צוויי טעג שפּעטער, ווען די מומע איז געקומען צופאָרן, בין איך אַ פאַרוויינטע געשטאַנען אונטער איר פענצטער, און נישט געוואָגט אַריינצוגיין אין שטוב.

זי האָט מיך דערזען און איז אַרויסגעקומען, און אַ טרויעריקע מיט אַ געבראָכן קול געזאָגט:

— דו ווייסט כאָטש, וואָס דו האָסט אָפּגעטאָן?

— ניין, — האָב איך געצויגן מיט דער פּלייצע, — איך ווייס נישט.

— דו האָסט מיר טריף געמאכט ס׳קינד! אויס רבי!

און זי האָט זיך יאָמערדיק צעוויינט.

# דער טייך דאַרף אַ מענטש

יעדן חודש אלול, איז מיין מאַמע געפאָרן אויף קבר־אבות פון אירע עלטערן קיין פשעדבערזש, און אין איין וועג האָט זי זיך שוין געזען מיט איר איינציק פאַרבליבענער שוועסטער, דבורהלע מיט איר מאַן און קינדער, און ווי פאַר אַ הייליקן חוב, האָט זי אויך געהאַלטן דאָס קומען געוואָר ווערן ווי אַזוי עס כאָוועט זיך ריווטשע די יתומה. ריווטשע איז געווען די טאָכטער פון דער דינסט שפרינצע־מאַטל, וואָס האָט געדינט ביי צוויי דורות. צוערשט ביים זיידן מיט דער באָבען, און ווען זיי זיינען אַוועק אויף דער אמתער וועלט, איז שוין שפרינצע־מאַטל געווען אַן אלמנה מיט אַ מיידעלע פון דריי יאָר, איז זי, צוזאַמען מיטן קינד, איבערגע־גאַנגען צו מיין מומע דבורהלען, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אַ חתונה־געהאַטע און אין גרויס נגידות.

אַכט יאָר האָט זי אָפגעדינט ביי מיין מומען, און פלוצעם איז שפרינצע־מאַטל קראַנק געוואָרן, און נאָך איידער דער רופא איז געקומען איז זי אויסגעגאַנגען. זי האָט בלויז באַוויזן צוצורופן צום בעט די מומע דבורהלען, און זי געבעטן, אַז זי זאָל איר צוזאָגן, אַז זי וועט דערציען איר יתומה ווי אַן אייגן קינד. מיין מומע האָט דאָס איר צוגעזאָגט, און גלייך האָט יענע פאַרשלאָסן די אויגן אויף אייביק. אַזוי איז ריווטשע צו עלף יאָר געבליבן אַ קיילעכדיקע יתומה אין רשות פון מיין מומען.

די גאַנצע ווירטשאַפט האָט געפירט די מומע דבורהלע, איר מאַן, ישראל טענענבוים, איז געווען אַ גרויסער וואַלד־סוחר, גע־האַנדלט מיט האָלץ און האָט זיך ווייניק געמישט אין שטוב זאַכן. די באַלעבאַטישקייט איז געווען אין זיין ווייבס רשות.

די מומע דבורהלע איז געווען אַ הויכע, אַ דיקלעכע, מיט אַ פולן בוזעם; דאָס ברוין־האָריקע שייטל איז געווען פאַרקעמט אין

אַ הויכן פּאַמפּאַדור און האָט אויסגעקוקט כמעט ווי אייגענע האָר. ס'פּנים בלייך, נאָר אין די באַקן איז אַלעמאָל געווען אַ ראָזעווע פאַרב. די נאָז פלעגט זיך ביי איר פאַרציען אויף אַרויף, ווען אירע נאָזלעכער האָבן עפּעס דערשמעקט וואָס איר איז נישט געווען געפעלן. אויגן האָט זי געהאַט גרויסע, ברוינע, און ווען זי האָט באַטראַכט אַ מענטש, האָט זיך דאָס לינקע אויג ביי איר פאַרמאַכט און דאָס רעכטע האָט שפּיזיק דורכגענומען דעם פרעמדן.

זי האָט געפירט די באַלעבאַטישקייט מיט גרויס פּינקטלעכקייט. נעמאָסטן און געוואויגן אויף אַן אייגענער וואָג אַלץ וואָס די דינסטן האָבן איר געבראַכט פון געוועלב אָדער מאַרק. זי האָט געטיילט נדבות און אַלץ פאַרשריבן אין אַ ביכעלע, וועמען און וויפיל, אַפילו ווען די נדבה איז געווען אַזוי קליין ווי אַ קאָפּיקע. געקליידט איז זי שטענדיק געווען לויטן לעצטן פאַסאָן פון וואַרשע. זי האָט באַזונדערס ליב געהאַט צו טראָגן קליידער מיט אַ סך קרוזשעוועס און שפּיצן. אויף איר טאַליע איז אַלעמאָל געהאַנגען אַ קייטעלע מיט אַ בינט שליסעלעך, וואָס דורך זיי האָט נאָר זי אַליין געהאַט דעם צוטריט צו אַלע שופלאָדן, פון די ברילי‍אַנטן און טייערע פּערל, ביז די פּערל־גרויפּן און בעבלעך.

די קינדער און די דינסטן האָבן געציטערט פאַר איר בליק. רבורהלע ר' ישראל טענענבוימס, ווי מ'פלעגט זי רופן, האָט רעגירט איבער איר קעניגרייך מיט אַ שטאַרקער האַנט, און האָט אַלעמאָל אויסגעפירט וואָס זי האָט געוואָלט.

מיין מוטער איז געווען פּונקט דער היפּוך פון איר שוועסטער. אַ דינע, פון מיטעלן וואוקס, אַ שטילע און אַ געהאָרכזאַמע און אַ נאָכגעביקע. נישט קוקנדיק אויף דעם גרויסן אונטערשיד צווישן די צוויי שוועסטער, האָבן זיי זיך שטאַרק ליב געהאַט.

זיין זיינען געווען צוויי ציטערדיקע און אויסגעבעטענע קינדער ביי טאַטע־מאַמע. פון עלף זיינען בלויז די צוויי, דבורהלע און ריוועלע געבליבן. ביז דרייצן יאָר, זיינען זיי געווען געקליידט אין ווייסן, אַ סגולה פאַר לאַנג לעבן. ריוועלע האָט חתונה געהאַט פאַר אַ נאָוואָראַדאָמסקער חסיד, זיך באַזעצט אין נאָוואָראַדאָמסק און פלעגט ביי יעדער געלעגנהייט פאָרן אַהיים קיין פּשעדבערזש. אַלץ

וואָס איר עלטערע שוועסטער דבורהלע האָט געטאָן, איז ביי ריוועלען געווען רעכט, נאָר איבער ריוועטשען איז אָפּט געקומען צו אַן איבעררייד. מיין מאַמע האָט געוואָלט אַז מ׳זאָל איר לערנען שרייבן, אָבער די מומע דבורהלע האָט געזאָגט, אַז פאַר אַ מיידל, אַ יתומה, איז גענוג אַז זי וועט קענען דאַווענען.

אַ גאַנץ יאָר האָב איך מיט גרויס שפּאַנונג געוואַרט אויפן חודש אלול, ווען מיין מאַמע פלעגט מיך מיטנעמען קיין פשעדבערזש. פאַר מיר איז דאָס געווען אַן אמתער יום־טוב. קודם דאָס פאָרן מיטן בויד; דאָס באַרימען זיך פאַר מיינע חברטעס; און דערהויפּט, דאָס זיין אין אַן אַנדער שטעטל; זיך זען מיט דער מומען, דעם פעטער און די קינדער, האָט אַרויסגערופן ביי מיר אַ סך פרייד. און אַמשטאַרקסטן האָט מיך געצויגן צו ריוועטשען וואָס פלעגט מיר דערציילן וואונדערלעכע מעשות פון פּרינצן מיט פּרינצעסינס; אַמאָל פון שדים, פּיפּערנאָטערס און דיבוקים. זי האָט מיר אויך פּריציייטיק אַנטדעקט ווייבערישע סודות, וואָס זיינען פאַר מיר געבליבן נעפּלדיק און נישט קלאָר.

יענעם חודש אלול, ווען איך בין מיט מיין מאַמען, אין באַגלייטונג פון פראַדל דער דינסט, געגאַנגען צו דער פור, האָב איך אַזש אונטערגעשפּרונגען פון גרויס גדולה. ס׳איז געווען אַ וואַרעמער פרימאָרגן. פון אַ קלאָרן, בלאָען הימל האָט זיך גאָלדיק צעלויכטן די זון. די אָפענע בויד איז שוין געווען אָנגעלאָדענע מיט יידן און ווייבער. בערל דוואָשעס, דער פורמאַן, האָט געהייסן דעם עולם זיך צוזאַמענרוקן און מאַכן פּלאַץ, און איך מיט מיין מאַמען האָבן זיך אַריינגעקוועטשט צווישן צוויי ווייבער. דער בעל־עגלה האָט אַ צי געטאָן די לייצעס, אַ געשריי געטאָן וויאָ צו די פערדלעך, און באַלד האָט די אָפענע בויד זיך גענומען וויגן, שאָקלען און קרעכצן. די פאָדקאָוועס פון די פערד האָבן געקנאָקט אויף די ברוקירטע שטיינער; נאָוואָראַדאָמסק, מיט איר מאַרק, קראָמען און הייזער, האָבן אָנגעהויבן פאַרשווינדן פון אויג, און נאָכדעם ווי מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן דאָס הייליקע אָרט האָבן די פערד אָנגעהויבן טרעטן שטילער אויף דער ווייכער ערד; אַמאָל אין טיפע בלאָטעס; אַמאָל אויף אַ טרוקענעם שאָסיי; אָפּט האָט זיך

אַ הויב געטאָן אַ וואַלקן שטויב און איינגעהילט די בויד מיט מענטשן. גרינע וועלדער, מיט ווילדע גראָזן און מיט בלויע און געלע בלי־מעלעך און וויס־געקאַלכטע שטיינער האָבן פאַרבייגעמיניעט פאַר די אויגן.

אויפן וועג האָט מיר מיין מאַמע דערציילט, אַז דער פעטער ישראל מיט דער עלטסטער טאָכטער חנהלע, וואָס האָט געקראָגן אַ חתן פון גרויסן יחוס, זיינען איצט אין וואַרשע; זיי קויפן דאָרטן איין דעם אויסשטייער; און דאָס וואָרט מען טאָקע אויף מיין מאַ־מעס קומען, אָפּצושמועסן דעם געניעץ טאָג פון דער חתונה.

ווען די זון האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו ברענען, האָט דער בעל־עגלה אָפּגעשטעלט דעם פערד און וואָגן; אַרויפגעצויגן די לייוונט אויף די רייפן; אָנגעפּאָיעט די פערד און געפּאָרן ווייטער. די דאָרע פערדלעך האָבן שווער געפּרייכט, געשוויצט, און שוין נישט געלאָפן מיט דעם פריערדיקן אימפעט. בערל דוואָשעס האָט געקנאַקט מיט דער בייטש; געשריגן; געשאָלטן און גערופן די פערדלעך: „פוילע שקאָפּעס", „איינגעדאַרטע דרענגער". פאַר מיר האָט זיך די רייזע געצויגן לאַנג. איך האָב שוין וואָס גיכער געוואָלט זיין אין פּשעדבערזש. כ'האָב אַלע ווילע געפרעגט דער מאַמען ווי ווייט ס'איז נאָך. ענדלעך האָבן מיר דערזען דעם שפּיץ פון קלויס־טער. עס האָט זיך גענומען אויסשיילן דאָס שטעטעלע, וואָס האָט פונווייטנס אויסגעקוקט ווי אַ קינדער־לאַנד מיט קליינע, פּיצעלעך הייזעלעך אין בונטע פאַרבן, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט פון איין זייט מיט אַ טייך, פון דער צווייטער האָבן זיך געצויגן גרינע לאָנקעס.

באַלד זיינען מיר אַריינגעפּאָרן אין פאַרשטעטל ווידאמע. הילכיק האָבן אָפּגעקלאַפּט די פערדישע טריט אויף דער לאַנגער שפּאַציר־בריק. אָט איז שוין דער מאַרק. די בויד איז געבליבן שטיין לעבן גדליה פאַרפעלס אכסניה. עס האָט זיך אַרומגעשטעלט אַ נייגעריקער עולם, אַרומגערינגלט די פּאַסאַזשירן. אַ סך זיינען געקומען באַגע־געגענען משפחה, פריינד; אַנדערע אָבער, זיינען געקומען גלאַט קוקן. און אָט איז אונדז אַנטקעגנגעקומען ריווטשע מיטן צווילינג, שיינדעלע און לאהלע און דער עלטסטער זון, אביגדור. מיר, די

קלענערע קינדער, האָבן זיך מיט גרויס געפילדער געלאָזט לויפן צו דער איינציק געמויערטער קאמעניצע מיטן באַלקאָן, וואָס האָט באַלאַנגט צו מיין פעטער ישראל.

מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער, זיינען אויך געקומען צופאָרן דער פעטער מיט דער טאָכטער פון וואַרשע, מיט דער איינגעקויפטער וויפּראַווע. און באַלד האָט מען אין גאַנצן שטעטל געוואוסט, אַז ביי ישראל טענענבוימען שמועסט מען היינט אָפּ אַ זמן־חתונה. ס׳האָבן טאַקע באַלד אָנגעהויבן אָנקומען מענטשן: משפחה, שכנים, פריינד, אויך שניידערקעס און נייטאָרינס האָבן זיך געיאָוועט. די מומע דבורהלע האָט באַשטעלט צוויי שניידערקעס וואָס זאָלן זיצן אין אַ באַזונדערער שטוב און נייען פאַר דער כלה דעם אויסשטייער. אין הויז האָט געראַיעט מיט מענטשן, ווי אויף אַ יאַר־מאַרק.

אויפן איינגעמויערטן, ציגעלנעם אויוון וואָס האָט געהאַט פון אויבן אַ קופּערן דעכל, און איז געווען באַהאַנגען מיט קופּערנע פּאַנען אין אייזערנע טעפּ, האָבן זיך כסדר געקאָכט אַלערליי מאכלים. גאָלדע, די קעכין, האָט זיך געפּאָרעט אַרום די פולע טעפּ. ריווטשע האָט איר צוגעהאָלפן. דער ריח פון די געבראָטענע גענדזלעך און צוגעריישטע ציבעלעס האָבן גערייצט דעם אַפּעטיט, די נאָזלעכער.

איך האָב מיט גרויס באַוואונדערונג געקוקט אויף ריווטשען, וואָס האָט זיך אין דעם יאָר וואָס איך האָב זי נישט געזען אַ סך געביטן. די אַכצן־יאָריקן יתומה איז עפּעס שענער און רייפער גע־וואָרן. איר הויכע, דינע פיגור איז פולער געוואָרן; די שוואַרץ־בלויע האָר וואָס פלעגן אַרונטערפאַלן אין צוויי לאַנגע צעפּ, זיינען געווען פאַרנומען אויף איר קאָפּ ווי אַ האַלבע לבנה; אירע בלויע שטיפערישע אויגן זיינען געוואָרן ערנסטער און פאַרטראַכט. אָפט האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי זעט גאָרנישט וואָס עס טוט זיך אַרום איר און הערט נישט דעם גאַנצן טומל. זי פלעגט אַ שטילע, אַ פאַרטראַכטע שוועבן, ווי אַ ניטדאַאיקע, נאָר אירע הענט האָבן זיך מעכאַניש באַוואויגן און געטאָן די שטוב־אַרבעט.

ווען זי האָט יענעם אָונט געגרייט דעם טיש צום נאַכטעסן, האָט מיין מאַמע אַ פּאָר מאָל געפּרובירט מיט איר פאַרפירן אַ שמועס,

אָבער ריוועטשע האָט בלויז געענטפערט מיט אַ „יאָ“ אָדער „ניין“, אָדער גאָר אַ שאָקל מיטן קאָפּ. האָט מײַן מאַמע אַ זאָג געטאָן:

— איך ווייס נישט וואָס ס׳איז מיטן מיידל! זי איז עפּעס צע־חושט.

באַלד נאָך וועטשערע, זיינען אָנגעקומען די מחותנים פון שכנותדיקן דאָרף, וואו זיי האָבן פאַרמאָגט אַן אייגענע אימעניע, און ביי פול געדעקטע טישן איז אָפּגעשמועסט געוואָרן דער טאָג פון דער חתונה. שפּעטער האָט די זיבעצן־יאָריקע כלה, אַ צע־פלאַמטע פון גליק, גענומען אויספּאַקן פון פאַרשידענע טשעמאָדאַנעס די זאַכן וואָס זי מיטן פאָטער האָבן איינגעהאַנדלט אין וואַרשע, און עס האָט גענומען מיניען מיט ווייסן אַטלעס, שוואַרצע זייד, טאַפטן, פון רויט, גרין און בלאָע קאָלירן; אויסלענדישע, וואָלענע שטאָפן; זאַגראַניטשנע שפּיצן און טול; אויסגענייטע האַנטעכער און טיש־טעכער; ווייסע ליינוואנט אויף ציכן און זילבער־און־גאָלד־געהאָפטענע שפּיצן. זי האָט אויך איינגעקויפט זיידנצייג, פאַר איר מוטער אויף אַ חתונה קלייד; פאַר אַלע קינדער פאַרשידענע שטאָפן אויף מלבושים; פאַר מיין מוטער האָט זי געבראַכט אַ קלייד, און סחורה אויף אַ שוואַרצער, זיידענער שובע; פאַר מיר, אַ ראָזעווע טולן קלייד מיט אַ זיידן אונטערקליידל. די כלה האָט דערביי אויסגערעכנט די גרויסע מעלות פון די סחורות און אַלע זיינען דערביי געשטאַנען, באַ־טראַכט די זאַכן און אַרויסגעזאָגט, איטלעכער זיין מבינות. מיטאַמאָל האָט זיך די כלה ווי אַן עפּעס דערמאָנט, און איז מיט דריבנע טריטעלעך צוגעגאַנגען צו אַ קליינער וואַליזקע; פון דאָרטן אַרויס־גענומען אַ דין פּעקעלע; נאָר איידער זי האָט דאָס אויפגעפּאַקט, האָט זי זיך עפּעס שטיל געסודעט מיט דער מומע דבורהלע. יענע האָט צוגענומען דאָס פּעקעלע פון אירע הענט, האָט עס אויפגע־פּאַקט, און גענומען באַטראַכטן די פּשוטע, ציצענע שטאָף, דערביי האָט זיך דאָס לינקע אויג ביי איר געשלאָסן און דאָס רעכטע האָט טיף דורכגעדרונגען די צוויי באַזונדערע שטיקלעך קרעטאָן. מיט־אַמאָל האָט זיך דאָס לינקע אויג געעפנט, און ביידע אויגן האָבן זיך צופרידן צעשמייכלט. זי האָט אַן הסכמהדיקן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף איר טאָכטערס גוסט און אויסגערופן:

— גאָלדע, ריווטשע! ווי זענט עץ ערגיץ?! קומץ אַריין, מיין חנהלע האָט ענק געברענגט טייערע מתנות פון וואַרשע...

די קעכין מיט דער יתומה זיינען אַריינגעקומען. די מומע דבורהלע האָט זיי דערלאַנגט די שטיקלעך געבלימלטע סחורה און דערביי האָט זי געזאָגט:

— דאָס איז פאַר ענק אויף קליידער צו מיין חנהלעס חתונה. מיין טאָכטער פאַרגעסט נישט חלילה אָן קיינעם.

— שיינעם דאַנק באַלעבאָסטעלעבן, און זאָל גאָט געבן, אַז חנהלע זאָל זיך עלטערן מיט איר זיווג ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר — האָט איר גאָלדע צוגעוואונטשן. זי האָט אינגאַנצן געשטראַלט פון פרייד, און זיך נישט געקאָנט זאַט אָנקוקן אויף די קווייטן פון דעם גרינעם צייג. נאָר ריווטשע, ווען זי האָט געקראָגן דאָס שטיקל סחורה אויפן קלייד, האָט אויסגעקוקט אַנטוישט. זי האָט עפּעס אָן אומצופרידענעם שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַ ברום אַרויס געטאָן „אַ שיינעם דאַנק” און זיך גלייך געלאָזט גיין צוריק אין קיך.

שפּעט אין דער נאַכט, ווען אַלע זיינען שוין געשלאָפן, זיינען נאָך די צוויי שוועסטער געווען וואָך און זיך דורכגעשמועסט וועגן פאַרשידענע זאַכן. איך האָב געהאַלטן די אויערן אָנגעשפּיצט און געהערט ווי מיין מאַמע האָט פּלוצעם אַ פרעג געטאָן:

— זאָג מיר, דבורהלע, וואָס איז דאָס געוואָרן מיט ריווטשען? עפּעס איז זי גאָר אַן אַנדערע ווי זי איז געווען מיט אַ יאָר צו־ריק... שוין צייט צו טראַכטן וועגן אַ תכלית פאַר דער יתומה. מ׳דאַרף זען איר חתונה צו מאַכן מיט עפּעס אַ לייטישן יונגנ־מאַן.

— אדרבה, זע, — האָט די מומע געזאָגט מיט כעס. — זיי וויסן, מיין שוועסטער, אַז מען האָט איר גערעדט גענוג לייטישע שידוכים, און זי האָט נישט געוואָלט.

— וואָס פאַר אַ שידוכים? — האָט די מאַמע געוואָלט וויסן.

— שמואל הערש דעם וואַסער טרעגערס זון, כתריאלקע וואָס איז אַ טייערער שטריק־מאַכער, און משה סטאָלער, דער רייפּערקעס זון, דו ווייסט, דער עלטסטער, וואָס שטאַמעלט אַביסל, אַ שטילער בחור און אַ טייערער פאַרדינער.

— די שידוכים געפעלן מיר נישט. עס קומט איר אַ בעד־סערער חתן — האָט מיין מוטער מיט פּאַדראַס געזאָגט.

— איך באַהאַנדל זי ווי אַן אייגן קינד! אָבער פאַרגעס נישט אַז זי איז אַ קיילעכדיקע יתומה, און בלאָזן בלאָזט זי זיך ווי זי וואָלט געווען דעם ווילנער גאונס אַן אייניקל אָדער ראָטשילדס אַ טאָכטער!

— באשר וואָס? און אַז אַ יתומה קומט איר שוין אָבי ווער? זי איז אַ טייער, כשר קינד און שיין ווי אַלע וועלטן — האָט מיין מאַמע געטענהט.

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת — האָט איר די מומע אי־בערגעשלאָגן די רייד. מען רעדט דאָ אין שטאָט, אַז זי פּירט אַ ליבע. תחילת האָב איך דאָס נישט געוואָלט גלייבן, אָבער איצט ווייס איך אַז דאָס איז אמת, און אַז ס'איז אַרויסגעוואָרפן אונדזער רעדן איר די טייערסטע שידוכים, אַז אַן אַנדערער ליגט איר גאָר אין זינען. ס'וועט איר שוין קיינער נישט געפעלן, איין גאָט ווייסט וואָס פון דער מויד וועט ווערן...

— גיי שוין גיי, דו רעדסט נאָך לשון־הרע. מאַלע וואָס בייזע צינגער רעדן.

— איך ווייס דאָך אַפילו מיט וועמען, האָט זיך די מומע גע־האַלטן פעסט. טאַקע פון דיין שטעטל. עפּעס אַ שוסטער־יונג. ער פלעגט קומען צופאָרן אַהער אויף יעדן שבת און זיי פלעגן גיין שפּאַצירן אויף דער בריק ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין. מ'האָט זיי געזען אַזש אַזוי ווייט, ווי אין ווידאַמע.

ביידע שוועסטערן האָבן נאָך לאַנג גערעדט, אָבער וואָס אַמאָל שטילער. מיינע אָנגעשפּיצטע אויערן און אויפגעריסענע אויגן האָבן זיך מיד געשלאָסן, דער שלאָף האָט גובר געווען איבער מיין ניי־געריקייט וואָס עס רעדן די „גרויסע"; די אויגן האָבן זיך פאַר־מאַכט און איך בין פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף.

איין טאָג האָט מיך ריווטשע מיטגענומען צום טייך. זי איז געגאַנגען וואַשן גרעט. ס'איז געווען אין אַ זוניקן פרימאָרגן. אַ קליין־שטעטלדיקע שטילקייט האָט געהויערט אויף די הייזלעך און גערטנדלעך אַרום. קאָזעס האָבן זיך געפּאַשעט אין זייטיקע, גראָ־

זיקע געסלעך. לאָדנס האָבן זיך צעעפנט. פּשעדבערזש האָט אויפ־געוואַכט פונעם נאַכטיקן שלאָף. ביים טייך זיינען שוין געווען אַ סך ווייבער און מיידלעך וואָס האָבן געוואַשן וועש. ריוועשע האָט זיך אָפּגעזונדערט פון די מענטשן אַרום; זי האָט געפונען אַ זייטיקן, גרויסן שטיין, האָט זי זיך דאָרטן אַוועקגעזעצט; אויסגעטאָן די שיך; פאַרשאַרט איר גרין קליידל ביז איבער די קני; נאַקעטע, ראָזעווע, געטאָקטע פיס האָבן אָפּירגעקוקט פון אונטער אַ ציכטיק ווייסער האַלקע; זי האָט איינגעטונקט די וועש, געריבן מיט זייף; זי האָט די גרעט אַוועקגעלייגט אויפן שטיין און געקלאַפּט מיט אַ קיאַנקע, דערביי האָט זי געזונגען אַ טרויעריק לידל. איר קלאָרע שטימע האָט זיך צעטראָגן איבער די גרינע לאָנקעס אַרום, האָט אָפּגע־הילכט ווי אַ ווידערקול, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס זינגט מיט איר מיט אַ נישט־זעבאַרער כאָר:

די יאָרן ציען
די יאָרן פליען
פון אונדזער ליבע נעמט אַן עק
פון אונדזער ליבע נעמט אַן עק
פון אונדזער שענסטער
בעסטער ליבע.
גייען גייסטו פון מיר אַוועק.

אויפן וועג אַהיים, האָט ריוועשע מיך פלוצעם אַ פרעג גע־טאָן:

— שרהלע, דו קאָנסט שרייבן אַ בריוו?

— וואָס פאַר אַ בריוו? — האָב איך געפרעגט.

— אַ ליבעס־בריוו, צו אַ חתן.

— ניין, אַזאַ בריוו קאָן איך נישט שרייבן.

— פאַרוואָס?

— ווייל איך ווייס נישט ווי אַזוי מ׳הויבט אָן... אין דער היים וואָלט איך אפשר געקאָנט, ווייל מיר האָבן ביי אונדז אַ בריווג־שטעלער. מיט אַ בריוונשטעלער קאָן מען אַלץ...

— דאָ אין הויז איז אויך פֿאַראַן אַ בריוונשטעלער. איך ווייס וואו די באַלעבאָסטע באַהאַלט אים און וועל שוין זען אים צו קריגן ווען קיינער וועט נישט זען... און מיטן בריוונשטעלער וועסטו קאָנען? — האָט ריווטשע געוואָלט וויסן.

— יאָ, איך וועל קאָנען.

— דו מוזט מיר אָבער צוזאָגן, אַז דו וועסט קיינעם נישט דער־ציילן פֿון דעם בריוו.

— איך זאָג צו.

— שווער ביי דיין טאַטע־מאַמע.

— ניין, דאָס טאָר מען נישט.

— שווער, אַז אויב דו זאָגסט אויס, זאָלסטו נישט דערלעבן ביז סוכות.

— אויב איך זאָג אויס, זאָל איך נישט דערלעבן ביז סוכות, — האָב איך נאָכגעזאָגט.

מיר זיינען ביידע אַהיימגעגאַנגען שטאַרק צעטראָגן, און מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויף דער פּאַסיקער צייט, ווען קיינער וועט נישט זיין אין הויז. און אָט אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג, די מאַמע מיט דער שוועסטער זיינען אַוועק אויפֿן הייליקן אָרט; די כלה צו אירע חברטאָרינס; די קינדער האָבן זיך געשפּילט אין גאַס; די קעכין איז געווען אין קיך און געפּליקט הינער; ריווטשע איז געווען אין דער סאלע און געפּוצט די זילבערנע קאַנדעלאַברע; האָט זי אויפגעהערט צו פּוצן; געטאָן צו מיר אַ ווינק אַז איך זאָל וואַרטן; איז צו צו דער ברייטער, געשניצטער ספרים־שאַנק, גע־זוכט, און אַרויסגעשלעפּט פֿון אַ ווינקל אַרויס אַ קליין ספרל, און געזאָגט:

— אָט איז דער בריוונשטעלער. געפֿין דאָרטן ווי אַזוי מען הויבט אָן צו שרייבן צו אַ חתן... דאָס איבעריקע וועל איך דיר שוין זאָגן.

איך האָב נאָך אַ לאַנגן זוכן געפֿונען: „צו אַ ברויטיגאַם".

איך האָב אָנגעהויבן שרייבן דעם בריוו:

„מיין האָכגעשעצטער ברויטיגאַם! ערשטנס קוממע איך איהנען צו מעלדן דאָס איך פֿינדע זיך גאָט צו דאַנקעןביים בעסטן

געזונט, געבע גאָט דאָס נעמליכע פון איהנען צו הערן אימער און עוויג." — — —

איך האָב איבערגעלייענט פאַר ריווטשען וואָס איך האָב געשריבן און געפרעגט וואָס איך זאָל ווייטער שרייבן. זי האָט געהאַלטן אין פוצן די זילבערנע לעפל, גאָפּל, מעסער. האָט זי דאָס אַוועקגעלייגט אין אַ זייט, זיך צוגערוקט נאָענט צו מיר און שטיל געזאָגט:

— שרייב אים, אַז ער האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט; ער האָט מיך געקוילעט אָן אַ מעסער: ער האָט מיר געשוואָרן ביי מיין טויטער מאַמען און איך האָב אים געגלויבט... און פאַרוואָס האָט ער אויפגעהערט צו קומען פונקט ווען איך מוז אים זען. די חדשים לויפן און עס קאָן ווערן צו שפּעט...

זי האָט אַלץ גערעדט שטילער, מיט אַ געדעמפּטן קול. אירע גרויסע, בלויע אויגן זיינען געווען פאַרלאָפן מיט טרערן און זי האָט ווייטער דיקטירט:

— שרייב אים, אויב ער קומט נישט גלייך און וועט נישט מיט מיר שטעלן אַ חופּה, וואַרף איך מיך אַריין אין טייך... יאָ דער טייך ציט מיך — האָט זי פאַרטראַכט אַרויסגעכליפּעט און טרערן זיינען געפאַלן אויף אירע באַקן — אָבער איך האַלט מיך אָפּ. מיין טויטע מאַמע וועט זיך אָננעמען פאַר מיר... אויב ער וועט נישט גלייך קומען צופאָרן, איז אַ סוף צו מיין לעבן. איך וועל מיך דערטרינקען...

איך האָב אַ דערשראָקענע אַוועקגעלייגט די פּעדער און געפרעגט:

— אָבער פאַרוואָס ווילסטו זיך דערטרינקען?...

— ווייל עס האָט מיך געטראָפן אַ בראָך... אַ גרויס אומגליק. אַ מיידעלע וואָס איז נאָך נישט אַלט קיין פולע עלף יאָר טאָר נאָך נישט וויסן אַלץ... שרייב, אפשר וועט דער אויבערשטער העלפן, און דער בריוו וועט ווייך מאַכן זיין האַרץ און וועט אים צוריקברענגען צו מיר... שרייב.

דערהערנדיק אַז מיין בריוו־שרייבן קאָן אים ברענגען און אַלץ וועט גוט ווערן, האָב איך מיט גרויס ערנסטקייט אַריינגעשריבן אַלץ

וואָס זי האָט מיר געהייסן און מײַנע טרערן האָבן אָראָפּגעקאַפּעט אויפֿן ווײַסן פּאַפּיר. איך האָב דעם בריוו אַרײַנגעלייגט אין אַ קאָנ־ווערט, פֿאַרקלעפּט, און מיר זײַנען בײדע גלײַך אַוועקגעגאַנגען צו גדליה יאַפּצאַק, דעם ליוועראַנט, און אים אַוועקגעגעבן דאָס גע־היימע בריוול. ריוועשע האָט אים געגעבן אַ זעקסער, און אים אָנגעזאָגט, אַז דאָס בריוול מוז ער גלײַך אָפּגעבן אין האַנט פֿון איציק שוסטער, און ווען יענער האָט קלאָר נישט געוואוסט ווער דאָס איז, האָט ריוועשע שטיל צוגעגעבן „איציקל פּאַצעט". דעמאָלט האָט גדליה יאַפּצאַקס, רויט, פֿון ווינט צעאַקערטע פּנים זיך צעשמייכלט און ער האָט אַן אויסגעצויגענעם פֿײַף געטאָן, וואָס האָט געקאָנט מיינען: — אָט דער פֿויגל גאָר!? נאָר געזאָגט האָט ער:

— יאָ, איך קען אים גוט, זאָרג זיך נישט ריוועשע, איך וועל אים דעם בריוו אָפּגעבן נאָך היינטיקע נאַכט, גלײַך ווי איך קום אין שטאָט אַרײַן וועט ער וויסן פֿון דײַן שרײַבעכץ.

שפּעט אין דער אייגענער נאַכט, ווען דאָס גאַנצע הויז־געזינד איז שוין געשלאָפֿן, זײַנען נאָך די מומע דבורהלע, מײַן מאַמע און דאָס כּלה־מיידל געוווען וואַך. חנהלע האָט דערציילט די וואונדער פֿון דער גרויסער שטאָט וואַרשע. איך האָב יענע נאַכט בשום־אופֿן נישט געוואָלט גיין שלאָפֿן, נאָר זײַן וואַך און הערן וואָס עס רעדן די גרויסע.

חנהלע האָט דערציילט, אַז וואַרשע איז אַ זינדיקע שטאָט; אַז עס טרעפֿן דאָרטן אַזעלכע זאַכן וואָס עס איז שווער צו גלייבן. די יונגעלײַט און מיידלעך זײַנען זייער פֿאַרשאַרט; די צוקערניעס זײַ־נען פֿול מיט יידישע פּאָרלעך אום שבת; די זינד איז גרויס און עס פּאַסירן אַ סך אומגליקן; יעדעס יאָר ווערן דערטרונקען אַ פּאָר מענטשן אין דער ווייסל, וואָס איז גרויס ווי אַ ים. ווען זי איז געווען, האָט מען פֿון דער ווייסל אַרויסגעצויגן אַ יונג, יידיש מיידל, וואָס האָט זיך דערטרונקען איבער אַן אומגליקלעכער ליבע. דאָס וואַסער, האָט זי פֿרום צוגעגעבן, פֿאָדערט קרבנות און די זינדיקע צאָלן...

— אמת ווי גאָלד, — האָט די מומע דבורהלע געזאָגט. — אָט זעט מען באַשײַנפּערלעך, אַז ווען אַ שטאָט זינדיקט נישט, גיט נישט

קהל קיין קרבן. פשעדבערזש איז, געלויבט דער אויבערשטער, אַן אָפּגעהיט כשר שטעטל. אַט איז שוין אַוועק אַ גאַנץ יאָר און דער טייך איז רואיק, קיינער האָט זיך חלילה נישט דערטרונקען...

— מ׳וועט זיך נאָך דערטרינקען! — האָבן זיך עפּעס קעגן מיין ווילן אַרויסגעגליטשט די ווערטער פון מיין מויל.

ס׳איז מיטאַמאָל געוואָרן זייער שטיל, אַלעמענס אויגן זיינען געווען אָנגעשטעלט אויף מיר, און מיטאַמאָל האָט גענומען האָגלען אויף מיר מיט פראַגעס:

— וואָס רעדסטו?

— ווער?

— וואָס?

— וואָס פעלט דיר עפּעס איין?...

— ווער און וואו וועט מען זיך טרינקען?!...

— דאָ אין דעם היגן טייך, — האָב איך ווי אין אַ טשאַד געזאָגט. — זיי האָבן ווידער מיך אָנגעהויבן אויספרעגן, אָבער איך האָב מער נישט געענטפערט.

— ווייס איך דאָרטן וואָס אַ קינד פּלאַפּלט! — האָט מיין מאַמע אַוועקגעמאַכט מיינע רייד מיט דער האַנט. — מיין שרהל׳ע מיט אירע אויסגעטראַכטע מעשות... זי קאָן דיר אויסטראַכטן זאַכן, נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. — און גלייך האָט מיין מאַמע מיר באַפוילן — גיי זיך לייגן שלאָפן.

און זייער שמועס איז אַריבערגעגאַנגען אויף עפּעס אַנדערש.

יענע נאַכט, ווען מיין מוטער האָט זיך צוגעלייגט צו מיר אין בעט, האָט זי מיך גענומען אויספרעגן. אין אָנהויב האָב איך געלייקנט, געזאָגט אַז איך ווייס גאָרנישט, אַז עס האָבן זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט נאַרישע ווערטער... ס׳איז עפּעס בע־מע, איך ווייס נישט פון וואָס צו זאָגן...

אָבער מיין מאַמע, וועלכע האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן חוש צו דערשמעקן זאַכן, האָט שוין נישט אָפּגעלאָזט און אַלץ מיט מיר איינגעטעהנט, אַז אַ מאַמען מוז מען אַלץ דערציילן.

— מאַמעשי, — האָב איך שטיל אַ פרעג געטאָן, — מעג מען אויסזאָגן, אויב מען האָט געשוואוירן צו האַלטן אַ סוד?

מיין מאַמע האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך זייער שטיל געזאָגט:

— ניין, מען טאָר נישט. אָבער ווען אַ מענטשנס לעבן שטייט אין קאָן, איז גאָט מוחל די זינד, און אַמאָל ווערט גאָר פון דער זינד אַ מצוה.

— איך האָב געשוואוירן...

— דערציייל, שרהלע. פאַר אַ מאַמען מעג מען דערציילן. איך נעם אויף זיך די זינד.

דעמאָלט האָב איך איר אַלץ דערציילט וואָס איך האָב געוואוסט וועגן ריוועטשען, פון דעם בריוו צו איציקל פּאַצעט, און ווי שטאַרק זי האָט געוויינט און געזאָגט אַז זי וועט זיך וואַרפן אין טײַך אַרײַן...

— איצט וועט מען פּרובירן ראַטעווען דאָס אומגליקלעכע מיידל פון דער גרויסער בושה, און דו שרהלע וועסט זיך האָבן פאַר־דינט אַ מצוה. — האָט מיין מאַמע געזאָגט אַן איבערגענומענע.

אויף מאָרגן גאַנץ פרי, באַלד נאָכן אָנבייסן, האָט מיין מאַמע צוגערופן ריוועטשען צום טיש, און איר געזאָגט אַז זי זאָל מיט איר מיטגיין, זי גייט איר קויפן אַ פּאָר געלע שיך, ווייל זי האָט גע־הערט אַז זי גאַרט זייער נאָך געלע שיך.

ווען זיי זיינען מיט אַ צוויי שעה שפּעטער צוריקגעקומען, האָט ריוועטשע געהאַט אַ פּאָר אויסגעוויינטע, רויטע אויגן, און אַ פּאָר נייע, געלע שיך. אויף מיר האָט זי געקוקט מיט פאַרוואורף, דאָך איז איר גאַנצע האַלטונג געווען אַ רואיקערע. צום ערשטן מאָל זינט איך בין דאָרטן געווען, האָב איך געזען ווי זי איז אַריין אין קיך, זיך אָנגעגאָסן אַ שיסל מיט קרופּניק און געגעסן מיט אַפּעטיט.

אַ גאַנצן טאָג, האָט מיין מאַמע זיך געהאַלטן אין איין סודען מיט דער מומע דבורהלע, און ווען דער פעטער ישראל איז געקו־מען פון שול, פון מנחה־ומעריב, זיינען זיי אַריין אין זיין באַזונדערן חדר, פאַרמאַכט די טיר, און פון דאָרטן האָט זיך געטראָגן אַ הייסער וויכוח. איך האָב צוגעלייגט אַן אויער צו דער טיר און אויפגע־כאַפּט די ווערטער „ריוועטשע" און „דער שוסטער־יונג".

זיי זיינען שפּעטער אַרויסגעקומען צעפּלאָמטע, און די מומע דבורהלע האָט געלאָזט וויסן, אַז זי פּאָרט מיט אונדז קיין נאָוואָ־ראַדאָמסק:

— אַ וועלט איז נישט הפקר! — האָט זי אַ צאָרנדיקע געלאָזט פאַלן אירע ווערטער. — אַ שיין פּנים וועל איך האָבן ביי מענטשן!... אין מיין שטוב טאָר אַזוינס נישט פּאַסירן!... ס'וועט זיין אַ חתונה, ווען אַפילו מ'וועט אים דאַרפן ברענגען געשמידט אין קייטן! אוי אַ מויד, אַ מויד!... ווי אַ הערינג וואָלט איך זי צעריסן!... — האָט די מומע נישט געקאָנט איינהאַלטן איר כעס.

מיין מאַמע האָט איר אַ שלעפּ געטאָן פאַר דער האַנט און זיי זיינען ביידע אַרויס אויפן באַלקאָן, און מיר האָבן זיי אָנגעזאָגט אַז איך זאָל זיי נישט נאָכגיין...

***

איציק איז געווען דער זון פון שוואַרצן וואָלף גזלן, דעם לאָ־טוטניק, וואָס האָט זיך פּאַרנומען מיט לאַטען שיך; פאַרריכטן פּאַ־דעשוועס און לייגן קלעצלעך. גערופן האָט מען אים „שוואַרצער וואָלף" ווייל ער איז געווען ברוינהויטיק ווי אַ ציגיינער, און דער נאָמען „גזלן" האָט זיך גענומען פון זיינע צאָרנדיקע אויסברוכן וואָס פלעגן אָנוואַרפן אַן אימה אויפן גאַנצן שטעטל. אַ בעל־מלאכה איז ער געווען אַ צרהדיקער און אַ פוילער. ער פלעגט ליב האָבן מיטלויפן מיט דער פּאַזשאַרנער קאָמאַנדע און העלפן לעשן אַלע שריפות. ווען איציק איז אַלט געוואָרן צען יאָר, האָט אים זיין פאָטער אָנגעהויבן לערנען זיין פאַך, און ס'האָט זיך גלייך אַרויס־געוויזן אַז איציק וואַקסט אַ גוטער בעל־מלאכה און זיין פאָטער פלעגט זיך באַרימען, אַז איציקל וואַקסט אַ וואַזשנער שוסטער.

צו ניינצן יאָר האָט איציקל שוין געפירט ביי זיין פאָטער אַ גאַנצן וואַרשטאַט; ס'האָבן שוין געאַרבעט ביי אים דריי געזעלן; און מ'האָט שוין דאָרטן אויסגעאַרבעט גאַנצע שיך אויף באַשטע־לונגען פאַר די שענסטע בעלי־בתים פון שטעטל.

איציק פאַצעט איז אויסגעוואַקסן אַ שיינער, הויכער יונג מיט ברייטע פּלייצעס. דער צונאָמען „פאַצעט" האָט זיך גענומען פון זיין כסדרדיקן פּוצן זיך. ער איז געווען אַ קורץ געקליידעטער, מיט

הויכע, לאַקירטע שטיוועלעך; געהאַט אַ ברוין־הויטיק פּנים; אונ־טער דער שאַרפער נאָז האָבן געגלאַנצט אַ פּאָר שוואַרצע וואָנצעלעך; אויגן האָט ער געהאַט שוואַרצע, גרויסע, וואָס האָבן געשרפעט און גע־ברענט ווען זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן מיט די בליקן פון די פאַרבענק־טע מיידלעך; אַ היטל האָט ער געטראָגן מיט אַ גלאַנציקן דאַשיק, וואָס איז געווען פאַררוקט אויף דער רעכטער זייט; די לינקע זייט האָט געוויזן שוואַרצע, קוטשעראַווע האָר; אַן אויסגעצאַצקעטע לאָק האָט זיך ממזריש געוואָרפן אויפן שטערן. ווען זיין פעסטע פיגור האָט געשפּאַנט איבערן נייעם־וועג, דעם נאָוואָראַדאָמסקער שפּאַ־ציר־וועג, האָט מען פון ווי ווייט שוין געוואוסט אַז דאָס איז „איציקל פּאַצעט״, ווייל זיינע שטיוועלעך האָבן כסדר געסקריפּעט און אָנגעזאָגט אַז ער גייט, און באַלד האָבן זיך פון אַלע זייטן גע־יאָוועט די שענסטע דינסטמיידלעך פון שטעטל, זיי האָבן מיט פאַר־ליבטע אויגן געקוקט אויף איציקן און זיך דורכגעוואָרפן מיט צווייי־דייטיקע ווערטלעך. ס׳האָבן אויך נישט געפעלט קיין נייטאָרינס, שניידערקעס און זאָקנמאַכערינס, וואָס זיינען נישט געבליבן אינ־גאַנצן גלייכגילטיק צו איציקלס שוואַרצע אויגן און צו זיין שיין זינגען און פייפן. ער האָט אויך געשמט פאַר אַ גוטן טענצער, און איז אָפט געווען אויף שטאָטישע חתונות. ליבעס האָט ער געפירט אַ סך, אָט מיט דער, אָט מיט יענער. נישט איין דינסט האָט גע־ריסן די האָר ביי אַ צווייטער, איבערן פאַרדאַכט אַז יענע וואַרפט אייגעלעך צו איר איציקן...

איין מאָל, ווען ריוועטשע איז געקומען צופאָרן קיין נאָוואָראַדאָמסק, צו אונדז אויף שבת, איז זי שבת נאָכמיטאָג געגאַנגען שפּאַצירן אויפן „נייעם־וועג״, ס׳האָט פאַרביימאַרשירט איציקל פּאַצעט און האָט דערזען דאָס פרעמדע מיידל, ער איז אַ ווײלע געבליבן שטיין אַ פאַר־גאַפטער, נאָר באַלד האָט ער זיך געכאַפּט און איז איר נאָכגעגאַנגען פוסטריט. ער האָט געוואָלט שליסן באַקאַנטשאַפט מיט דער פרעמ־דער שיינהייט, אָבער ריוועטשע האָט זיך געהאַלטן פאַרריסן, שטאָלץ, האָט אויף אַלע זיינע זיסע רייד אַפילו מיט קיין איין וואָרט נישט געענטפערט, און איז געגאַנגען אַהיים. איז ער איר אַלץ נאָכגע־גאַנגען, און איז שפעטער אַריין צו אונדז אין שטוב; זיך לייטיש

פֿאַרגעשטעלט: ער האָט זיך גרויס־שטאָטיש פֿאַרנייגט; און נאָכ־דעם ווי מיין מאַמע האָט צוגעשטימט, איז ערשט ריוועטשע מיט אים אַוועק אויף אַ שפּאַציר. פֿון דעמאָלט אָן האָט זיך גענומען וועבן אַ ליבע. פֿאַר לאַנגע חדשים איז איציקל פּאַצעט געפֿאָרן קיין פּשעדבערזש כמעט אויף יעדן שבת זיך זען מיט זיין ריוועטשען, אָבער זייער ראָמאַן האָבן זיי געהאַלטן בסוד. זיי פֿלעגן גיין שפּאַצירן ווייט הינטערן שטאָט; געטראָפֿן זיך אין פֿאַרוואָרפֿענע ווינ־קעלעך; ביז איין מאָל האָט איציקל פּאַצעט אינגאַנצן אויפֿגעהערט צו קומען אויף די זעאונגען מיט ריוועטשען. אין נאָוואָראַדאָמסק האָט מען פּלוצעם גענומען רעדן, אַז איציק פּאַצעט פֿירט אַ נייע ליבע מיט דער שיינער זאָשע די היטן־פּוצערן.

**
*

גלייך נאָך אונדזער צוריקקומען פֿון פּשעדבערזש, האָבן די מאַמע און די מומע דבורהלע זיך דורכגעשמועסט מיטן טאַטן וועגן דעם ענין ריוועטשע, און נאָך אַ לאַנגן וויכוח, איז באַשלאָסן גע־וואָרן אַז באַלד זאָל מען שיקן נאָך וואָלף גזלן מיט זיין זון איציק.

שבת־צו־נאַכט, נאָך הבדלה, האָבן זיך צו אונדז אין הויז אַריינ־געלאָזט טאַטע און זון. וואָלף גזלן האָט גלייך געוואָלט וויסן צו וואָס מ'האָט אים גערופֿן. מיין טאַטע און די מומע דבורהלע האָבן פֿאַרגעלייגט זייערע טענות וועגן דער עלנדער און אומגליקלעכער יתומה ריוועטשע, און פֿאַרלאַנגט אַז עס זאָל גלייך געשטעלט ווערן אַ חופּה.

איציקל פּאַצעט איז געוואָרן בלייך. וואָלף גזלן האָט עפּעס נישט קלאָר באַנומען מיין טאַטנס רייד און אַ פֿרעג געטאָן:

— נו וואָס איז די איילעניש ר' מרדכי יוסף? וואָס איז דאָס אַ פֿייער? ס'ברענט? וועט מען שיקן נאָך דער פּאָזשאַרנע־קאָ־מאַנדע!... געהערט אַ מעשה? אַ חתונה אין מיצקעדרינען!

מיין פֿאָטערס רואיקע האַלטונג האָט זיך מיטאָמאָל געביטן. ער האָט זיך צוגעבויגן צום שוואַרצן וואָלף, און מיט אַ שטילן כעס עפּעס איינגערוימט אים אין אויער.

— אַזוי גאָר! האָט זיך וואָלף גזלן אָנגעצונדן. און זיינע שוואַרצע אויגן האָבן מוראדיק געפֿינקלט.

— זאָג נאָר דו סמאַרקאַטש איינער, — האָט ער זיך געווענדט צו זיין זון. — איך וויל וויסן צי דו האָסט די אָרעמע יתומה פאַר־פירט. יאָ צי ניין?

איציקל פּאַצעט איז מיטאַמאָל געוואָרן אַן איבערגעביטענער. דער וואוילער יונג איז מיטאַמאָל געוואָרן איינגעקאַרטשעט און בלייך. די קאָלירן אויף זיין פּנים האָבן זיך כסדר געביטן. ער האָט אַרויס־געשטאַמלט:

— ניין, ניין, אַ ליגן... געזען, יאָ... אָבער נאָענט?!... ניין. אָבער איצט... כ׳מיין... אָבער גאָרנישט...

די מומע דבורהלע האָט זיך צעצונדן. אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פויסט אין טיש און זיך הויך צעשריגן. מיין טאַטע האָט איבער־געשלאָגן איר שרייען. ער האָט זיך געווענדט צו איציקן און מיט אַ פעסט קול געזאָגט:

— אויב דו לייקנסט אַז דו האָסט מיט איר מזנה געווען, וועל איך דיך רופן צו אַ דין־תורה און ביי ספר־תורה און שוואַרצע ליכט וועסטו מוזן שווערן אַז דו האָסט נישט פאַרפירט די כשרע יידישע בתולה ריווטשע.

פּלוצעם האָט וואָלף גזלן אָנגעכאַפּט זיין זון ביי דער מאַר־נאָרקע, אים אַ הויב געטאָן אין דער לופטן, ווי ער וואָלט געווען אַ פּיצל יינגעלע, אים אַ זעץ אַראָפּ געטאָן צו דער ערד מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דער גאַנצער טיש האָט זיך אַ שאָקל געטאָן, אויסגע־גאָסן די טיי און צעבראָכן אַ פּאָר גלעזער וואָס זיינען געווען אויף אים אָנגעשטעלט, און ער האָט מיט אַ קול פון אַ לייב אַרויסגע־רעוועט:

— דו האָסט געהערט? שוואַרצע ליכט!... ספר תורה! כשרע יתומה!... זאָג ממזר, פּעמפּיק איינער, יאָ צי ניין? טאָמער וועסטו אויך איצט לייקענען, לאָז איך דיר אַרויס די קישקעס דורך דער נאָז!...

איציקל פּאַצעט האָט אין גרויס ציטערניש אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— וועסטו ביי מיר קראַפּירן און גלייך שטעלן אַ חופּה! — האָט זיין פאָטער אים באַפוילן. — איך בין טאַקע אַ גראָבער יונג,

אָבער אַן ערלעכער ייד בין איך! איך וויל נישט אַז מ׳זאָל מיך ברענגען און בראָטן אויף יענער וועלט!... אַ כשרע יתומה איז נישט הפקר פּעטרושקע ביי יידן!...

— איך האָב נישט קיין געלט — האָט איציקל ענדלעך אַרויס־געשיפּעט, — ווען איך קריג אַ מיידל מיט נדן, וואָלט איך מיר איינ־געריכט אַ וואַרשטאַט און געקאָנט האָבן פּרנסה פאַר ווייב און קינד.

— האָב קיין דאגות נישט — האָט אים מיין טאַטע געזאָגט — ס׳וועט זיין נדן! איך און ישראל טענענבוים וועלן דיר איינריכטן אַ וואַרשטאַט.

דעמאָלט האָט זיך אַריינגעמישט דעם חתנס פאָטער און ער האָט זיך גענומען דינגען וועגן נדן. איציקל פּאַצעט האָט דווקא גע־וואָלט וואוינען אין פּשעדבערזש. איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז גלייך נאָך דער חופּה קריגט ער פיר הונדערט רובל, און מיט דעם געלט וועט ער זיך דאַרפן איינקויפן מכשירים און מעבל און אָנהויבן פירן אַ באַלעבאַטיש לעבן.

מיין מאַמע האָט געשטעלט לעקעך מיט בראָנפן און צוגע־וואונטשן דעם מחותן מיטן חתן אַז ס׳זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה. פּראַדל, די דינסט, האָט דערלאַנגט צום טיש אַ געבראָטן גענדזל, מיט אַ פרישן קרופּניק און ס׳איז געפּראַוועט געוואָרן די מלוה־מלכה. ס׳איז אַריינגעקומען די באָבע נאָך אין שבתדיקן טשעפּיק, געהערט וועגן וואָס ס׳איז דאָ אַזאַ שמחה, האָט זי גלייך געבעטן אַ גלעזל בראָנפן. מיטן גלעזל אין האַנט האָט זי דעם חתן געוואונטשן אַלדאָס גוטס. איציקל פּאַצעט האָט אַ סך געטרונקען; אויסגעהערט די גוטע ווינטשעוואַניעס; נאָר אויסגעקוקט האָט ער צו זיין ווייט פונעם גאַנצן טומל און ער האָט כסדר אַריינגעגאָסן אין זיך דעם ווייסן אַקעוויט.

***

מיט דריי וואָכן שפּעטער, איז אַ פול־געלאָדענע בויד מיט געסט געפאָרן קיין פּשעדבערזש צו ריוועטשעס חתונה. אַ חוץ דעם חתן מיט זיינע טאַטע־מאַמע, זיינען אויך מיטגעפאָרן פעטערס און מומעס פון חתנס צד און אויך אַ פּאָר פריינט און שוסטער־געזעלן פון

מחותנס וואַרשטאַט. פון דער כלהס צד זיינען מיטגעפאָרן בלויז מיינע טאַטע־מאַמע און איך.

איבערן שמאָלן וועג, צווישן גרין־צעבליטע פעלדער, האָט מיט פריילעכקייט זיך פאַרבייגעטראָגן די פולע בויד מיט פאַרשווינען ווערמענס געזאַנג האָט אָפּגעהילכט איבער די ברייטע גרינע לאַנקעס אַרום, אויף וועלכע עס האָבן זיך געפּאַשעט פערד, קי און ציגן. אָפּט האָט אַ קו אויפגעהויבן אַ צעשראָקענעם קאָפּ און פאַרוואונדערט נאָכגעקוקט דער רוישיקער בויד מיט מענטשן. דער הויפּט־זינגער איז געווען דער מחותן וואָלף גזלן, און חברה האָט אים אונטערגעהאָלפן. צומיינסטן האָט ער געזונגען רוסישע מאַרשן, וואָס ער האָט נאָך געדענקט פון דער צייט ווען ער האָט געדינט ביי פאָניען. וואָלף האָט מיט גרויס שטאָלץ דערציילט, אַז ער האָט געדינט אין דער קאַוואַלעריע און איז געווען איינער פון די בעסטע רייטער. אָפּט האָט ער אַריינגעשטעלט צוויי פינגער אין מויל, און מיט אַ ברייט־אויפגעריסענער מאָרדע האָט ער אויסגעפייפט אַ פריילעכן סאָלדאַטסקן ניגון, און אַלע האָבן צוגעקלאַפּט מיט די פיס צום טאַקט.

איציקל פּאַצעט אָבער איז געזעסן אַ בייזער, אַן אָנגעכמורעטער, און האָט אויסגעקוקט ווי דער גאַנצער טומל אַרום אים איננטערעסירט אים ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. זיין מוטער, די גראָבע ברײנע, האָט אים אַלעמאָל אַ שטורכע געטאָן מיטן עלנבויגן און געמאָנט:

— איציקל, זינג עפּעס. זינג דאָס ליד פון קישינעווער פּאָגראָם, אָדער דאָס ליד פון דער שיינער אַמאַליע מיטן גויאישן גראָף.

— זינג אַליין — האָט ער אַן אָנגעכמורעטער אַרויסגעבורטשעט.

— אָהו! מ'זעט שוין פשעדבערזש! — האָט אימעצער פון די מחותנים אויסגערופן מיט גדולה.

מיט אַ טאָג שפּעטער, איז געפּראַוועט געוואָרן אַ שטילע חתונה ביי מיין פעטער און מומען אין הויז. בלויז צוויי קלעזמאָרים זיינען געווען: איינער האָט געגרימפּלט אויף אַ פידל און דער אַנדערער

האָט געפּויקט אין אַ פּויק. די כלה האָט דורכאויס פאַרלאַנגט, אַז מ׳זאָל מיטברענגען מאָטקע מאַרשעליק פון נאָוואָראַדאָמסק, וואָס האָט אַזוי שיין באַזונגען אַ כלה, אָבער זי האָט זיך געמוזט באַ־נוגענען מיטן פשעדבערזשער בדחן, גדליה שטאָמלער.

דער בדחן האָט אויסגעזונגען:

כלה לעבן, כלה לעבן,
וויין מיט ביטערע טרערן;
דו ביסט דאָך נעבעך אַ יתומה,
בעט גאָט אַז דיין זיווג זאָל,
חלילה, ניט צעשטערט ווערן!...

עס האָט אויסגעבראָכן צווישן די ווייבער אַ גרויס געוויי. נאָר באַלד נאָכן באַזינגען, האָט אַ קנאַק געטאָן דער באַראַבאַן, און גדליה שטאָמלער האָט שטאָמעלדיק אויסגערופן אַז מ׳זאָל פירן די חתן־כלה צו דער חופה. פּלוצעם איז פון אַ זייטיקן חדר אַריינגע־לאָפן די מומע דבורהלע, זי האָט אויסגעקוקט צעפלאָמט, און גע־הייסן אָביסל צוואַווארטן מיטן שטעלן די חופה.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער חתן איז זייער אַן איינגע־שפּאַרטער, און וויל נישט נעמען בלויז אַ האַלבן נדן און די אַנ־דערע העלפט אויף אַ וועקסל. די מומע דבורהלע האָט זיך אַריינ־געמישט און דוקא געוואָלט אויסצאָלן די איבעריקע צוויי הונדערט רובל ערשט נאָך דער חתונה. נאָך לאַנגע טענות האָט מען דעם חתן געגעבן די גאַנצע פיר הונדערט רובל אין מזומן געלט און ערשט דעמאָלט האָט מען געפירט חתן־כלה צו דער חופה, און איציקל מיט ריווטשען זיינען געוואָרן מאַן און ווייב כדת משה וישראל. די קאַפּעליע האָט אויפגעשפּילט אַ פריילעכס. ווייבער האָבן זיך צעקושט און געוויינט, געשנייצט די נעז.

ביי ווייס־געדעקטע טישן איז געפּראַוועט געוואָרן דאָס חתונה־מאָלצייט. נאָכן עסן איז געפאַלן דרשה־געשאַנק: — אַ פּאָר זילבערנע לייכטער; אַ מערזער מיט אַ שטייסל; אַ בעקן; צוויי אייזערנע טעפּ; אַ זייגער מיט אַראָפּגעהאַנגענע וואגעס, וואָס אַז ער האָט זיך צעקלונגען, איז פון אַ טירל אַרויסגעפלויגן אַ פייגעלע און

אַרויסגעזונגען קו־קו ; אַ וויאַדרע ; אַ ריב־אײַזן ; אַ פּאָטאָגראַפֿיע אין אַ ראָם פֿון ווילנער גאון און נאָך און נאָך זאַכן.

אויף צומאָרגנס, זײַנען זיך אַלע מחותנים צעפֿאָרן אַהיים. איציקל מיט זײַן יונג ווײַבל זײַנען געבליבן דערווײַל וואוינען בײַ מײַן מומען אויפֿן בוידעמשטיבל, ביז זיי וועלן געפֿינען די פּאַסיקע דירה און זיך אײַנווירטשאַפֿטן.

ריווטשען איז גאָרנישט געווען צו דערקענען. זי האָט אינגאַנצן געשטראַלט פֿון גליק און געקוקט אויף איר מאַן מיט פֿאַרליבטע אויגן. זי האָט עפּעס ווי קיינעם אַרום זיך נישט געזען נאָר בלויז אים, איר איציקלען. זי איז אים נאָכגעגאַנגען פּוסטריט און אים געקאָרמעט מיט די טײַערסטע מאכלים וואָס זי מיט פּראָדלען האָבן געקאָכט ספּעציעל פֿאַר אים. דערווײַל האָט דאָס יונגע פּאָרל געזוכט אַ דירה, וואָס זאָל זײַן פּאַסיק אי פֿאַר אַ וואוינונג אי פֿאַר אַ וואַרשטאַט. אָבער וואָס פֿאַר אַ דירה איציקל האָט געזען, איז אים נישט געווען געפֿעלן. ענדלעך האָט ער געזען אַ נײַ הויז, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין בויען, און מ׳האָט געדאַרפֿט וואַרטן דרײַ וואָכן ביז עס וועט פֿאַרטיק ווערן. דאָרטן האָט ער געוואָלט וואוינען. האָט ריווטשע צוגעשטימט און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איציקל פֿאָרט ערשט זאָל פֿאָרן קיין וואַרשע אײַנקויפֿן אַלע מכשירים, וואָס ער דאַרף צו זײַן מלאכה און די מעבל און זאַכן וואָס אַ יונג פּאָרפֿאָלק דאַרף האָבן צו דער ווירטשאַפֿט. ריווטשע האָט געוואָלט מיטפֿאָרן, אָבער ער האָט געזאָגט, אַז אין אירע אומשטענדן איז בעסער אַז זי זאָל פֿאַרבלײַבן אינדערהיים. ריווטשע מיט איציקל פֿאַצעט האָבן זיך געזעגנט. זי איז געשטאַנען לעבן דער פֿור און נישט געקאָנט אײַנהאַלטן די טרערן. אָבער דער יונגער באַלעבעסל האָט איר פֿאַרזיכערט, אַז ער וועט זיך צואײַלן און זײַן צוריק אין צוויי, דרײַ טעג אַרום, אפֿשר וועט ער באַוויזן אײַנקויפֿן אַלץ פֿריער, קומט ער גלײַך אַהיים.

***

די צוויי טעג זײַנען אַוועק, ס׳זײַנען אַוועק דרײַ טעג, אַ וואָך, אָבער איציקל איז נאָך אַלץ נישט געקומען צוריק. אַלע טאָג איז ריווטשע געלאָפֿן אָפּוואַרטן די בויד מיט פּאַסאַזשירן. מיט ברייט

צעעפּנטע אויגן און אַ קלאַפּעדיק האַרץ געזוכט „אירן״ צווישן די פאַרשוינען, אָבער איציקל איז נישט געווען.

צוויי וואָכן זיינען שוין פאַרפלויגן און ריווטשע האָט פון איר מאַן גאָרנישט געהערט. איר פּנים איז געוואָרן בלייכער, די פּיגור פולער. זי האָט אויפגעהערט עסן. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט פאַרשידענע קלאַנגען, און איינמאָל איז אָנגעקומען די נייעס פון נאָוואָראַדאָמסק, אַז מיט צוויי וואָכן צוריק איז אויך פאַרשוואונדן זאָשע די היטן־פּוצערן. איצט האָט מען שוין געוואוסט אויף זיכער, אַז איציקל מיט זאָשען האָבן זיך אין דאַנציג אַרויפגעזעצט אויף אַ שיף און זיינען אַוועק קיין אַמעריקע.

נאָך דעם זעלבן אויפדערנאַכט, איז ריווטשע פאַרשוואונדן פון הויז. אין שטעטל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מ׳האָט זי איינע אַליין געזען זיך אַרומדרייען ביים טייך. די מומע דבורהלע מיטן פעטער און דאָס גאַנצע הויזגעזינד און אַ גאַנצע מחנה ווייבער, יידן, יונגען און מיידלעך האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום וואַסער. אַ שוואַרצע נאַכט האָט זיך אויסגעשפּרייט איבערן שטעטל. אַ בלייענער, וואָלקנדיקער הימל האָט אָנגעזאָגט אויף רעגן. אַ שטאַרקער ווינט האָט אויפגעפּראַלט טירן און געריסן די לאָדנס. מיט לאַמטערנעס אין די הענט, האָט אַ גרויסער עולם זיך געלאָזט גיין צום טייך. זיי האָבן גערופן ריווטשעס נאָמען; געזוכט און גענישטערט; אָבער עס האָבן בלויז אָפּגעענטפערט די ברויזיקע כוואַליעס, וואָס דער שטאַרקער ווינט האָט געהויבן אין דער לופטן און געוואָרפן מיט ווייסן שוים. ס׳האָט אָנגעפאַנגען גיסן אַ רעגן, דורכגענעצט די מחנה. די מוראדיקע דונערן און בליצן האָבן אַהיימגעיאָגט די מענטשן אין זייערע היימען, מ׳האָט פאַרמאַכט טיר און לאָדן און זיך געלייגט שלאָפן.

אין ישראל טענענבוימס הויז, זיינען בלויז געשלאָפן די קליינע קינדער. די גרויסע זיינען געווען וואַך. מ׳האָט געזופּט הייסע טיי און פּרובירט טרעפן וואָס ס׳האָט פּאַסירט מיט ריווטשען. אַלע ווײַלע האָט אימיצער אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג:

— אפשר איז זי אַוועק צופוס קיין נאָוואָראַדאָמסק? — האָט די מומע געזאָגט.

— ס'איז נישט אויסגעשלאָסן — האָט דער פעטער פּרובירט טרייסטן — אַז ריווטשע איז מיט אַ ספּעציעלער פור געפאָרן קיין וואַרשע.

אָבער יעדער איינער פונעם הויזגעזינד האָט מיט מורא און שפּאַנונג דערוואַרט דעם פרימאָרגן.

דורך דער נאַכט האָט דער שטורעם זיך איינגעשטילט. ווען ס'האָט געזומען גרויען אויף טאָג, האָבן ערשט דעמאָלט אַלע אין ישראל טענענבוימס הויז זיך צוגעלייגט כאַפּן אַ דרעמל.

אויף מאָרגן גאַנץ פרי, איז דאָס שטעטל אויפגעוועקט געוואָרן פון סטאַש מעטניקס, דעם פישערס בשורה. ער פלעגט יעדן פאַרטאָג גיין אויף פישפאַנג, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין די פאַרמאַכטע לאָדנס און געלאָזט וויסן, אַז ער האָט פונוויטנס געזען ווי די כוואַליעס וואַרפן אַרויס אַ מענטש, איז ער צוגעגאַנגען און דערקענט די פאַנגע ריווטשע. — — — — — — — —

באַלד איז לעבן וואַסער אָנגעלאָפן כמעט ס'גאַנצע שטעטל מענטשן. ווייבער האָבן געוויינט, געבראָכן די הענט און געזאָגט אַז דער טייך האָט געפאָדערט זיינס. ער דאַרף יעדעס יאָר אַ מענטש, און מסתמא איז געווען ריווטשעס גורל צו זיין דאָס יאָר דער קרבן.

# און מיצי איז איינגעשלאָפן...

אַ גאַנצן טאָג האָט זיך באַשעלע געפּאָרעט אין קיך, איז אַ צעיאָכמערטע געלאָפן פון טאָפּ צום טעלעפאָן, געקרופן דעם ברודער, די שוועסטער און פאַרבעטן פריינד צו דער מאַמעס פינף־און־זיב־צעציק־יאָריקן געבורטסטאָג.

זי האָט געקאָכט, געבאַקן און איז געווען בייז און צעטראָגן, וואָס גראָד זי, די אָרעמע שוועסטער, דאַרף האַלטן די מאַמע ביי זיך. זי וואָלט איר שוין לאַנג אָפּגעשיקט צו דער עלטערער שוועס־טער, די גרויסע פּריצטע מיט די מינק־מאַנטלען און רייכער היים, ווען נישט די וואָגיקע „טשעקס" וואָס זי שיקט איר... און דער ברודער, דער דאָקטאָר, מיט דער גויאישער ווייב אָן קינדער, מיט דער פּאַראַדנער, גרויסער היים, מיט הינט, קעץ און פייגל, דינער און דינסטן, מיינען אויך, אַז זיי מאַכן איר גליקלעך מיט די פּאָר דאָלאַר אַ וואָך וואָס מ'וואַרפט איר צו. זאָל נאָר איר מאַן צוריק־קריגן די שטעלע וואָס ער האָט מיט צוויי יאָר צוריק פאַרלוירן דע־מאָלט, — האָט באַשעלע געטראַכט, — וועט זי שוין וויסן וואָס זי האָט צו טאָן...

די אַלטע קריינע האָט זיך געפּלאָנטערט און געדרייט פון איין שטוב אין דער צווייטער, געוואָלט מיט עפּעס העלפן און נישט געוואוסט מיט וואָס, איז זי אַריין אין קיך און אַ זאָג געטאָן:

— באַשעלע, לאָז מיך אָפּבאַקן אַביסל היימישע מאָן־קיכע־לעך.

— אַוודאי, וואָדען! איך דאַרף דאָס נויטיק האָבן. ווער וועט עסן דיינע היימישע מאָן־קיכעלעך?...

— איציקל פלעגט זיי שטאַרק ליב האָבן. פלעגט זיי שלעפּן פון אויוון אַפילו ווען ער האָט שוין שטודירט אויף דאָקטאָר.

— איצט איז ער שוין אויסגעשטודירט און עסט נישט קיין מאַן־קיכעלעך...

— וועל איך מאַכן אַ לאָקשן קוגל — האָט זיך קריינע געבעטן.

— מאַמע, גיי אַרויס פון קיך! — האָט באַשעלע באַפעלעריש אַ זאָג געטאָן.

איז די מאַמע אַרויס, געשטאַנען אַ מינוט פאַרלוירן, נאָר באַלד האָט זי אַ כאַפּ געטאָן אַ שמאַטע און גענומען אָפּשטויבן דאָס מעבל און אויסווישן די גלעזעלעך. די שמאַטע האָט זיך אַ גליטש געטאָן פון אירע הענט, ס׳איז אַראָפּגעפאַלן אַ גלעזל און האָט זיך מיט אַ בראָזג צעבראָכן.

באַשעלע איז אַריין פון קיך און אַ דערצאָרנטע געשריגן:

— אַהאַ, זי רוימט שוין ווידער! ווער בעט דיך, אַז דו זאָלסט מיר העלפן? איך קאָן מיר מיין שטעטל אַליין באַשטיין. דו מאַכסט מיר אָן שאָדן און טאָפּלטע אַרבעט!

איז די אַלטע אַוועק אין איר איבערגעפּאַקטן, פּיצעלע שטיבעלע, וואָס האָט אויך געדינט פאַר אַן עקסטרע־אַלקער פאַר אַלטע מלבושים, אָפּגעניצטע כלים און אויף אַוועקצושטעלן עפּעס פון האַנט. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן וויג־שטול, דאָס איינציקע שטיקל מעבל וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון איר אַמאָליקער באַלעבאַטישקייט, און געטראַכט, אַז זי וועט צוואַרטן ביז איר טאָכטערס כעס וועט איבערגיין. אויף איר יינגסטער טאָכטער איז זיי קיינמאָל נישט געווען בייז. זי האָט זיך געפילט שולדיק קעגן איר, געהאַט עגמת־נפש וואָס זי האָט איר באַעוולהט. ווייל די גאַנצע צען טויזנט דאָלאַר וואָס זי האָט איינקאַסירט נאָך איר מאַנס טויט, האָט זי פאַרשווענדט אויף די עלטערע צוויי קינדער, געלאָזט זיי בילדן, געמאַכט זיי פאַר לייט, און פאַר איר יינגסטער איז שוין גאָרנישט געבליבן, האָט באַשעלע חתונה געהאַט מיט אַן אָרעמען אַרבעטער און פּלאָגט זיך דאָס גאַנצע לעבן מיט מאַן און קינדער.

אין אָוונט זיינען געקומען די קינדער: די רייכע טאָכטער מיטן מאַן האָבן זיך צעקושט מיט דער מאַמען און איר געבראַכט מתנות.

אַ שוואַרץ, זײַדן קלײד און דער טאָכטערס אַן אָפּגעטראָגענעם פֿי־טער־מאַנטל. דער זון, דער דאָקטאָר, מיט זײַן װײַב, האָבן דער מאַמען געבראַכט אַ פּאָר גאָלדענע אױרינגלעך מיט אַ שפּילקע. ס׳האָט איר נאָר פֿאַרדראָסן װאָס די שנור, עליזאַבעט, האָט מיט־געבראַכט אַ הונט. קרײנע האָט נישט ליב געהאַט קײן הינט. די שנור האָט דאָס געװאוסט און האָט זיך פֿאַרענטפֿערט, געזאָגט, אַז דאָס הינטל, מיצי, דערגײט איר די יאָרן; טשעפּעט זיך צום קעצל; בילט אויף אירע אײגענע הינטישע קינדער; האָװקעט אױף די פֿײגעלעך און מאַכט אַן שאָדן אין הױז; װײל גאָר קײנמאָל נישט שלאָפֿן. מען טאָר איר אין הױז נישט איבערלאָזן. זי װעט גאָר די קליפּה אָװעקגעבן דעם היצעל, אָדער איבערלאָזן אין גאַס אױף הפקר.

ס׳האָט קרײנען אױך פֿאַרדראָסן, װאָס די טאָכטער האָט נישט געבראַכט אירע קינדער, נאָך װעלכע זי האָט שטאַרק געבענקט.

— פֿאַרװאָס האָסטו מיר נישט געבראַכט מײנע אײניקלעך? — האָט זי שטיל און פֿאַרבענקט געמאָנט בײַ דער טאָכטער.

— די קלענערע קינדער גײען פֿרי שלאָפֿן, און די עלטערע האָבן אַנדערע אינטערעסן, מאַמע. זײ האָבן דיך אָבער אַלע גע־לאָזט גריסן...

עס האָבן געהאַלטן אין אײן קומען געסט, מענטשן, װעלכע קרײנע האָט גאָר נישט געקענט. מ׳האָט זיך אױסגעזעצט בײַ אַ לאַנגן טיש, װאָס איז געװען אָנגעשטעלט מיט כלערלײ געטראַנקען און פֿאַרשײדענע עסנװאַרג, און אַ קײלעכדיקער קוכן, אָנגעשטעלט מיט אַ סך קלײנע ליכטעלעך.

די פֿרעמדע מענטשן, צוזאַמען מיט אירע קינדער, האָבן אָפּגע־זונגען אין איר כבוד װעגן אַ „העפּפּי בוירטדעי” און געװאונטשן דער אַלטער געזונט און אַ לאַנג לעבן. קרײנע האָט זיך געפֿילט יום־טובדיק און גערירט פֿון די ברענענדיקע ליכטעלעך און פֿון אַזױפֿיל מענטשן, קײן עין־הרע, װעלכע זײַנען צוזאַמען מיט אירע קינדער געקומען איר אָפּגעבן כבוד. מען האָט געגעסן, געטרונקען, גערעדט, געליאַרעמט, דערצײלט װיצן, און אין מיטן טומל האָט זיך

דאָס הינטל, מיצי, געפּלאָנטערט אונטערן טיש. אימעצער האָט עס אָנגעטראָטן אויפן פּיסל, עס האָט זיך יאָמערדיק צעבילט.

עליזאַבעט האָט בייז געשריגן אויפן הינטל, פאַרוואָס דאָס קריכט נאָר דאָרטן וואו עס זיינען דאָ מענטשן, און עס געסטראַשעט אינגאַנצן איבערצולאָזן אין גאַס. מיצין באַפוילן זיך אָפּצוטראָגן אין קיך און דאָרטן וואַרטן ביז זיי וועלן אַהיימגיין.

אָפּגעגעסן, האָבן קריינע מיט איר טאָכטער גיך אַראָפּגערוימט פונעם טיש, אויפגעלייגט גרינע טאָוולען און אָוועקגעשטעלט אַ פּאָר אַש־טעלערלעך. עליזאַבעט האָט געבראַכט צוויי נייע דעקלעך קאָרטן, און באַלד האָט זיך צעפלאַמט דער קאָרטן־שפּיל.

נאָכן עסן האָט זיך קריינע ערשט געקליבן אַ שמועס טאָן מיט די קינדער. געוואָלט זיי זאָגן, אַז עס וואָלט אפשר בעסער געווען, ווען זי זאָל זיין דאָרטן, וואו עס געפינט זיך איר אַלטע חברטאָרין חיה־רחל. האָט זי זיך אָבער דערמאָנט אַז זי האָט אַמאָל געלאָזט פאַלן אַ וואָרט וועגן מושב־זקנים, איז איר זון געוואָרן אָנגעצונדן פון כעס און איר געזאָגט: אַ שיינעם פּנים וואָלט ער געהאַט ביי מענטשן, ווען ער לאָזט זיין מאַמען וואוינען אין אַן אַנשטאַלט; מ׳וואָלט דאָך אויף אים מיט די פינגער געטייטלט אין די גאַסן... און קריינע האָט געטראַכט, אַז זי קאָן טאַקע נישט פאַראיבל האָבן אויף איר זון, וואָס ער דערלאָזט נישט דערצו. קיין עין־הרע אַזאַ גרויסע פּראַקטיק. עס פּאַסט נישט... עס איז איר אָבער דאָ אומהיימלעך, אַזוי אומעטיק. זי וועט פונדעסטוועגן פּרובירן אַ רעד טאָן.

קריינע איז אַריין אין עס־צימער, וואו אַלע זיינען געזעסן אַרום טיש, פאַרטיפט אין קאָרטן־שפּיל. אַזויפיל מענטשן, קיין עין־הרע, — האָט קריינע געטראַכט — מען דאַרף זיי מכבד זיין. זי האָט אַריינגעברענגט טעלערלעך מיט כיבוד, צעשטעלט זיי לעבן די שפּילער און געזאָגט:

— ראָזשינקעס מיט מאַנדלען, עסט געזונטערהייט.

— מאַמע, פּליז! — האָט באַשעלע אַ געשריי געטאָן דענער־ווירט און די עלטסטע טאָכטער האָט איר צוגעוואָרפן אַ בייזן בליק. עס האָט ביי איר צוגענומען דעם מוט צו רעדן מיטן זון. זי האָט

געהערט אומפאַרשטענדלעכע רייד, אויסרופן, וואָס זי האָט בשום־אופן נישט געקאָנט באַנעמען.

— איך האָב — האָט אויסגעשריגן אַ רויט־האַריק, צעפּלאָמט ווייבל — דריי „עיסעס״!

— און איך האָב אַ „פול האַוז״ — האָט אַ באַברילטער מאַן מודיע געווען געלאַסן.

— און איך, איך! — האָט געשריגן איר עלטסטע טאָכטער ספּאַזמאַטיש — האָב „פיר קווינס״! — און זי האָט צוגעשאַרט מיט גרויס טריאומף אַ פּאַק מיט פּאַפּיר־געלט און זילבער צו זיך, און אַלע האָבן געקוקט אויף איר מיט קנאה.

קריינע האָט זיך געדרייט אַריין און אַרויס. זי מוז היינט רעדן מיטן זון — ער פאַרשטייט איר בעסער. באַלד וועט זיך דאָס שפּיל ענדיקן, זיי וועלן פאָרן אַהיים, חדשים וועלן אַוועקגיין און זי וועט נישט זען אירע קינדער.

קריינע האָט געזען פולע אַש־טעלערלעך, האָט זי זיי אַראָפּגענומען פון טיש, זיי אויסגערייניקט און זיי צוריקגעשטעלט. איר עלטסטע טאָכטער האָט אויסגעזען בייז און צעטראָגן. די פולע זשמעניעס מיט זילבער און פּאַפּיר־געלט, וועלכע זיינען נישט לאַנג געווען הויך אָנגעלייגט לעבן איר, זיינען מער נישט געווען. זי האָט שוין אַרויסגעשלעפּט פריש געלט פון בייטל. קריינע איז צוגעגאַנגען צו איר זון, זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט:

— איך האָב געוואָלט מיט דיר רעדן.

ער האָט איר אָבער גאָרנישט באַמערקט און נישט געענטפערט.

קריינע האָט געזען ווי איר זון איז אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין די קאָרטן. עפּעס דריקט ער און קוועטשט די קאָרטן אַזוי ווי זי אַמאָל, אין דער אַלטער היים, האָט געקוועטשט ראָזשינקעס־ווייַן אויף שבת. ביז ער דריקט אַרויס איין קאָרט פון דער צווייטער דויערט אַן אייביקייט. האָט זי אים אַ טאָרע געטאָן ביים אַרבל.

— איציקל!

— וואָס איז, מאַמע?

— איך האָב געוואָלט מיר דיר עפּעס רעדן.

— נישט איצט! זעסט דאָך, אַז איך בין „ביזי״!

— אויב נישט איצט — האָט זי אַרויסגערעדט פאַרלאָרן — ווייס איך נישט ווען.

אָבער ער האָט זי שוין נישט געהערט. ער האָט געוואָרפן מיט געלט, ווי עס וואָלט געווען קאָנפעטי. איך „רעיז״, און איך „רעיז״ איבער! וואָס איז דאָס פאַר אַ רייד? — האָט קריינע געטראַכט.

מיטאַמאָל האָט זיך איר זון אויפגעשטעלט, אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף דעם געלט. און נאָך איידער ער האָט געוויזן די קאָרטן, האָט ער זיגרייך צוגעשאַרט דאָס געלט צו זיך.

— איין מינוט, דאָקטאָר, — האָט אויסגעשריגן דער באַבריל־טער מאַן — איך האָב אַ „פול האַוז״.

— דאָסמאָל איז עס בלאָטע! — האָט דער דאָקטאָר אַ זיכערער אָפּגעענטפערט — איך האָב אַ „ראָיאַל פלאָש״! — און ער האָט אויסגעלייגט זיינע קאָרטן מיט צופרידנקייט אויפן טיש, ווי ער לייגט־אויס אַ פּאַציענט, נאָך אַ געלונגענער אָפּעראַציע.

עס איז געוואָרן אַזאַ טומל, אַז קריינע האָט זיך אַזש דער־שראָקן. מען האָט באַקוקט די קאָרטן, צי עס איז ריכטיק, מ׳האָט געשריגן, געליאַרעמט, און קריינע האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, צי דאַרף מען דאָס זיין אַזוי געלערנט ווי איר זון, און ענדיקן אַן אוניווערסיטעט, צי איז עס בלויז אַ מזל־זאַך צו געווינען אַזויפיל געלט?... מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ דריי אויס געטאָן, דערזען די מאַמע און געזאָגט:

— דו ביסט נאָך אַלץ דאָ?! אַ פרוי אין דיינע יאָרן האָט שוין איצט געדאַרפט שלאָפן!

קריינע האָט אים געוואָלט דערציילן, אַז זי דאַרף גאָרנישט קיין סך שלאָף; זי איז וואָך ביזן גרויען טאָג; אדרבה, זי האָט ליב צו פאַרברענגען; צו זיין מיט מענטשן. אָבער דער זון איז שוין ווי־דער געווען אויסגעדרייט און פאַרטיפט אין שפּיל, זי איז נאָך אַביסל געשטאַנען אַרום טיש. קיינער האָט איר נישט באַמערקט. האָט זי זיך מיטאַמאָל דערפילט אַליין, כאָטש זי איז געווען צווישן אַ פולער שטוב מיט פריילעכע מענטשן. אַ נאָגענדיקע בענקשאַפט האָט גענומען דריקן איר האַרץ. האָט זי זיך שטיל אַרויסגעשאַרט,

אַריינגעגאַנגען אין איר קליין שטיבעלע, פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך, און פאַרבליבן, ווי אַלעמאָל, אַליין מיט זיך. אַ קליין עלעקטריש לעמפּל, מיט אַ גרינעם אַבאַזשור האָט געוואָרפן אַן אומעטיקן שיין און שאָטנס אויף די ווענט, וואָס האָבן אויסגעקנוילט גראָטעסקע פיגורן פון די אָנגעהאַנגענע מלבושים. דאָס האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף קריינען. זי האָט אָנגעצונדן נאָך אַ לעמפּל און זיך אַוועקגעזעצט אויפן וויג־שטול. מיטאַמאָל, האָט קריינע דערהערט אַ קוויטש פון דעם הינטל.

קריינע האָט זיך דערשראָקן און אויסגעשריגן אַ צעטומלטע:

— אַפּוטדשעס, אַפּודשעס! אַפּו!...

מיצי איז אַפּערגעקראָכן פון אונטערן בענקל און צעהאַווקעט זיך עפּעס אַזוי שטיל און וויינענדיק, ווי, להבדיל, אַ קליין קינד. דאָס האָט קריינען אַביסל באַרואיקט, און זי האָט שוין איינגעהאַלטענער און מילדער, געשריגן:

— אַפּוטש!... אַפּו!...

נאָר מיצי האָט אויף איר געקוקט מיט אַזעלכע פאַרטרערטע און בעטנדיקע אויגן, אַז קריינען האָט אַזש פאַרקלעמט ביים האַרצן. אַליין נישט באַגרייפנדיק וואָס זי טוט, האָט זי אויסגעשטרעקט די האַנט און אַ גלעט געטאָן דאָס הינטל.

— נעבעך אַליין. אַ צער־בעלי־חיים — האָט זי געשעפּטשעט — ס'איז אַ רחמנות.

מיצי האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די צוויי פאָדערשטע פיסלעך, איר אַ לעק געטאָן אין האַנט, און געלייגט זיין הינטיש קעפּל אויף איר קני. קריינע האָט דערפילט מיטאַמאָל ווי אַ לעבעדיק נפש קוקט אויף איר מיט גרויס ליבשאַפט און וואַרעמט איר אַלטע שוים. האָט זי זיך אויפגעהויבן, אַריין אין קיך און געברענגט פון דאָרט אַ טעלערל מילך, דאָס אַוועקגעשטעלט לעבן הינטל און שטיל געשעפּטשעט:

— ס'איז דאָך אויך גאָטס באַשעפעניש, אַ לעבעדיק נפש. נאַ, נאַ, מיצי, טרינק אַביסעלע מילך.

דאָס הינטל האָט געטרונקען מיט גרויס הנאה, אויסגעלעקט

שנעל דאָס טעלערל. קריינעס געקנייטשטע פּנים און די בלויע, וואָ־
סערדיקע אויגן האָבן זיך נחתדיק צעשמייכלט:

— ביסט נעבעך געווען דאַרשטיק, מען קוקט זיך נישט אום
אויף דיר, ביסט נעבעך אַליין ווי אַ הונט... אוי, אַליין, אַזוי ווי
איך...

— באוה... באוה... באוה — האָט דאָס הינטל שטיל גע־
בילט און געקוקט אויף איר אונטערטעניק, און קריינען האָט זיך
אויסגעוויזן, אַז מיצי איז מסכים מיט אירע רייד. האָט זי זיך ווי־
דער אָוועקגעזעצט אויפן וויג־שטול און געקוקט מיט רחמנות אויפן
הינטל.

אומגעריכטערהייט איז מיצי אַ שפּרינג אַרויף געטאָן אויף איר
שויס, זיך אין איר איינגענאָרעט. און קריינען איז מיטאַמאָל געוואָרן
היימלעכער. די פריערדיקע מורא איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן. זי
האָט דערפילט עפּעס אַ נאָענטקייט צו דעם שטומען באַשעפעניש,
האָט זי פּאַמעלעך געגלעט די ווייס־געפלעקטע, סאַמעטענע פעל
פונעם הינטל, אָנגעהויבן וויגן דעם שטול, ווי אַמאָל אירע קינדער
אין וויגל, און געזאָגט ווייך:

— שלאָף, מיצעניו, שלאָף.

דאָס הינטל האָט געקוקט אויף איר, דורך האַלב־פאַרטרערטע
אויגן, מיט הינטישער איבערגעגעבנקייט און געטאָן אַ ציטער.

— ס'איז דיר נעבעך קאַלט! איך וועל דיר אויסשטריקן אַ
יאַקעלע. — און זי האָט מיצין איינגעדעקט מיט איר פאַרטעך, גע־
טוליעט אים שטאַרקער צו זיך, און אָנגעהויבן שטיל צו זינגען:

אַ־לו־לו־לו לו־לו־לו,
שלאָף־זשע, שלאָף, מיצעניו,
אַ־לו־לו־לו לו־לו־לו...

— משוגע, מיינע שונאים! — האָט זי פּלוצעם אַ זאָג געטאָן
אינמיטן זינגען, — ווילן דיך גאָר אַרויסוואַרפן אויפן גאַס! אַ וועלט
איז נישט הפקר. איך וועל נישט לאָזן!... מען וועט נישט
וואַרפן!

— שלאָף־זשע, שלאָף־זשע, מיצעניו, וועסט מיך אָבער מוזן פאָלגן... אַ־אַ־לו־לו...

דאָס הינטל האָט שלעפעריק, און מיט גרויס הנאה, אַ לעק געטאָן קריינעס האַנט.

— וועסט זיין מיט מיר, מיצעניו.

אַ־לו־לו־לו, לו־לו־לו,
שאַ־שאַ־שאַ־שאַ...
אָט אַזוי, פאַרמאַך די אויגעלעך,
שאַ־שאַ־שאַ, לו־לו־לו...

און מיצי איז איינגעשלאָפן.

# דער גאָלדענער פויגל

צווישן די אָנגעזעענסטע „קאָסטאָמערס" און שטענדיקע אַריינגייער אין קאַבאַרעט „דער גאָלדענער פויגל" פאַרנעמט וואָלף גוויאַזדע דעם אויבנאָן.

דער קאַבאַרעט געפינט זיך אין אַ געדיכט־באַזעצטער יידישער געגנט אין ניו־יאָרק, אַרום ריווינגטאָן סטריט, אין אַן אַלט, אָפּגעבליאַקעוועט טענעמענט־הויז. אַ פּאָר געדרייטע שטיגן פירן צום קעלער פון נאַכט־קלוב, וואָס מ'רופט „דער גאָלדענער פויגל". זעלטן אָבער רופט מען דעם קאַבאַרעט מיטן געקרוינטן נאָמען. אָממערסטן זאָגט מען:

— לאָמיר גיין צו דער „שוואַרצער דזשעני" !

דזשעני, די באַלעבאָסטע פונעם קאַבאַרעט, איז אַ ברייטע, עלטערע יידענע, מיט אַ הויכער אויסגעצאַצקעטער פריזור און אַ שטאַרק־געשמינקט פּנים. איר טונקעלע, געקנייטשטע הויט איז העל געפּודערט, די האָר זיינען געפאַרבט אויף רויט. פון דער הויכער פריזור בליאַסקען אַרויס קעמעלעך מיט פאַלשע דימענטן.

שווער צו זאָגן פאַרוואָס מען רופט זי די „שוואַרצע דזשעני". דער נאָמען איז איר מסתמא פאַרבליבן פון די יונגע יאָרן, ווען די האָר זיינען נאָך ביי איר געווען שוואַרץ און די טונקעלע הויט גלאַט.

איר מויל עפנט זי אָפּט צום שמייכלען. אירע פאַלשע ציין האַלטן אין איין בליאַסקען אינעם אָנגעריכערטן קעלער. דעם לאַקריץ־זיסן שמייכל טראָגט זי אַלע מאָל אַנטקעגן וואָלף גוויאַזדען, וועלכער קומט צו זיין געליבטער, דער זינגערין, סאָניאַ סאַסאָוואַיאַ.

וואָלף קומט קיינמאָל נישט אַליין, נאָר מיט חברה וואוילע יונגען, אמתע יאַטן. מען האַלט זיך אונטער מיט די זינגערינס,

טענצערינס און מוזיקאַנטן, וועלכע שפּילן פאַר זיי וואָס זיי פאַר־לאַנגען: „די יידישע מאַמע", „שיין ווי די לבנה", „אַ קאַמאַרינ־סקאַיאַ", „הוליע קבצן", און דערפאַר צאָלן זיי. וואַרפן מיט דאָ־לאַרן.

דער צאָלער פאַרן עסן און טרינקען איז אַלע מאָל „וואולפי", ווי זיינע פריינט רופן אים, ער האָט ליב צו ווייזן, אַז ער איז אַ „ספּאָרט".

וואָלף גוויאַזדע איז אַ הויכער יונג מיט ברייטע פּלייצעס, געלע האָר און געלע אויגן, האַרטע גרויסע הענט מיט מאַזאָליעס, שפּורן פון אַמאָליקן האַק און יאַטקע־קלאָץ.

ער איז שוין אָבער לאַנג אַרויס פון דעם גראָשנדיקן „בוטשער שאַפּ" און איז געוואָרן אַ הענדלער פון שאָף און קעלבער. וואַגאָ־נענווייז צעשיקט ער זיי איבער אַמעריקע. אָט דער האַנדל האָט אים געבראַכט אַ סך געלט, אָבער וואָלף גוויאַזדע געדענקט נאָך גוט יענע יאָרן פון פונט פלייש און אַ האַלב פונט לעבער, ווי ער פלעגט זיך אויפעסן די גאַל ביי די ווייבער, וועלכע האָבן זיך גע־דונגען פאַר אַ בעסער חלק און ער האָט זיי נאָך געמוזט צולייגן אַ שטיקל מילץ, אַ שטיקל לונג און ביינער.

איצט טרייבט וואָלף גוויאַזדע אַ גרויסן קאָסטבאַרן אויטאָמאָ־ביל, עסט, טרינקט אין די רייכסטע קאַבאַרעטן, שפּילט אין פערד־לעך און שפּילט ליבעס.

כמעט יעדע נאַכט קומט ער אין „גאָלדענעם פויגל" צו סאָניאַן דער זינגערין, חוץ שבת.

שבת — זאָגט ער — איז דער טאָג און פרייטאָג־צו־נאַכטס די נאַכט, וואָס באַלאַנגען צו זיין ווייב און קינדער.

לעצטנס זיינען שוין אַוועק עטלעכע נעכט, און וואָלף מיט זיינע חברים האָבן זיך נישט געוויזן. דזשעני איז שטאַרק באַזאָרגט, אָבער ניט סאָניאַ, די זינגערין, וועלכע זינגט רוסישע און יידישע סענטי־מענטאַלע לידער.

דער טונקעלער ווײַן־קעלער, „דער גאָלדענער פויגל", איז גע־פּאַקט. די טישלעך, אויף וועלכע עס ברענען ליכטלעך, זיינען באַ־

זעצט מיט מענער און פרויען, וועלכע זיינען שטאַרק באַשעפּטיקט מיט גאָפּל, מעסער. מען שניידט די געבראָטענע סטייקס, פון וועלכע עס רינט נאָך דאָס בלוט. מען עסט מיט גרויס הנאה, מען פאַרטרינקט מיט ווייַן און בראָנפן. די קאַפּעליע שפּילט „אַ פריילעכס", פאַליבטע הייסע ווערטער, וואָס ווערן אַרויסגערעדט, ווערן פאַרטויבט פונעם סאַקסאָפאָן מיט דער פויק.

אַ גרופּע עלטערע מענער מיט גרויע האָר און געקנייטשטע פנימער טענהן זיך אויס מיטן „סיגאַרעטן־מיידל", וועלכע שטייט לעבן זייער טישל. פון איר שלאַנקן, נאַקעטן אָרעם הענגט אַראָפּ אַ לאַנגער באַנד מיט אַ קעסטעלע פּאַפּיראָסן. איינער פון די מענער נעמט ביי איר אַ פּעקעלע פּאַפּיראָסן, גיט איר אַ געלט־פּאַפּירל א וויל נישט קיין רעשט. שטופּט זי דאָס פּאַפּירל אַריין טיף אין ב זעם, זאָגט אַ דאַנק און ער גיט איר אַ גלעט אין די היפטן.

אַ יונג מיט אַ גרינעם צילינדער, אין אַ געשטרייפטן אַנצוּ לאָזט וויסן, אַז באַלד פאַנגט זיך אָן די „שאָו". עס ווערט פינצטער־ לעך. די לופט איז געדיכט. דער רוישיקער עולם שטילט זיך ביסלעכווייז איין.

דער יונג מיטן גרינעם צילינדער פאַרנויגט זיך, זאָגט וויצן און שטעלט פאָר אַן אַקראָבאַטישע טענצערין, וואָס ברעכט זיך אין דרייען, מאַכט פון זיך אַ קנויל, מישט צוזאַמען הענט מיט פיס. פון איר קערפּער ווערט אַ פּעקל. פונעם פּעקל שטעקט אַרויס אַ קאָפּ. שווער צו זאָגן וואו עס באַלאַנגט אַ האַנט און וואו אַ פוס, און ביי יעדן מאָל, וואָס די אַקראָבאַטישע טענצערין טוט ערגעץ אַ שיק אַוועק אַ פוס, וואָס וואַקסט אויס לעבן אַן אויער, טוט אַ קנאַק די פויק.

דזשעני שטייט אַ פאַרזאָרגטע לעבן סאָניאַן און פרעגט איר, צי האָט זי נישט געהערט פון „וואָלפי", ווי זי רופט אים, וואָרעם די דאָלאַרן, וואָס קומען אַרויס פון וואָלף גוויאַזדעס קעשענעס, דעקן אַ גרויסן טייל פון אירע הוצאות.

— אַ שטיק גאָלד איז ער דאָך — קלאָגט דזשעני — אַז דו ווייסט דאָך גאָרנישט וואָס דו פאַרמאָגסט. און דו וואַרפסט גאָר איי־ געלעך אויפן נייעם קלעזמער, וואָס האָט זיך איינגערעדט, אַז ער

איז אַ גרויסער קינסטלער. אַ גרויסער קבצן — אָט וואָס ער איז!
— איך בעט דיך, דזשעני, זאָג מיר נישט קיין מוסר, ס'פּאַסט דיר נישט צו דיינע געפאַרבטע האָר!
— איך רעד צו דיר ווי אַן אייגענע מאַמע צו אַ טאָכטער.
— מוחל!...

דער יונג אינעם גרינעם צילינדער שטעלט פאָר „די גרעסטע און איין און איינציקע זינגערין פון אַלע צייטן", סאָניאַ סאָסאָוואַיאַ.

סאָניאַ פאַרנייגט זיך מיט גרויס ווירדע. איר שלאַנקע פיגור וויגט זיך צום טאַקט פון דער מוזיק. אירע שוואַרצע האָר און ברוינע אויגן בייטן דעם קאָליר לויט די פאַרבן פונעם „ספּאָט לאַיט", וואָס פאַלט אויף איר. אָנגעטאָן איז זי אין אַ לאַנג געבלימלט ציגיינער קלייד מיט אַ סך פאַלדן, און קאָלירטע קרעלן מיט גרויסע גאָלדענע אוירינגלעך און בראַסלעטן. צום ערשטן זינגט זי רוסישע לידער: „בובליטשקי", „אָטשי טשאָרניע", „סערדצע". דער עולם וויל נאָך. זי זינגט יידיש: „איך וועל בענקען נאָך דיר".

דער פידל־שפּילער גייט איר נאָך מיטן פידעלע און ער סמאַלעט מיט זיינע שוואַרצע אויגן, און כישופט אַרויס אַזעלכע וויינענדיקע טענער, און ביידע וואַרפן זיי אַזעלכע פאַרבענקטע בליקן איינער אויפן אַנדערן, אַזוי ווי זיי וואָלטן פאַרגעסן אַלץ אַרום. און ווען סאָניאַ סאָסאָוואַיאַ זינגט „דו ביזט מיין גליק", קוקט זי מישאַן, דעם פידל־שפּילער, גלייך אין די אויגן אַריין, און יענער פאַרמאַכט גאָר די אויגן און שפּילט ווי אין אַ טראַנס.

מיט אַ מאָל עפנט זיך די טיר און וואָלף גוויאַזדע מיט זיינע חברים לאָזן זיך אַריין.

די שוואַרצע דזשעני לויפט זיי אַנטקעגן מיט אויסגעשטרעקטע הענט:

— וואָלפי, טאַטעלע, וואו ביזטו געוועזן אַזאַ לאַנגע צייט? איך האָב דאָך שוין נישט געוווּסט וואָס איבערצוקלערן... געמיינט חלילה, אַז...

ער לאָזט איר נישט ענדיקן:

— זאָל זי געהרגעט ווערן, דער אויסוואורף! — ווייזט ער אָן אויף סאָניאַן און אַ שטאַרקער ריח פון בראָנפן זעצט פון זיין מויל.

— שאַ, שאַ, וואָלפּי, — לייגט דזשעני אַרויף איר האַנט אויף זיין מויל, — רעדסט נאַרישקייטן! — דערביי נעמט זי אים אונטערן אָרעם און פירט אים צו צו זיין שטענדיקן, זייטיקן טישל. ער זעצט זיך אַוועק מיט די חברים און זייעט אַרויס צווישן די ציין:

— אַ קרענק אויף איר!...

— פע! וואָס זיינען דאָס פאַר אַ רייד?! — מוסרט אים דזשעני.

— איבער איר — ווייזט ער אָן אויף דער זינגערין — האָב איך היינט פאַרלאָרן צוויי טויזנט דאָלאַר!

— צוויי טויזנט דאָלאַר? ווי אַזוי?! — וויל דזשעני וויסן און מאַכט דערביי אַ שטאַרק פאַרוואונדערטע מינע, און טראַכט: הלוואי וואָלט ער דאָס געלט בעסער ביי איר איבערגעלאָזט...

— ווי אַזוי? אין פערדלעך! איך האָב דען געוואוסט וואָס איך שפּיל? כ׳האָב געוועט ווי אַ בלינדער אויף איין פּגר נאָכן צווייטן!

— וואָלפּי, „דאָל״, איך פאַרשטיי דיך נישט... נעם מיר נישט אַרויס ס׳האַרץ — בעט זיך דזשעני — דו ווייסט דאָך וואָס פאַר אַ פריינד איך בין דיר... דערצייל מיר: וואָס קוועטשט דיך?

ער וואַרפט אַ בליק אויף זיינע פריינד, וועלכע קוקן אויף אים מיט גרויס סימפּאַטיע און זאָגט:

— שוין די דריטע נאַכט אַז איך רוף איר נאָך צוויי אַזייגער, און זי איז נישטאָ אין דער היים! קלינג און קלינג... אַ גאַנצע נאַכט קלינג איך... די וואַנט ענטפערט? אַזוי ענטפערט זי... נישטאָ אַ גאַנצע נאַכט, נישטאָ אין דער היים... פאַרשטייסט?

— אָ, דאָס גאָר? — זאָגט דזשעני — זי קומט דאָך אַהיים זייער שפּעט.

— ווי שפּעט? צוויי. דריי איז דאָך שוין ביי דיר פאַרמאַכט די „קנייפּע״!...

— מאַלע וואָס אַ מענטש... — זוכט נאָך אַלץ דזשעני אַ תירוץ און ווייסט אַליין נישט וואָס זי זאָל זאָגן אַזוינס, וואָס זאָל אים באַרואיקן — מסתמא האָט זי געשפּילט אין קאָרטן — כאַפּט זיך דזשעני אָן ווי אַ טרינקענדיקער אָן אַ שטרוי.

— זאָל זי אַזוי לעבן! דערלאַנג סקאַטש און סאָדאַ — גיט ער אַ געשריי צום קעלנער.

וואָלף מיט זיינע חברים נעמען איין טרונק און נאָך אַ טרונק. מיט אַ מאָל דערהערט ער זיין באַליבט לידל: זיין סאָניאַ זינגט „איך וועל וואַרטן אויף דיר“ און קוקט מיט פאַרנעפּלטע אויגן צום פידל־שפּילער...

וואָווע באַמערקט עס, גיט ער אַ צי אַרונטער ס׳גלעזל בראָנפן און רעוועט אַרויס:

— אַי, זאָל איר קומען אַ פּונק אויף איר לונג, אַז עס זאָל איר אָנבראָטן די לעבער! — און פאַרטרינקט מיט נאָך אַ גלעזל.

ער זעט איר שוין אַביסל נעפּלדיק, און הערט די שטימע „איך וועל וואַרטן אויף דיר מיין גאַנצן לעבן“. די ווערטער פלעגט זי אים אַריינזינגען אין אויער, נאָר אים אַליין... אַפילו ווען זי פלעגט זינגען דאָס ליד פאַר אַלעמען האָט זי אַזוי געקוקט אויף אים, אַז ער האָט געוואוסט, אַז דאָס ליד, פּונקט ווי זי, באַלאַנגט בלויז צו אים. איצט קוקן אירע „קוקערלעך“ צום פידל־שפּילער... איז אים שוין איצט קלאָר וואו זי איז געווען... און אים, וואָלף גוויאַזדען, זאָל זי מאַכן צום נאַר?!... און פאַר וועמען האָט זי אים אויסגעביטן? פאַר אַן אָרעמען קלעזמער!... ס׳לעבן זיינס וואָלט ער דאָך איר אַוועקגעגעבן.

— פאַרשטייי מיך, נאָטע, — ווענדט ער זיך צו איינעם פון זיינע חברים, אַ באַלעבאָס פון אַ „פיש־מאַרקעט“, און נעמט אים אָן פאַרן לאַץ — פאַרשטיי, אַ הויז האָב איך איר געוואָלט קויפן, אַ גאָלדענעם בראַסלעט איר געגעבן, דיאַמאַנטן, אַ פינגערל, אַלץ וואָס זי האָט נאָר געוואָלט... נאָטע, איך זאָל אַזוי דערלעבן צו פירן מיין טאָכטער צו דער חופּה, ווי זי האָב איך ליב געהאַט אויף אַן אמת!... געוועזן איר געטריי!...

„איך וועל וואַרטן אויף דיר“ — טראָגט זיך סאָניאַס געזאַנג.

— הער אויף! הער אויף! איך קאָן דאָס מער נישט הערן! — רעוועט וואָווע אַרויס ווי אַ נישט־דערקוילעטער אָקס. ער גיט זיך האַסטיק אַ שטעל אויף, גרייט צו אַנטלויפן, נאָר באַלד זעצט ער זיך

צוריק אַוועק, ווי אַן אַנגעפּאַטשטעד, אַן אָפּגעבאַרטער, און צעוויינט זיך, טרערן רינען אים פון די אויגן.

חברה וואוילע יונגען קוקן אויף אים מיט גרויס רחמנות.

מיט אַ מאָל טוט ער זיך האַסטיק אַ הויב פון בענקל, גיט אַ זעץ אין טיש מיט אַזאַ אימפעט, אַז אַלע דערשרעקן זיך.

— קומט, לאָמיר אַוועקגיין פון דאַנען! — שרייט ער מיט אַ געררייצט קול. — איך וויל איר טריפהן פּנים נישט אָנקוקן!... קומט!...

דזשעני לויפט צו, זעצט אים אַוועק מיט געוואַלד. אויך סאָניאַ האָט אים דערזען, ענדיקט זי שנעל איר זינגען און קומט צו צו זיין טישל:

— העלאָ, וואָלפּי דאַרלינג! — באַגריסט אים סאָניאַ און פרעגט:
— וואו ביסטו געווען די גאַנצע צייט?!...

— וואו איך בין געווען די גאַנצע צייט?! — שפּרינגט ער אויף, ווי אימעצער וואָלט אים געשטאָכן — וואו ביזטו געווען?

— וואָס הייסט?!... ביי דער אַרבעט!

— איך מיין, פון נאָך צוויי ביינאַכט אָן ביז זיבן אין דער פרי?...

— אָ... ביי דער מאַמען. זי איז קראַנק. איך בין געלאָפן גלייך פון דער אַרבעט אַהין.

— גיי איך שוין צו דיין מאַמען טאַקע פרעגן.

— וואָס דאַרפסטו איבערשרעקן מיין מאַמען מיט אַזעלכע ווילדע פראַגעס?

— גיב אַהער דעם אַדרעס, זאָג איך דיר!

— איך וויל נישט!

— דו וועסט יאָ!

— איך וויל נישט!

און סאָניאַ, אַ צעפלאַמטע פון כעס, אַנטלויפט פון טיש.

— נו, דו זעסט דאָך, אַז דער ליגנט ליגט פון אויבן־אויף — רופט זיך אָן זיין פריינד וועקסי.

— אפשר האָט זי גאַרנישט קיין מאַמען? — גיט אַ וואָרף אַריין

אַן אַנדערער פון דער חברה יאַטן און גיט דערביי אַ וואונק מיטן לינקן אויג.

— הערט אויף! — שרייט אויס וואָלף אַ צערייצטער — וואָרעם איך האַק אייך אונטער אַ זייט!

— איר זעט דען נישט — זאָגט שטיל נאָטע צו זיינע פריינד — איר זענט בלינד? דער מאַן „סאָפּערט", ס'איז דאָך אַ רחמנות. ער איז נעבעך פאַרליבט, נישט פאַר אונדז געדאַכט, ביז צום שטאַרבן. וואָס־זשע מיינט איר, ס'איז אַ געלעכטער?... פון אַ ליבע קאָן מען אויסגיין און שטאַרבן... נעמט איר נאָך און רייצט זיך מיט אים?!...

ווערן חברה וואוילע יונגען זייער ערנסט און סענטימענטאַל ווייך. עס ווערט שטיל ביים טישל, און נאָטע באַשטעלט פאַר גוויאַזדען עסן. וואָלף זיצט און קוקט מיט נאַסע אויגן צו סאַניאַן.

דזשעני רוקט צו אַ בענקל און זעצט זיך לעבן וואָלפן און רעדט צו אים שטיל אויפן אויער:

— איך האָב פאַר דיר אַ מיידל, אַ צאַצקע, אַ מלאך, אַ נייע טענצערין, טרעט היינט אויף צום צווייטן מאָל, טאַנצט מיט שלייערן, אַמאָל מיט אַ פעכער... אַמאָל מיט זייפן־בלאָזן... דער סולטאַן פון עגיפּטן איז געווען שטערבלעך פאַרליבט אין איר. אין דיין לעבן האָסטו אַזוינס נישט געזען... טאַנצט אויף די שפּיץ־פינגער און קלינגט מיט די גלעקלעך...

זי האָט אַ וואונק געטאָן צום יונג מיטן גרינעם צילינדער, און יענער האָט גלייך פאַרגעשטעלט די „עגיפּטישע טענצערין, די איין־און־איינציקע, די געטלעכע סטוראַ האַקאַוואַוואַ, וואָס קומט דירעקט פונעם קעניגלעכן פּאַלאַץ".

ס'איז געוואָרן פינצטער. בלויז אַ רויטלעכער שיין ווי פון אַ פאַרגייענדיקער זון האָט באַלויכטן די טענצערין, אַ שלאַנק מיידל, מיט לאַנגע פיס, בלאָנדע האָר און גרויסע בלויע אויגן, אין זיבן ווייסע שלייערן איינגעוויקלט. וואָלף איז געזעסן און געקוקט מיט גרויס אינטערעס, געזען, ווי דורך אַ נעפּל, ווי די טענצערין האָט געטאַנצט, געקאָרטשעט און געדרייט זיך ווי אַ שלאַנג, געוואָרפן פון זיך די שלייערן און נאָך אַלץ געבליבן אַ פאַרשלייערטע.

— עפּעס גאָר ווי אַ מלאך — טראַכט ער, און אַ ראָמאַנטיש גע־פּיל צעיאַכמערט זיך מיטאַמאָל אין זיין האַרצן. זיין פאַנטאַזיע צע־שפּילט זיך:

ער זעט, ווי ער נעמט זי אַוועק פון רוישיקן ניו־יאָרק, ערגעץ ווייט, ביים ים, לעבן וואַלד, וואו ער האָט זיין „ליבעס נעסט"... אין סאַמעט און אין זייד פּוצט ער זי אויס. אין אַ ליכטיקן ביינאַכט, ביים שיין פון דער לבנה טאַנצט זי פאַר אים אין די זיבן ווייסע שלייערן. די שלייערן שיילן זיך איינציקווייז אַראָפּ פון איר לייב, און זיי בלייבן ליגן ווי ווייסע וואָלקענדלעך צעשפּרייט איבערן גראָז. דער לייכטער ווינט בלאָזט און בלעזלט די צוואַרפענע ווייסע שלייערן און דורך די שאָטנדיקע ביימער קוקן אַרויס, אָפּגעריסענע שטיקלעך וואָלקנדלעך פון אַ בלויען נאַכטיקן הימל. דער זיבעטער שלייער פאַלט, און ס'גיט אַ בלענד אַ ווייסער, נאַקעטער, שלאַנקער קערפּער. עפּעס אַזוי ווי אַ סטאַטוע וואָלט לעבעדיק געוואָרן. דע־מאָלט פאַלט ער, וואָוועס, צו צו דער טענצערין און רופט איר: „מלאכל, ענדזשל... קראַסאַוויצא... שיין ווי די לבנה".

אַזעלכע ראָמאַנטישע געדאַנקען האָט וואָווע געהאָט ביז דער קעלנער האָט צוגעטראָגן אַ געבראָטענעם סטייק מיט ציבעלעס, און דער ריח האָט אים אַ ריס געטאָן אין די נאָזלעכער און אים אויפגעוועקט פון זיין ראָמאַנטישן חלום. ער האָט זיך גייציק צוגע־כאַפּט צום טעלער מיט פלייש און אַ געשריי געטאָן צום קעלנער:

— אַ זויערע אוגערקע, פּליז!

ער האָט געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט, נאָר אַ שטאַרק הירזשען, אַ געבראַזג פון טעלער און אַ קלאַפּן פון הענט האָבן אים אויפ־געוועקט.

דאָס האָט דער עולם אַזוי געליאַרעמט און דורכאויס פאַרלאַנגט, אַז די טענצערין זאָל אַרונטערוואַרפן דעם זיבעטן שלייער. האָט וואָווע זיך צעפלאַמט און ער האָט אַ געשריי געטאָן:

— אַ מכה אייך!

דערזעענדיק די שוואַרצע דזשעני, האָט ער באַפוילן:

— שיק זי מיר גלייך אַהער!

די טענצערין האָט זיך גענייגט, געוואָרפן לופט־קושן און איז פאַרשוואונדן הינטער אַ געבלימלט פאָרהענגל.

מיט צען מינוט שפּעטער, האָט דזשעני זי צוגעפירט צו וואָוועס טיש. אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ שוואַרץ קלייד מיט גאָלדענע און זילבערנע סטענגעס באַפּוצט, מיט לאַנגע אַרבל, און אַ שטאַרק אויס־געדעקאָלטירטע פּלייצע. פון פאָרנט איז דאָס קלייד געווען שטאַרק אויסגעשניטן, און ווען זי האָט זיך אָנגעזעצט און אַביסל איינגע־בויגן, האָט וואָווע דערזען צוויי ווייסע רונדע בריסטן, וועלכע האָבן אים אַ בלענד געטאָן אין די אויגן און צוגעזאָגט פאַרגעניגן.

— שאַמפּאַניער פאַר דער לעידי! — האָט וואָווע באַפוילן.

— סקאָטש און סאָדאַ — האָט די לעידי איגנאָרירט וואָוועס באַפעל.

דער קעלנער האָט צוגעטראָגן די גלעזלעך. די טענצערין האָט אירס אַ צי־אַרונטער געגעבן מיט איין זופּ, און גלייך געבעטן נאָך איינס.

וואָווע האָט זיך צוגערוקט צו איר, און זי אַרומנעמענדיק מיט איין האַנט, געפרעגט:

— זאָג מיר, מלאכל מיינס, קומסט טאַקע פון סולטאַנס פּאַלאַץ?

— ערשט לעצטע וואָך געקומען מיט דער שיף — האָט סטוראַ האַקאַוואַוואַ געענטפערט און אַ פאַרבענקטע געקוקט אויפן גלעזל.

וואָווע האָט עס באַמערקט און געגעבן אַ געשריי:

— העי, וועיטער, אַ גאַנצע פלאַש!

חברה בלאַטע יונגען האָבן זיך איבערגעוואונקען און וואָווע האָט שוין פאַרלייגט די צווייטע האַנט און געהאַלטן די טענצערין ביי דער טאַליע. דערביי האָט ער געקוקט מיט אַ ווינקל פון אויג צו זיין סאָניאַן און געכאַפּט איר בליק, האָט עס אים געוואָלדיק הנאה געטאָן: „זע און קראַפּיר"... ער האָט אַרויסגעכאַפּט אַ פּאַק מיט פּאַפּיר־געלט, עס אַ וואָרף געטאָן סטוראַן און געזאָגט:

— נעם טייערער מלאכל, ס'איז פאַר דיר!

זי האָט אויסגעזען אַביסל צעטומלט, האָט ער דאָס געלט דער טענצערין געשטופּט אין דער האַנט:

— נאַ, נעם, ס'איז פאַר דיין געטלעכן טאַנצן.

זי איז אָבער נאָך אַלץ געווען פאַרוואונדערט, נאָר באַלד האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דאָס געלט, אַריינגעשטופּט עס אין בוזעם און אויס־געשטעלט ס׳פּנים צום קושן...

האָט זיך וואָלף גוויאַזדע געכאַפּט צום קושן מיט דעם זעלבן אַפּעטיט ווי אַ ווילדע פריער צום סטייק, געקושט, געקושט און געקושט... דער ערשטער קוש איז געווען אין פּנים, דער צווייטער אין די ליפּן, נאָר אַז יענע איז געווען אַזוי נאַכגעביק, האָט וואָווע פאַרגעסן וואו ער איז אין דער וועלט און זיך אַזוי צעלאָזט, אַז חברה אַרום האָבן געקוקט און געגאַפט...

אויפגעוועקט פון דער פייערדיקער אומאַרמונג האָט אים סאָניאַ, וועלכע האָט פון דערווייטנס דערזען דערזען ווי איר „וואָלפי״ לאָזט זיך וואוילגיין מיט דער נייער טענצערין און ווי יענער וואַרפט מיט געלט און קושן, ווי מיט קאָנפעטי. ס׳האָט איר אַ מיש געטאָן אין קאָפּ און ווי אַ „בול״ (אָקס) וואָס דערזעט רויט, האָבן פייערדיקע פאָסן פון קנאה געטאַנצט פאַר אירע אויגן. זי איז מיט דער כיטרעקייט פון אַ צערייצטן פוקס צו צו זייער טישל און מיט געביילטע פויסטן גע־שריגן:

— הער, דו ברוקלינער הור! גיי דיר צוריק אין קאָני־איילאַנ־דער צירק צו די פאַרזעעניש און וואו דו באַלאַנגסט. האַ־האַ־האַ־האַ! — האָט זי היסטעריש געקוויטשעט, סטוראַ האַקאַוואַוואַ פון סולטאַנס האַרעם?!... גאָלדענע גלעקל פון בילי־באַרגס בורלעסק!... איך געדענק דיר גוט, גוירדעלע, ווי דו האָסט דאָרטן געטאַנצט די הור־טשי־קוטשי״ פאַר שיכורים און באָמס און אַרונטערגעוואָרפן פון זיך די פייגן־בלעטער!...

יענע האָט אויף דעם געענטפערט מיט אַ פלאַמיקן פאַטש און באַלד האָבן זיךביידע געריסן פאַר די האָר.

אוי, גוט! — האָט די שוואַרצע דזשעני געטראַכט און ס׳האָט איר הנאה געטאָן, וואָס זי האָט איר אָפּגעשפּילט די חתונה. און זאָל זי נאָר נישט מיינען אַז זי איז די איינציקע „קראַסאַוויצע״ וואָס קאָן פירן וואָלפן אין באָד אַריין. עס זיינען, געלויבט דעם אויבערשטן, דאָ נאָך אַזעלכע צאַצקעס.

אַז וואָלף גוויאַזדע האָט געזען ווי זיין סאָניאַ שלאָגט זיך אי־

בער אים, האָט ער מיט אַ מאָל דערפילט ווי אַ גרויסע פרייד צע־
כוואַליעט זיך אין זיין אינגעווייד, און זיינע גאָר נישט זויבערע
מחשבות וועגן סאָניאַן האָבן זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל און זיין מוט־
נער מח האָט קלאָר פאַרשטאַנען, אַז אויב זי שלאָגט זיך איבער אים,
איז אַ סימן אַז זי איז נאָך אַלץ אין אים פאַרליבט.

צו פאַרטומלען די געשרייען פון די צוויי קאָנקורענטקעס, האָט
דער אָרקעסטער, אויפן וואונק פון דזשעניק, שטאַרקער געליאַרעמט
און די פויק האָט געקנאַקט, פאַרטויבט צו ווערן.

אָפּגעשטעלט דאָס געשלעג האָט די באַלעבאָסטע, די שוואַרצע
דזשעני.

פיר פאַרטאָג. אין נאַכט־לאָקאַל „דער גאָלדענער פויגל״ איז
שוין געווען לאַנג ליידיק. די באַזוכער און די אָנגעשטעלטע זיינען
זיך צעגאַנגען אַהיים. בלויז דער אַלטער גוי, דזשימי, האָט געקערט,
גערייניקט און געגענעצט.

דזשעני, וואָווע און סאָניאַ זיינען נאָך אַלץ געזעסן ביי דעם
אייגענעם טישל און עס איז אָנגעגאַנגען אַ היציקער וויכוח.

וואָלף גוויאַזדע האָט זיך געשוואוירן אַז די בייע טענצערין ליגט
אים אַפילו נישט אין דער לינקער פּיאַטע און ליבן ליבט ער בלויז
איר, סאָניען. ער האָט איר נאָר געוואָלט ווייזן, אַז ער קאָן נאָך,
גאָט צו דאַנקען, געפעלן ווערן שיינע פרויען און סאָניאַ האָט גע־
שריגן, אַז ער האָט איר פאַרצאַפּט דאָס בלוט, איר צום נאַר געמאַכט
פאַר אַלעמען אין די אויגן און אַז זי גלויבט אים נישט!...

דזשעני האָט געמאַכט אַ פּשרה, אַז ער זאָל איר קויפן אַ די־
מענטענע שפּילקע, טאַקע באַלד מאָרגן אינדערפרי.

איבער די פאַרשלאָפענע ניו־יאָרקער גאַסן האָט זיך געגליטשט
וואָלף גוויאַזדעס לוקסוספולער אויטאָמאָביל. פון די אָפענע פענצ־
טערלעך האָט זיך געטראָגן סאָניאַס זינגענדיק קול:

„איך וועל בענקען נאָך דיר
מיין גאַנצן לעבן;
בלויז צוזאַמען מיט דיר
וויל איך אין די הימלען שוועבן״.

# אַנטוישונג

עמאַ האָט אַ נערוועזע געשפּאַנט פון איין שטוב אין דער צווייטער. זי האָט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן זיך איינגעהערט צום מינדסטן שאָרך פון טיר. זי האָט אַלע ווײַלע געוואָרפן אומרואיקע בליקן אויף איר האַנט־זייגערל: — צען מינוט צו זעקס. בלויז נאָך צען מינוט און ער וועט דאָ זײַן, איר געליבטער. אָבער פאַרוואָס איז זי הײַנט אַזוי צעטראָגן? שפּרינגט אויף בײַם מינדסטן שאָרך ?!...

נו, הײַנט איז אַנדערש, — האָט עמאַ געפּרוּווט פאַרענטפערן איר אינערלעכן ציטער, וואָס האָט געגרעניצט מיט עפּעס אַן אומבאַוואוסטער מורא, אַ פאָרגעפיל, אַז עס רוקט זיך אָן אַ שטורעם, וואָס קאָן ברענגען אַ חורבן אין איר שטילן ראָמאַנטישן לעבן מיט אַלעקס בערמאַן, אַ ליבע וואָס ציט זיך שוין באַלד דרײַ יאָר צײַט.

ער איז אַ פאַרנומענער מענטש, איר אַלעקס, זײַנע געשעפטן האַלטן אים געשמידט פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין אָוונט, האָט אים עמאַ געפּרוּווט פאַרענטפערן. בלויז ווען עס הויבן זיך אָן די גרויסע היצן, פאַרלאָזט ער די געשעפטן און פאַרברענגט די שבתים און זונטיקס אויסערן שטאָט. הײַנט דאַרף זיך פאַר איר אָנהויבן אַ נײַ לעבן, וואָס, ווי אַלעקס האָט פאַר איר אויסגעמאָלט, וועט זײַן אַן אמתער גן־עדן...

צוויי־דרײַ מעת־לעת אין די בערג פון יעדער זומער־וואָך, וועט איר פאַרגיטיקן פאַר אַ סך האַרץ־ווייטיק, וואָס ער פלעגט איר פאַרשאַפן מיט זײַן אײביקן פאַרהאָוועט זײַן אין געשעפט.

עמאַ איז צוגעגאַנגען צו די וואַליזעס, וואָס זײַנען געשטאַנען אײנגעפּאַקט, נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן צי אַלץ איז אין אָרדענונג,

אויפגעפּנט, צוגעמאַכט, אַ קוק געטאָן אויפֿן זייגערל — זעקס! אַט באַלד קומט ער!...

זי האָט אָנגעטאָן דעם הוט, אָנגעהאַנגען אויף זיך איר קורץ, גרין מאַנטעלע, אַ קוק געטאָן אין שפּיגל און געבליבן שטאַרק צופרידן מיט איר אויסזען. עמאַ האָט געעפנט דאָס פענצטער, אַרויסגעקוקט אין גאַס, צי פאַרט ער נישט אָן מיט זיין אויטאָ־מאָביל.

זי האָט אים אָבער נישט געזען. זי האָט נאָכגעקוקט יעדן אויטאָמאָביל וואָס איז פאַרבייגעפאָרן איר פענצטער, אַלץ פרעמ־דע...

איר נערוועזיטעט איז געשטיגן. זי האָט געפונען אַ טרייסט אין דעם, וואָס ער קומט אַלעמאָל שפּעט, קיינמאָל נישט צו דער צוגעזאָגטער צייט...

עמאַ קאָן נישט פאַרטראָגן די רכילות וואָס מענטשן טראָגן איר צו, אַז אַלעקס איז נישט פון יענעם מין מאַן וואָס האַלט זיך צו לאַנג מיט אַ פרוי...

מענטשן זיינען שלעכט און פאַרגינען נישט קיין גליק.

מיט איר איז אַנדערש. זי וועט דאָך נישט גיין אויסדער־ציילן אירע פריינט, ווי שטאַרק און אמתדיק ליב ער האָט זי; ווי איפּערזיכטיק ער איז אויף אירע פאַרערער; ווי ער גאַרט זי צו זען; און ווען ער האָט נאָר אַ פרייע שעה פאַרברענגט ער מיט איר...

מינוטן האָבן זיך געצויגן ווי שעהען, דער זייגער האָט געוויזן אַכצן מינוט נאָך זעקס. עמאַן איז באַפאַלן אַ שרעק: צי האָט חלילה עפּעס נישט פּאַסירט?!... אַן אומגליק געטראָפן?!...

פּלוצעם האָט זיך דער טעלעפאָן צעקלונגען. זי איז אויפגע־שפּרונגען און מיט ציטערדיקע הענט אויפגעהויבן ס׳טרייבל. ס׳איז געווען אַלעקס. זיין קול האָט געקלונגען פרעמד און ווייט. ער האָט געלאָזט וויסן: ער קאָן נישט האַלטן די צוגעזאָגטע באַגעגעניש, עס טוט אים זייער לייד, אָבער ער מוז אַט גלייך אַוועקפאָרן וועגן געשעפט...

עמאַ האָט געפילט ווי דער באָדן גליטשט זיך איר אַרויס פון

אונטער אירע פיס; די שטוב וואַקלט זיך; עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט געפאָרן אויפן ים און דער שטורעם וואַרפט מיט דער שיף. אָן איבל איז איר באַפאַלן. זי האָט צונויפגענומען אירע לעצטע כוחות און פעסט געזאָגט:

— אויב דו האָסט מיך באמת ליב, קאָנען דיך קיין שום געשעפטן נישט אָפּהאַלטן פון אַוועקפאָרן מיט מיר, ווי דו האָסט עס פּלאַנירט פון לאַנגע חדשים. אויב דו קומסט נישט גלייך אַהער, וועל איך דיך קיינמאָל אין מיין לעבן מער נישט זען!...

ער האָט איגנאָרירט די לעצטע ווערטער און טרוקן געזאָגט:

— איך וועל צו דיר קלינגען קומענדיקע וואָך, ווען איך וועל צוריק קומען.

ער האָט גלייך אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל, עפּעס ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו הערן אירע ווייטערדיקע רייד...

עמאַ איז געבליבן זיצן און מיט שטאַרע אויגן געקוקט אין רוים:

וואו קאָן ער איצט פאָרן וועגן געשעפט? ס'איז פרייטיק. ביז מאָנטיק זיינען דאָך אַלע געשעפטן געשלאָסן?!... זי האָט זיך מיטאַמאָל געגומען דערמאָנען אין זיינע מאָדנע האַנדלונגען די לעצטע וואָכן; זיין צערודערטקייט; זיין איבערהיפּן אָוונטן. ער איז פּלוצעם געוואָרן שטאַרק „ביזי"...

איר ווייבערשער חוש האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז דאָ האָט זיך אַריינגעמישט אַן אַנדערע פרוי. און אפשר הויבט זיך אָן פאַר אים אַ נייע ליבע? יאָ, דאָס איז עס! זי האָט געוואוסט אַז אַלע תירוצים ווערן בטל ווען מען האָט באמת ליב אַ מענטשן. וואָס מער זי האָט געטראַכט, אַלץ פינצטערער זיינען געוואָרן אירע זע־אונגען. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שטימע. זי האָט אַ ציטער געטאָן און זיך געכאַפּט אַז דאָס רעדט די טעלעפאָן־אָפּע־רייטאָרין. יענע וויל וויסן וואָס ס'איז געשען מיטן טרייבל... זי האָט שנעל אויפגעהאַנגען, אַוועקגערוקט דעם טעלעפאָן פון זיך און זיך שטאַרק צעוויינט...

זי האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און איז אַזוי געלעגן, ביז איך דרויסן איז געוואָרן פינצטער...

עמאַ האָט זיך אויפגעזעצט. געפילט זיך פוסט און אויסגעליידיקט. די אַרומיקע שטילקייט האָט איר געשראָקן. זי האָט געוואוסט אַז זי וועט די נאַכט נישט קאָנען שלאָפן. זי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער. אין דרויסן איז געהאָנגען אַ בלויער, נאַכטיקער הימל, באַשאָטן מיט קליינע און גרויסע שטערן, אַ פולע לבנה האָט גע־לויכטן און נאָך שווערער געמאַכט איר געמיט. זי האָט ווידער געגומען זען בילדער, וואָס האָבן ווי מיט מעסערס געשניטן איר לייב.

איר אַלעקס איז איצט מיט אַ צווייטער, זיי זיינען שוין ערגעץ אין די בערג, ער שעפטשעט צו יענער עפּעס אַזעלכע כישופדיקע ווערטער, און די אַנדערע פילט זיין הייסן אָטעם... זי האָט זיך פלוצעם אַ ריס־געטאָן פון פענצטער:

ניין! זי וועט מער נישט טראַכטן. זי טאָר נישט! אויב זי וויל ניט ווערן גערירט פון זינען... און אפשר איז ער טאַקע גע־פאָרן וועגן געשעפט?...

— כאַ־כאַ־כאַ — האָט עפּעס אַ בייזער טייוול איר אַריינגעלאַכט אין אויער — די אמתע געשעפטן!...

זי איז צוגעגאַנגען צו דער וואַנט לעבן טיר, אַ דריק געטאָן דאָס עלעקטרישע קנעפּל, די שטוב איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט ליכט, פון וועלכן זי האָט פאַרזשמורעט אירע פאַרוויינטע אויגן. זי איז פאַרבייגעגאַנגען דעם שפּיגל און געבליבן שטיין. זי האָט געזען ווי אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן זיינען פאַרוויינט און רויט. די באַקן פיכט פון נישט אויסגעטריקנטע טרערן. זי האָט מעכאַ־ניש געפּודערט איר פּנים, איר שלאַנקע פיגור האָט זיך מיד גע־בויגן. זי האָט געפילט אַ שוואַכקייט אין די פיס און געשפּאַנט איבערן הויז מיט אָפּגעלאָזטע טריט.

מיטאַמאָל האָט זי אַ כאַפּ־געטאָן איר בייטל, פאַרשלאָסן די טיר און איז אַרויס אין גאַס.

עמאַ האָט געוואַנדערט איבער די ניו־יאָרקער גאַסן אָן אַ ציל און אָן באַגער. זי האָט געהאַט דאָס געפיל ווי די ריכטיקע עמאַ איז פלוצעם געשטאָרבן און דאָ גייט בלויז איר שאָטן. מיטאַמאָל האָט זי זיך דערזען לעבן דער קאַפע וואו עס קומען זיך צוזאַמען

קינסטלער. עמאַ אַליין האָט שטודירט זינגען און געהאַט דאָרטן אַ סך באַקאַנטע. אפשר געפינט זיך דאָרט איר פריינדין, מאַרטאַ?...
זי האָט דערפילט אַ גרויס באַדערפעניש צו רעדן מיט אַן אינטימן מענטשן.

עמאַ איז אַריין, געבליבן שטיין ביי דער טיר, זיך אַרומגעקוקט, ווייניק באַקאַנטע. גראָד זיינען דאָרט געווען אַ סך פרעמדע מענטשן. זי האָט באַמערקט ביי אַ טיש זיצט לעאָן פאַרבער, איר געזאַנגס־לערער, וועלכער איז אַמאָל געווען אַ באַוואוסטער זינגער. גראָד אים וואָלט זי היינט נישט געוואָלט זען. זי איז נישט געשטימט אויסצוהערן זיינע קאָמפּלימענטן. ווייזט־אויס, אַז זי קאָן נישט פאַרשטיין קיין מענער, האָט זי אַ טראַכט געטאָן מיט גאַל, אָט דער לעאָן פאַרבער האָט אַ פּרעכטיק־שיינע פרוי, איז אין איר פאַר־ליבט, און דאָך זוכט ער אַלעמאָל אַ זייטיקע ליבע... און פונקט אין דער מינוט, ווען עמאַ האָט געמאַכט אַ טריט צום אַוועקגיין, האָט ער זי באַמערקט, זיך אויפגעשטעלט, איז צוגעלאָפן צו איר, און אַ דערפרייטער אויסגערופן:

— אַ, עמאַ, טייערע! נאָר גאָט אַליין האָט אייך היינט אַהער געשיקט. קומט, איך בעט אייך, זעצט זיך לעבן מיר, — האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ בענקל לעבן זיין טיש. — עס איז מיר היינט אומעטיק ביז צום שטאַרבן...

עמאַ האָט אים פליטק אָפּגעמאָסטן מיט איר בליק און גע־זאָגט:

— מיר אויך...

זי האָט זיך נאָך אַ ווילע געוואַקלט, אַ נישט־זיכערע זיך אַוועקגעזעצט און שטיל געזאָגט:

— מיסטער פאַרבער, איך בין היינט אַבסאָלוט נישט אויפגע־לייגט אויסצוהערן קיין קאָמפּלימענטן מיט זיסע רייד...

— און איך בין היינט זייער ווייט פון רעדן נאַרישקייטן...

עמאַ האָט אַנגעשטעלט אויף אים אַ פאַרוואונדערטן בליק און באַמערקט, אַז ער זעט אויס שלעכט, אויסגעדאַרט. טיפע טונקעלע פאַסן זיינען געווען אויסגעלייגט אונטער זיינע אויגן. דער מענטש האָט אויסגעקוקט ווי ער ליידט, און דאָס האָט עמאַן שטאַרק גע־

וואונדערט. לעאָן פאַרבער, דער „דאָן זשואַן", ווי זיינע פריינט האָבן אים גערופן, האָט נישט געהערט צו יענעם טיפּ מאַן וואָס קאָן ליידן...

— איר ווילט אפשר באַשטעלן עפּעס עסן?

— ניין, אַ דאַנק. איך בין נישט הונגעריק.

— און איך האָב שוין נישט געגעסן עטלעכע טעג. איך לעב בלויז אויף דעם, — האָט ער אָנגעוויזן אויפן גלעזל בראָנפן וואָס איז געשטאַנען לעבן אים.

— איך קאָן אייך נישט פאַרשטיין, מענער!...

— און איר, פּרויען, זענט אינגאַנצן אין אָרדענונג? — האָט ער גאַליק געפרעגט.

זי האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט און נישט געקאָנט פאַרשטיין זיינע מאָדנע רייד. אפשר הערט זי נישט ריכטיק און באַנעמט נישט קלאָר? זי איז דאָך אַזוי פאַרנומען מיט זיך, זי איז געווען ווי פאַרטשאַדעט און האָט בסדר געהערט עפּעס אַ שטימע פון אַ מעפּיסטאָ איר אַריינשושקען אין אויער: „אַלעקס איז איצט מיט אַן אַנדערער..."

— נו, באַשטעלט דאָך עפּעס. אפשר אַ טרונק, אַ געבראָטנס?

זי האָט אַ לייכטן שאָקל-געטאָן מיטן קאָפּ אויף „ניין".

— וואָס-זשע ווילט איר פאַרט, עמאַ?

— שטאַרבן!...

לעאָן פאַרבער האָט אַ לאַנגן, אויסגעצויגענעם פייף-געטאָן און געזאָגט:

— אויב אַזוי, איז אַ „מאַרטיני" אויפן ריכטיקן פּלאַץ! העי, וועיטער! ברענגט צוויי מאַרטיניס!

ער האָט מיטאַמאָל באַמערקט ווי אירע אויגן זיינען אָנגעפילט מיט טרערן, האָט ער זיך צוגעבויגן און שטיל געפרעגט:

— אַנטוישט אין אייער גרויסער ליבע?...

— אַנטוישט, צעבראָכן, נישט איבערצוטראָגן, — האָט זי געענטפערט מיט אַ צעשפּאָלטן קול.

ער האָט אַ שמייכל-געטאָן און געזאָגט:

— איר זייט יונג און שיין. אייערע צרות וועלן זיך שנעל פאַר־

היילן, מיינע אָבער נישט... וואָס עס זאָל נישט האָבן פּאַסירט מיט אייך, קאָן מען דאָס נישט פאַרגלייכן מיט דעם גיהנום, אין וועלכן איך בראָט זיך איצט...

דער קעלנער האָט צוגעבראַכט צוויי גלעזלעך בראָנפן. פאַר־בער האָט אַ כאַפּ־געטאָן דאָס גלעזל און מיט איין לאַנגן זופּ אויס־געטרונקען דאָס ביסל משקה. אויך עמאַ האָט אַ זופּ־געטאָן פון דעם ביטערן טראָפּן. זי האָט פאַרקרימט דאָס פנים, דערפילט ווי עס האָט אַ ברי־געטאָן אין די געדערים. זי האָט פיינט געהאַט די שאַרפע געטראַנקען, נאָר אויב דאָס העלפט פאַרגעסן, וועט זי טרינקען...

— לאָמיר אַוועקגיין פון דאַנען, עס הויבט מיך פון אָרט. מיר וועלן גיין אויף אַ שפּאַציר, זיך בלאָנקען איבער די גאַסן, האַ? וואָס זאָגט איר, עמאַ?...

— מיר איז אַלץ איינס — האָט זי אַ רעזיגנירטע געענט־פערט.

זיי זיינען געגאַנגען איבער די ניו־יאָרקער גאַסן און געשוויגן, יעדער פאַרטאָן מיט זיינע פינצטערע מחשבות. פון ערגעץ האָט אַ שטאָטזייגער אויסגעקלונגען צוועלף. זיי האָבן זיך פאַרקירעוועט צו דער פינפטער עוועניו.

די רייכע, רוישיקע גאַס איז איצט געווען שטיל און ליידיק. עס האָבן אָפּגעהילכט זייערע לאַנגזאַמע טריט. לעאָן פאַרבער האָט עפּעס ווי אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז לעבן אים שפּאַנט די יונגע, שיינע עמאַ צו וועלכער ער האָט זיך שוין אַ סך מאָל דערקלערט אין ליבע. מיטאַמאָל איז ער שטיין געבליבן לעבן אַ מאָדערנער גרויסער געביידע און געזאָגט:

— אָט דאָ וואוין איך, אויבן, אויפן פערטן גאָרן.

עמאַ האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, געקוקט אַרויף און גאָרנישט געזען. די פענצטער, אויף וועלכע ער האָט אָנגעוויזן, זיינען געווען פינצטער. ער האָט אַ שווייגנדיקער אַוועקגעשפּאַנט ווייטער. עמאַ איז אים נאָכגעגאַנגען. מיטאַמאָל איז ער שטיין געבליבן און אַ פרעג־געטאָן:

— איר ווייסט געניי ווער עס איז יענע פרוי וואָס פאַרנעמט איצט אייער אָרט?

— ניין! נאָר וואָס איז מיר דער אונטערשייד ווער? איך האָב אַ פאַרדאַכט...

ער האָט אַ שמיכל לאַך־געטאָן:

— פון אַ פאַרדאַכט ביז וויסן איז אַ היפשער מהלך...

— איך בין זיכער ווי עס איז איצט נאַכט אויף דער וועלט...

— נישט אַזוי זיכער ווי איך...

— ווי איר?! — האָט זי אים אָנגעקוקט און נישט פאַרשטאַנען.

זיי האָבן שפּאַצירט הין־און־צוריק און עמאַ האָט באַמערקט ווי ער דרייט זיך אַלעמאָל אַרום זיין הויז און וואַרפט כסדר בליקן צום פערטן גאָרן, וואו ס'איז נאָך אַלץ געווען פינצטער. פּלוצעם איז ער שטיין־געבליבן, אָנגעכאַפּט פעסט עמאַס אָרעם און מיט אַ פיינלעכער, שטילער שטימע געזאָגט:

— אויבן געפינט זיך איצט מיין ווייב מיט איר געליבטן!...

עמאַ האָט אים צעמישט אָנגעקוקט.

— איך... איך פאַרשטיי נישט, איך קאָן עס נישט באַנעמען...

— קיינער וועט דאָס נישט פאַרשטיין, אָבער אַזוי איז עס!... זי האָט זיך פּלוצעם פאַרליבט, — האָט ער גערעדט שנעל און אָפּגעהאַקט, — געוואָלט פון מיר אַוועקגיין. איך האָב מיטאַמאָל דערפילט ווי שטאַרק ליב איך האָב זי און געוואוסט, אַז אָן איר האָט מיין לעבן אַבסאָלוט קיין זין... פירן לייכטע ליבעס איז געווען גוט, ווען מיין פרוי איז געווען מיט מיר. איצט וויל איך גאָרנישט. ווער האָט זיך געקאָנט פאַרשטעלן, אַז מיין שטילע, צאַרטע רחלע וועט זיך פאַרליבן אין אַ צווייטן?... איך בין אָבער זיכער, אַז די נאַרישע ליבע וועט זיך שנעל אויסברענען און עס וועט דערפון גאָרנישט ווערן, פונקט ווי עס איז גאָרנישט געוואָרן פון מיינע ליבעס... זי האָט געוואָלט אַוועק מיט יענעם. דאָס האָב איך נישט דערלאָזט. כ'וויל נישט דערלאָזן צו קיין לייטיש געלעכטער...

קיינער טאָר נישט וויסן וואָס עס קומט־פאָר אין מיין פאַמיליען־לעבן. דער שטורעם וועט אַריבער...

ער האָט נערוועז געצופּט דעם לאַץ פון זיין מאַנטל און אַלע ווײַלע געוואָרפן אומרואיקע בליקן צו זיינע פענצטער: — זי צאָלט מיר איצט אָפּ פאַר מיינע אַוואַנטורעס. נישטאָ קיין מציאות, מען באַצאָלט פאַר אַלץ...

ער האָט גערעדט מיט אַ פאַרשטיקט קול און כסדר געראַכערט. אַט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אַט האָט ער גענומען שפּאַנען מיט שנעלע טריט, ווי אַ וואַנזיניקער, אַהין און צוריק. פון ערגעץ האָט אַ זייגער אויסגעקלאַפּט דריי. ער האָט אַלע ווײַלע געווישט מיטן ווייסן טיכל דעם שווייס וואָס איז גערונען פון זיין פּנים.

פּלוצעם האָט אַ ראַזעווע ליכט אויפגעשיינט אויפן פערטן גאָרן... פאַרבער איז שטיין־געבליבן. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און געזאָגט מיט אַ געדעמפּט קול און אָפּגעהאַקטע ווער־טער:

— איר מוזט מיר צוזאָגען, אַז אַלץ וואָס איך האָב אייך היינט דערציילט מוז בלייבן אַן אייביקער סוד...

זי האָט אָנגענומען זיין קאַלטע האַנט, וואַרעם געדריקט און אים צוגעזאָגט.

עמאַ איז געבליבן שטיין און געזען ווי ער פאַרשווינדט מיט שנעלע טריט אין דער טונקעלער געביידע. זי האָט נאָכאַמאָל אַ קוק־געטאָן צו די העל־באַלויכטענע פענצטער און מיטאַמאָל דער־פילט ווי עס איז איר עפּעס געוואָרן גרינגער, איר געמיט לייכ־טער... זי האָט קלאָר נישט געוואוסט פאַרוואָס זי פילט אַזוי, אָבער די שווערע שטימונג און גרויסער צער, וואָס האָט איר גע־פּאַנצערט דעם גאַנצן אָוונט, האָט אָפּגעלאָזט. די פריערדיקע איי־פערזוכט איז געוואָרן שוואַך און נעפּלדיק. זי האָט זיך דערפילט געלייטערט און זי האָט מיט לייכטע טריט זיך געלאָזן גיין צו דער סאַבוויי...

# זי האָט געפונען אַ פּובליקום

דריי זיינען מיר געווען: זינאַ, דאָראַ און איך. געוווינט האָבן מיר צוזאַמען, און יעדע פון אונדז האָט זיך געשניטן אויף „עפּעס״: זינאַ אויף אַ זינגערין; מיר האָבן צוגעזעצט צו איר נאָמען טעטראַ און ס׳איז געוואָרן טעטראַזיני — אַ נאָמען נאָך דער גרויסער דיווא אָפּערע זינגערין. דאָראַ, וועלכע האָט געחלומט צו ווערן אַ באַרימטע אַקטריסע, האָט אויך געלערנט מאָדערנע טענץ און איז געווען אַ גרויסע פאַרערערין פון איזאַדאָראַ דאָנקען, האָבן מיר צו דאָראַ צוגעזעצט איזאַ און דאָראַן געקרוינט מיטן נאָמען איזאַדאָראַ; מיך, וואָס האָב ביז שפּעט אין דער נאַכט פאַרבראַכט מיט טינט און פעדער און פאַנטאַזירט צו ווערן אַ שרייבערין, האָבן מיינע פריינדינס אויך נישט פאַרזען. פון מיין נאָמען סאַראַ, איז געוואָרן סאַנד, נאָך דער באַרימטער שריפטשטעלערין זשאָרזש סאַנד...

אין הויז, וואו מיר האָבן אַלע דריי געוווינט, איז אַלעמאָל געווען טומלדיק, ווי אויף אַ יאַריד. טעטראַזיני האָט געזונגען, געחזרט, געפּרוואווט די שטימע; איזאַדאָראַ פלעגט אַרומגיין מיט אַ ביכל אין האַנט און דעקלאַמירן, אָדער לערנען עפּעס אַ ראָלע, און אָפט האָט זי זיך גאָר אַוועקגעלאָזט אין אַ טאַנץ, זיך געבויגן, געבראָכן און געמאַכט פאַרשידענע פיגורן; דער טעלעפאָן פלעגט כסדר קלינגען; זייער אָפט האָט געקלונגען דאָס גלעקל פון טיר; אַמאָל פלעגן אָנקומען בלומען, אַמאָל אַ טעלעגראַמע, אָפט פּעקלעך קליידער, שיך און שמאָכטעס, וואָס איזאַדאָראַ פלעגט ליב האָבן איינצוהאַנדלען און דאָס שפּעטער צוריקטראָגן. איבער דעם אַלעמען פלעגן זיך טראָגן אויפברויזענדע קולות, קריגערייען און באַלד פריילעכע געלעכטערס. די גרעסטע צרות פלעגן אַרויסקומען איבערן טעלעפאָן. יעדע פון אונדז האָט אַלעמאָל דערוואַרט זייער אַ וויכטיקן רוף פון אַ פריינד, אַ פאַרערער, און יעדע פון די דריי פלעגט קאָנען

אַריינשמועסן אין טרייבל אַריין אַריבער אַ האַלבע שעה צייט. דער־בײַ פלעגן די צווייטע און דריטע שטיין ווי אויף הייסע קוילן און שרייען:

— נו, מאַך שוין אַ סוף! ווי לאַנג איז דער שיעור צו רעדן אידיאָטישע רייד?!

אויך די כאַראַקטערן פון די פריינדינס זיינען געווען גאַנץ פאַר־שידן: איזאַדאָראַ איז געווען ווי אַ לייבלעכע שוועסטער, אַן איבער־געגעבענע, אַ געטרייע, אָבער זייער אַ צעטראָגענע, און אַ נערוועזע. זי האָט קיינמאָל נישט געדענקט וואו זי לייגט אַוועק אַ זאַך; פלעגט אָפט טעלעפאָניש צעדרייען אונדזערע ראַנדעוואוס; און אַז מ׳פלעגט איר פאָרשטעלן אַ נייעם מענטשן, האָט זי מיט יענעם זייער פריינט־לעך געשמועסט, ווי מיט אַן אַלטן באַקאַנטן און מיט אַ מאָל זיך גע־כאַפּט אַז דאָס איז אַן אומבאַקאַנטער, האָט זי אים אויסגעשטרעקט די האַנט און אַ זאָג געטאָן: האַלאָ! און געוואָלט וויסן ווער ער איז.

טעטראַזיני איז געווען זייער אַ ראָמאַנטישע. אירע ברוינע האָר און שוואַרצע פייערדיקע אויגן האָבן געפּאַסט צו איר הייסן טעמ־פּעראַמענט. זי איז געווען אין אַן אייביקן פלאַנטער פון ליבעס. זי פלעגט זיך שנעל אַנצינדן און נאָך שנעלער אויסלעשן. מיר פלעגן מיט אַ באַהאַלטענעם חוזק און אָפט מיט אָפענער איראָניע אויס־הערן אירע ליבע־אַוואַנטורעס וועלכע זי פלעגט אַזוי גערן דער־ציילן מיט גרויס פּאַטאָס און באַגייסטערונג. עס האָט אויך גע־טראָפן, אַז זי פלעגט ווערן אַנטוישט און וויינען מיט ביטערע טרערן. אָבער מיר האָבן שוין געוואוסט פון פריערדיקער דער־פאַרונג, אַז עס וועט נישט נעמען לאַנג און זי וועט פונקט אַזוי ליידן פון אַ נייער ליבע און די אַלטע וועט שוין זיין אָפּגעשפּילט און פאַרגעסן...

איך בין געווען די וואָס האָט אַלעמאָל געמאַכט שלום צווישן דער זינגערין און דער אַקטריסע. די צוויי האָבן נישט געקאָנט הויזן צוזאַמען. דאָך האָט אַ טיפע ליבע און אַן אויפריכטיקע פריינט־שאַפט אונדז געבונדן.

טעטראַזיני איז שוין געווען אויפן וועג צו אַ קאַריערע. זי

פלעגט אָפּט אויפטרעטן אַלס סאָלאָ־זינגערין אויף קאָנצערטן; זי האָט שוין עטלעכע מאָל געזונגען אויף די ראַדיאָ און גרויסע אונ־טערנעמונגען פאַר אָרגאַניזאַציעס און געקראָגן באַצאָלט פאַר איר זינגען. אָבער איר גרויסער חלום איז געווען די אָפּערע, און דאָס גאַנצע געלט וואָס זי פלעגט פאַרדינען איז אַוועק אויף ווייטערדיקן שטודירן.

איזאַדאָראַ האָט שוין אויך געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון אָפּ־לאָדיסמענטן אַלס אַקטריסע, אָבער אירע דערפאָלגן האָט זי באַקומען אין אַמאַטאָרישע טעאַטערס און געחלומט האָט זי פון בראָדוועי, דעם גרויסן, ווייסן וועג, און פון דער וועלט־בינע, פון גרויסע ראָלן, און דער עיקר האָט זי געוואָלט שפּילן אין שעקספּיר רעפּערטואַר.

דאָס לעבן איז פאַר אונדז געפלאָסן ברויזיק. יעדע האָט גע־לעבט מיט אירע פאַנטאַזיעס און קינסטלערישע אַמביציעס.

איך פלעג זיצן אין אַ ווינקל פון שטוב, ביי מיין שרייב־טיש, זיין אינאַגנצן אַריינגעטאָן אין אַ דערציילונג וואָס איך האָב גע־שריבן, פּלוצעם האָט זיך צו מיר דערטראָגן איזאַדאָראַס קלאָרע שטימע, וואָס האָט ווי אַ גלאָק אָפּגעקלונגען איבער דער שטוב, און מיך אַוועקגעטראָגן אין אַ ווייטער, פרעמדער וועלט. איר הויכע פיגור, מיטן בלאָנדן קאָפּ, האָט זי מאַיעסטעטיש פאַררײסן אויף אַרויף, געשפּאַנט אַהין און צוריק. איזאַדאָראַ האָט שטודירט האַמלעט. מיט אירע קורץ־געשוירענע, בלאָנדע האָר, ווי ביי אַ ייִנגל, איר הויכער דינער געשטאַלט און פאַרחלומטע, בלויע אויגן, האָט זי באמת אויסגעקוקט ווי דער נאָבעלער פּרינץ פון דענעמאַרק. איך האָב אַוועקגעלייגט די פּעדער און זיך איינגעהערט:

„זיין, אָדער נישט זיין?
דאָס איז די פראַגע.
צי איז נאָבעלער צו ליידן גייסטיק
פון שיקזאַלס פייל און בויגן —
און קעמפנדיק מאַכן אַ סוף צו זיי
צי שטאַרבן, צי שלאָפן און נישט מער
און אַזוי שלאָפנדיק, ענדיקן דעם האַרצווייטיק

און די טויזנטער קרענק צו וועלכע מיר זיינען אויסגעזעצט,
יאָ, דאָס צו דערגרייכן איז גרויס גליק!!!"

איך פלעג איר נאָך אַזאַ מאָנאָלאָג שטאַרק אַפּלאָדירן, זי האָט זיך פאַרנייגט מיט גרויס ווירדע און געפרעגט שטיפעריש:

— נו, וואָס, דזשאָרדזש סאַנד? מאַכסט חוזק פון מיר?

— ניין איזאַדאָראַ, דו האָסט דאָס פּינטעלע און מיט דיין טאַלאַנט וועסטו ווייט אַוועק. אָבער איך בעט דיך, לאָז מיך שרייבן, איך מוז האָבן אַבסאָלוטע שטילקייט. נאָך אַ האַלבע שעה און איך ענדיק.

— אָבער טאַנצן מעג איך דאָך?

— יאָ, דאָס קאָנסטו טאָן, אָבער שטיל.

איך האָב מיך צוריק אַוועקגעזעצט ביים שרייב־טיש, און מיט אַמאָל דערהערט פון צווייטן צימער טעטראַזיניס הויכע שטימע, דאָ־רע־מי־פאַ־סאָל־לאַ־סי־דאָ־רע. נאָך אַ פּאָר מינוט פון די איבונגען, האָט זי גענומען אויסזינגען גאַנצע אַריעס פון אָפּערעס. איזאַדאָראַ האָט זיך דערווייל צעלאָזט מיט איר טאַנצן, טופּען מיט די פיס און שפּרינגען. איך פלעג מיך דעמאָלט בעטן אַז זיי זאָלן אויפהערן און מיך לאָזן שרייבן, נאָר זיי זיינען שוין געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין זייער שטודירן, אַז מיינע רייד זיינען געפאַלן אויף טויבע אויערן. פלעג איך אַנטלויפן מיט די אָנגעשריבענע בלעטלעך, מיט טינט און פעדער אין קיך אַריין און פאַרמאַכן די טיר. האָט איזאַדאָראַ שוין אָבער מער נישט געטאַנצט נאָר ווידער אָפּגעשפּילט אַ דראַמאַטישע סצענע; טעטראַזיני האָט געזונגען אויף די הויכע צע. די וואַטע וואָס איך האָב כסדר געשטופּט אין די אויערן האָט נישט געהאָלפן. די בליציקע געדאַנקען וואָס זיינען מיך פריער באַפאַלן זיינען פאַרשוואונדן. האָב איך געהאַלטן אין איין בעטן אַז זיי זאָלן אויף אַ ווײַלע פאַרשטומט ווערן, און אַז ס'האָט נישט געהאָלפן, האָב איך, אַן אָנגעלאָדענע מיט כעס, אַ כאַפּ געטאָן דעם בלומענטאָפּ, און אים אַ וואָרף געטאָן. דער טאָפּ האָט זיך צעבראָכן. די ערד איז געווען אויסגעשאָטן אויפן דיוואַן. פון דעם טראַך האָבן זיך ביידע אויפגעכאַפּט און זיינען געווען גרייט מיך צו ממיתן. אונדזערע

געוואַלדן האָבן זיך דערטראָגן אין גאַס. נאָך די שטורמישע קריגערייען, איז ווידער שטיל געוואָרן, און שלום איז געשלאָסן געוואָרן.

איזאַדאָראַ האָט מיט דער צייט געקראָגן אַ ראָלע אין אַ פּיעסע אויף בראָדוועי, זי איז געווען איבערגליקלעך. איר קלאַפּן אין די טירן פון אַגענטן און פּראָדיוסערס — האָט זי מיט נצחון געזאָגט — האָט געבראַכט רעזולטאַטן. אמת איר ראָלע איז באַשטאַנען בלויז פון עטלעכע ווערטער, דאָך איז זי געווען זיכער, אַז די טירן וואָס פירן צו אַן אַקטריסעס דערפאָלג, האָבן זיך ענדלעך געעפנט און רעזשיסאָרן וואָס זוכן אַלעמאָל נייע טאַלאַנטן האָבן איר דאָך דערזען.

די פּיעסע איז אָבער נישט געגאַנגען מער ווי דריי מאָל, און איזאַדאָראַ האָט נאָך מיט מער איינגעשפּאַרטקייט און גלויבן אין זיך, געקלאַפּט אין אַלע בינע־טירן. ווי נאָר זי האָט זיך דערוואוסט אַז מ׳פירט אויף אַ נייע פּיעסע, איז זי גלייך געלאָפן אַהין.

איין מאָל איז איזאַדאָראַ אַריינגעקומען אַ צעפלאַמטע, זי האָט אַן עפן געטאָן איר בייטל, און מיט ציטערדיקע הענט פון דאָרטן אַרויסגענומען אַ פּאַר אָנגעשריבענע בלעטלעך און אויסגעשריגן:

— אַ ראָלע! ענדלעך די לאַנג־דערוואַרטעטע, אויסגעחלומטע ראָלע! מיין קאַריערע הויבט זיך אָן!

— וואָס פּאַר אַ ראָלע? האָבן מיר נייגעריק געפרעגט.

— דזשעסיקא אין שיילאָק. כ׳האָב שוין געלייענט די ראָלע און בין שטאַרק געפעלן, אין עטלעכע טעג פאַנגען זיך אָן די פּראָבעס. — האָט זי פיבעריש גערעדט. — ס׳קומט צופאָרן דער באַרימטער רעזשיסאָר פון ענגלאַנד, סער אַרטור רוי, דערווייל גרייט מיין פריינד, דער יונגער רעזשיסער גאַוואַן, פאַר אים צו די טרופּע.

איזאַדאַראָ האָט דורך די טעג און נעכט שטודירט די ראָלע. מיר האָבן איר נישט געשטערט, נאָר פאַרקערט, מיר זיינען געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער, אָפט אינגאַנצן אַוועק פון הויז כדי איר נישט צו שטערן. איך און טעטראַזיני האָבן שוין גענומען קוקן אויף איר ווי אויף דער גרויסער, צוקונפטיקער אַקטריסע. מיר זיינען אויסגעשטאַנען אַלע אירע קאַפּריזן און פאַרטיידיקט איר יעדן נער־

וועזן אויסברוך. מיר האָבן גוט פֿאַרשטאַנען פֿונוואַנען איר אָנגע־שטרענגטקייט האָט זיך גענומען: אָט באַלד דאַרף זי אָנהייבן די פּראָבעס מיטן רעזשיסאָר, פֿון וועלכן זי האָט געהערט, אַז ער איז זייער שטרענג און קאַפּריזנע, דאָך איז זי געווען זיכער, אַז איר שטערן גייט אויף און מיט איר גרויסער ראָלע קומט אויך איר גרוי־סע געלעגנהייט. זי איז געווען זיכער, אַז איר חלום ווערט פֿאַר־ווירקלעכט, און אַז איר לעבן אַלס קינסטלערין הייבט זיך אָן.

ענדלעך איז אָנגעקומען דער טאָג פֿון דער ערשטער פּראָבע. איזאַדאָראַ האָט שוין געקאָנט די גאַנצע ראָלע פֿון אויסנווייניק. מיר האָבן איר צוגעוואונטשן גליק. זי איז אַ שטאָלצע, מיט זיכערע טריט אַוועק אין טעאַטער.

מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער, איז זי צוריקגעקומען. בלויז איין קוק אויף איר, האָט אונדז דערציילט אַז זי וועט די ראָלע נישט שפּילן. זי האָט קוים געשלעפּט די פֿיס. איר הויכע פֿיגור האָט זיך נאָכגעביק געבויגן, עפּעס אַזוי ווי עמיצער וואָלט איר נאָר וואָס דערלאַנגט שטאַרקע קלעפּ און זי וואָלט זיך נאָך נישט געווען בכוח אויסצוגלייכן. זי האָט אַ מידע זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בענקל. פֿון אירע אויגן האָט אַרויסגעקוקט צער. אירע ליפּן זיינען געווען פּעסט פֿאַרמאַכט. זי האָט געקוקט שטאַר אויף איין פּונקט. זי האָט עפּעס ווי גאַרנישט געזען, און נישט געהערט אונדזערע רייד.

טעטראַזיני האָט איר דערלאַנגט קאַווע. איך האָב איר צוגע־טראָגן קוכן. זי האָט זיך דערצו נישט צוגערירט. די זינגערין האָט מער נישט אויסגעהאַלטן און אויסגערופֿן:

— אום גאָטעס ווילן, איזאַדאָראַ, וואָס איז דאָרטן געשען?

זי האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. זיך אויפֿגעכאַפּט ווי פֿון אַ טיפֿן שלאָף, און שטיל געזאָגט:

— מיין ראָלע שפּילט אַן אַנדערע... דער רעזשיסאָר האָט יע־נער מיטגעבראַכט פֿון לאָנדאָן. זי איז שוין אַ געשפּילטע אין דער ראָלע... מיטאַמאָל האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַריינגעלאָפֿן אין שלאָפֿצימער, פֿאַרהאַקט די טיר און פֿון דאָרט האָט זיך געטראָגן אַ פֿאַרשטיקט געוויין.

אַ שטיקל צייט איז איזאַדאָראַ געווען איינגעשלאָסן אין זיך.

נישט געגעסן, איז אין ערגעץ נישט געגאַנגען און האָט צו אונדז נישט געוואָלט רעדן. זי איז כסדר געלעגן אין בעט און געלעבט אויף שוואַרצע קאַווע און פּאַפּיראָסן. אַ שוואַכע, ווי נאָך אַ שווערער קרענק, איז זי אויפגעשטאַנען, זיך פאַרפּוצט און צום ערשטן מאָל זיך ווידער געלאָזט אויף בראָדוועי. איזאַדאָראַ האָט נאָך מיט מער עקשנות גענומען קלאַפּן אין די טירן פון אַגענטן און „קעסטינג דיירעקטאָרס”, זי האָט כסדר געקראָגן צוזאָגן אויף „עפּעס”. זי האָט געלעבט אין אַ מין פיבער פון דערוואַרטונג, אַז ענדלעך, ענדלעך, וועט זי דאָך קריגן איר לאַנג־אויסגעחלומטע ראָלע, וועט זיך דער־שלאָגן צו אַן אָרט אויף דער בינע...

און פּונקט צו דער זעלבער צייט, האָט געגומען אויפשטייגן סעט־ראַזיניס שטערן. זי האָט איין מאָל געזונגען אויף אַ קאָנצערט, וואו עס זיינען געווען פאַרבעטן קריטיקער, זיי האָבן וועגן איר זייער גינסטיק געשריבן. זי איז אַהיימגעקומען מיט אַ צייטונג אין האַנט, מיט גרויס פרייד געוויזן איר בילד, און פאַר אונדז געלייענט די באַשרייבונג וואו מ'זאָגט איר פאָרויס גאָר אַ גרויסע קאַריערע. זי האָט זיך אַזש צעטאַנצט פאַר פרייד.

אויך איך האָב געהאַט צוגעגרייט אַ סורפּריז: איך האָב אָרויס־גענומען אַ צייטונג און זיי געוויזן ווי עס ווערט דאָרט אָנגעזאָגט אַז גאָר אין קורצן הויבט זיך אָן דרוקן אַ נאָוועלע פון אַ נייער שריי־בערין און מיט גרויסע אותיות איז געווען געדרוקט מיין נאָמען.

זינאַ האָט אָוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ פלאַש שאַמפּאַניער, וואָס זי האָט פון ערגעץ געבראַכט, אָנגעגאָסן דריי גלעזלעך און מיר האָבן געטרונקען פאַר אונדזער ווייטערדיקן דערפאָלג. איזאַדאָראַ האָט געשמייכלט, אונדז צוגעוואונטשן און געזאָגט:

— דערוויל טרינקען מיר פאַר אייער ביידנס דערפאָלג — מיי־נער דאַרף ערשט קומען... נו דערלאַנגט נאָך אַ גלעזל — האָט זי געבעטן.

מיר האָבן געהאַלטן אין איין אָנפילן די גלעזלעך, זאָל זיין פריילעך... געענדיקט האָט זיך די הולאַנקע מיט אַ קריג, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, כדי ווייטער אָנצוהאַלטן אונדזער טיפע פריינד־

שאָפּט, מוזן מיר וואוינען באַזונדער. דאָס וועט אונדז געבן צייט און רו צו שטודירן און נישט ווערן געשטערט.

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, האָט שוין יעדע פון אונדז געהאַט אַן אייגענע שטוב, אַ רואיק ווינקל. דאָס האָט אָבער נישט געמי־נערט אונדזער פריינדשאַפט, נאָר פאַרקערט, מיר האָבן שטאַרק גע־בענקט, אַ חוץ וואָס מיר האָבן כסדר געקלונגען איינער צו דער אַנדערער, האָבן מיר זיך אויך אָפט געזען; און אַלעמאָל האָט עפּעס מיט אונדז פּאַסירט, און ס'איז געווען פון וואָס צו שמועסן.

זינאַ האָט אָפט געמאַכט רייזעס אין אַרומיקע שטעט. איר נאָ־מען האָט זיך אַלץ אָפטער געלאָזט הערן. איך בין געווען שטאַרק פאַרנומען מיט צוגרייטן אַ בוך צום דרוק, און איינאָרדענען מיין נייע היים. איזאַדאָראַ האָט נאָך אַלץ געזוכט זיך צו דערשלאָגן צום גרויסן טעאַטער, געקלאַפּט אין די טירן, וואָס זיינען פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער פאַר אַ יונגער, אומבאַקאַנטער אַקטריסע.

זי פלעגט אונדז אויפמערקזאַם אויסהערן. געווען פאַראינטע־רעסירט מער אין דער קינסטלערישער זייט פון אונדזער לעבן. צו אונדזער פּריוואַטן לעבן האָט זי נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אינ־טערעס. זי האָט אויסגעקוקט צו זיין צופרידן מיט די ברעקלעך און שטיקלעך דערפאָלגן, וואָס זיינען געקומען אין אונדזערע וועגן. זי פלעגט אָפט שטיל זאָגן:

— אויך איך מוז „עפּעס" ווערן. איך וועל ווערן!

איין מאָל, שפּעט ביינאַכט, איך בין געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף, האָט מיך אויפגעוועקט דאָס קלינגען פון טעלעפאָן. אין דער פינצטער, מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, האָב איך אָפּגעזוכט ס'טרייבל און געפרעגט בייז:

וואָס איז? ווער רעדט עס?

— ס'איז טעטראַזיני.

זי איז געווען היסטעריש, צעטראָגן, עפּעס געשריגן, געוויינט; איך האָב נישט געכאַפּט דעם מיין פון אירע ווערטער.. אַהאַ — איז מיר איינגעפאַלן, ס'מוז האָבן צו טאָן מיט עפּעס אַ דראַמאַטישן עפּי־זאָד פון אירער אַ ליבע...

— איבער דעם, — האָב איך אויסגעשריגן בייז, — וועקסטו

מיך אין מיטן נאַכט?! האָסט נישט געקאָנט וואַרטן מיטן צעבראָכענעם ראָמאַן ביז מאָרגן?!...

— וואָס איז דאָס מיט דיר? ביזט טויב? דו הערסט נישט? ס'איז דאָך איזאַדאָראַ, אונדזער דאָראַ! — — —

— וואָס דאָראַ?

איך בין אין איין רגע געוואָרן אינגאַנצן וואַך, און מיטאַמאָל האָב איך באַנומען אויסטערלישע ווערטער, שרעקלעכע רייד:

— איזאַדאָראַ איז קראַנק... פּלוצעם גייסטיק קראַנק געוואָרן; זי געפינט זיך אין אַן אַנשטאַלט; זי האָט זיך דאָס נאָר וואָס דער־וואוסט...

איך האָב שוין מער נישט געהערט. אַ ספּאַזמאַטיש שלוכצן האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיין האַלדז. אַ מוראדיק געוויין האָט זיך געטראָגן איבער דער פינצטערער שטוב. אויך די שטימע אויף יענער זייט איז אַנטשוויגן געוואָרן. זינאַ, ווייזט אויס, האָט מיך געוואָלט לאָזן זיך גוט אויסוויינען... מיטאַמאָל האָט ווידער דאָס טויטע טרייבל באַקומען לשון:

— זאָל זיין גענוג, סאַראַ! עס איז נאָך דאָ גוטע האָפענונג פאַר איר. זי געפינט זיך אין אַ פּריוואַטן סאַנאַטאָריום, אין לאָנג איילענד... קום גאַנץ פרי אַריבער צו מיר, און מיר וועלן ביידע אַרויספאָרן זי זען און געוואויר ווערן גענוי ווי עס האָט מיטן אומגליק.

און זי האָט אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל, דער טעלעפאָן איז געוואָרן פאַרשטומט.

איך האָב מיך צוריק געלייגט אין בעט, נאָר דער שלאָף איז נישט געקומען. שווידערלעכע בילדער האָבן זיך געמאָלט פאַר מיינע אויגן. כ'האָב אַ צי געטאָן דאָס קייטעלע פון לאָמפּ, עס איז גע־וואָרן ליכטיק. ס'איז געווען איינס אַזייגער. איך האָב זיך געדרייט אין אַנגסטן אויף מיין געלעגער. די שעהן האָבן זיך געצויגן גע־לאַסן, ווי בודנע טעג. דער זייגער האָט שוין געוויזן דריי. איך האָב געפילט ווי איך אַליין גיי אַראָפּ פון זינען. איך האָב ראַפּטאָם אַ שפּרינג אַרויס געטאָן פון בעט; זיך אָנגעטון און געלאָזט זיך גיין צו טעטראַזיניס הויז.

זי איז נישט געווען איבעררא̈שט פון מיין שפּעטן וויזיט. אויך זי הא̈ט נישט געקא̈נט שלא̈פן. א̈ גא̈נצע נא̈כט זיינען מיר געווען וווּאָך און געהאַלטן אין איין שפּעקולירן און געזוכט צו טרעפן, פון־וואַנען הא̈ט זיך גענומען צו דער קלוגער און איידעלער איזאַדאָראַן מיטן גראַדן שכל, א̈ פּלוצעמדיקער איבערברוך אין אירע קלא̈רע געדאַנקען?... מיר הא̈בן געפונען טרייסט, אַז דאָס מוז זיין א̈ מין צייטווייליקער נערוון־צוזאַמענברוך, וואָס וועט אַריבערגיין און זי וועט ווידער ווערן געזונט.

גאַנץ פריִ, הא̈בן מיר אַנגעקלונגען צו אונדזערן א̈ פריינד, א̈ באַקאַנטן דאָקטאָר. יענער, פּונקט ווי מיר, איז געווא̈רן דערשיטערט פון דער טרויעריקער נייעס. ער הא̈ט גלייך פארלא̈זן זיין אָפיס, און מיר זיינען, זאַלבעדריט, אַוועקגעפא̈רן צום סאַנאַטאָריום, וואו עס הא̈ט זיך געפונען אונדזער פריינדין, איזאַדאָראַ.

מיר זיינען אָבער געבליבן זייער אַנטוישט, ווען מ׳הא̈ט אונדז געלא̈זט וויסן אַז מיר קא̈נען זי נישט זען. זי איז געווען ערשט נאָך א̈ „שאָק״־באַהאַנדלונג. בלויז אונדזער פריינד, דער דאָקטאָר, איז צוגעלא̈זן געווא̈רן. דאָס הא̈ט אונדז אַביסל באַרואיקט: וועלן מיר פון אים וויסן ווי עס הא̈לט מיט איזאַדאָראַן.

אויפן וועג אַהיים, הא̈ט דער דאָקטאָר אונדז דערציילט אַז דאָס מיידל איז זייער קראַנק. זי הא̈ט אים נישט דערקענט. אָבער דאָס טרעפט אָפט נאָך די „שאָקס״. דאָך — הא̈ט ער געזאָגט — איז דאָ א̈ גרויסע האָפענונג אַז זי וועט געזונט ווערן. בלויז די צייט וועט ווייזן ווי לאַנג עס וועט נעמען אַז זי זאָל ווידער זיין נאָרמאַל.

נאָך פיר חדשים זיין אין א̈ פּריוואַטן סאַנאַטאָריום, איז זי גע־קומען צוריק אַהיים און ס׳הא̈ט אויסגעזען, אַז זי איז די זעלבע איזאַדאָראַ ווי אַמאָל. זי הא̈ט ווידעראַמאָל באַנייט איר טעטיקייט אין טעאַטער, און הא̈ט צום גליק געקראַגן א̈ ראָלע אויף בראָדוועי, אין איינעם פון די גרויסע טעאַטערס. די ראָלע איז באַשטאַנען נישט מער ווי פון פיר ווערטער, דאָך איז זי געווען צופרידן וואָס טע־אַטער־אַגענטן וועלן איר זען אויף דער בינע און איר חלום צו ווערן „עפּעס״ הא̈ט ווידער אויסגעקוקט זיך צו דערנענטערן.

די פּיעסע האָט מען געשפּילט בלויז איין וואָך, און איזאַדאָראַ איז ווידער געבליבן אָן אינטערעס און אָן אַרבעט.

זינאַ איז אָפּט אַרומגעפאָרן און מיר האָבן זי זעלטן געזען. אויך איך בין נישט איינגעזעסן אויף איין אָרט.

דורך דער צייט איז איזאַדאָראַ ווידער קראַנק געוואָרן. אירע שוועסטער און ברידער האָבן איר ווידעראַמאָל געשיקט אין אַ פּריוואַטן סאַנאַטאָריום, וואו זי איז אָפּגעווען אַ שטיקל צייט, און ווידער איז זי אַהיימגעקומען, ווי עס האָט אויסגעקוקט, אָן אויסגעהיילטע. אָבער לאַנג האָט דאָס נישט אָנגעהאַלטן. זי פלעגט אַריינפאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע, און אָפּט איז זי אַריבערגעגאַנגען צו ווילדע אָנפאַלן פון משוגעת. זי איז ווידער שטאַרק קראַנק געוואָרן. דאָסמאָל האָט די משפּחה איר אַריינגעגעבן אין אַ שטאַטישן אַנשטאַלט.

איך האָב זי אין משך פון דער צייט געזען אין פאַרשידענע שטימונגען, אַט אינדערהיים און אַט אין שפּיטאָל. זי האָט אָבער אַלעמאָל, צו מיין גרויס פאַרוואונדערונג, גערעדט נאָרמאַל, געלאַסן. זי האָט נאָר צופיל מאָל איבערגעחזרט די זעלבע ווערטער: „איך מוז עפּעס ווערן!"

זעקס יאָר זיינען אַוועק, און איזאַדאָראַ איז שוין פאַרבליבן אין שטאַטישן שפּיטאָל פאַר גייסטיק־קראַנקע. איך בין די לעצטע צוויי יאָר געווען פאַררייזט. איך האָב אָבער די גאַנצע צייט געשריבן בריוו אי צו איזאַדאָראַן, אי צו טעטראַזינין. די ערשטע האָט קיינמאָל נישט געענטפערט, די צווייטע פריינדין יאָ. די זינגערין האָט מיר געשריבן, מיט אַלע איינצעלהייטן, ווי גוט איר גייט. זי איז געווען פול מיט פּלענער פאַר דער צוקונפט. איזאַדאָראַן האָט זי זעלטן דערמאָנט. און אויב זי האָט אַמאָל געשריבן וועגן איר, איז דאָס געווען אין אַ רעזיגנירטן טאָן, ווי מען רעדט פון אַ פאַרפאַלענעם מענטשן...

אין אַ סוף זומער, בין איך צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק, און בין גלייך געפאָרן זען מיין קראַנקע פריינדין, איזאַדאָראַן. איך בין צוגעפאָרן צום אַנשטאַלט, וואָס האָט זיך געפונען ווייט פון ניו־יאָרק. דער צוג האָט געפירט אַ סך וואָס זיינען געקומען זען זייערע נאָענטע און פריינד. די באַן איז שטיין געבליבן, אַראָפּגעלאָזט אירע פּאַסאַ־

זשירן. דער וועכטער האָט מיר אָנגעוויזן אַ הויכע, ווייסע געביידע, וואָס האָט פונוויטנס אויסגעקוקט ווי אַ שלאָס. — דאָרטן האָט זיך געפונען מיין פריינדין, איזאַדאָראַ. דער אַנשטאַלט איז געווען אַרומגערינגלט מיט הויכע בערג, גרויסע סאָסנעס און קאַשטאַן ביימער. אײבער אַ גראָזיקן טעפּיך האָבן זיך געשפּרייט פּאַרביקע בלימעלעך; „אינדיאַנער־זומער" האָט דאָ געכישופט מיט זיינע געל־ברוינע און רויטלעכע בלעטער; פון אַ קלאָרן הימל האָט די זון געוואָרפן גאָלדענע שטראַלן און פריילעך געמאַכט מיין שווער געמיט.

אַ קראַנקן־שוועסטער, אין ווייסן, האָט זיך שטיל געשלייכט צווישן די ביימער און דערמאָנט אַז מ'געפינט זיך אין אַ שפּיטאָל.

איך בין צוגעקומען נעענטער צו דער געביידע, און מיטאַמאָל האָב איך דערזען ווי די הויכע פענצטער זיינען אַרומגערינגלט מיט אייזערנע גראַטעס. פון דאָרטן האָבן זיך געטראָגן משונהדיקע קולות. איך האָב אויפגעציטערט, און קלאָר באַנומען וואו איך געפין זיך.

איך בין אַ נערוועזע און מיט אַ שטאַרק־קלאַפּנדיק האַרץ אַריין אין שפּיטאָל. אַ קראַנקן־שוועסטער האָט מיר אָנגעוויזן וואו עס געפינט זיך איזאַדאָראַ קויפמאַן. דאָס איז געווען אַ גרויסער ליידיקער זאַל, מיט ליידיקע ווענט, בלויז אַ צאָל בענקלעך האָבן זיך דאָרטן געפונען, וואָס זיינען געווען באַזעצט מיט פּאַציענטן פון פאַרשידענעם אויסזען און עלטער, געמישטע ראַסן, פון שוואַרץ און ווייס. יעדער פון זיי האָט אויסגעקוקט צו לעבן אין אַ באַזונדערער וועלט. אַ פּאָר האָבן כסדר געשפּאַנט גיך, אַנדערע זיינען געזעסן אויפן דיל מיט באָרוועסע פיס; איינע האָט שנעל געשפּאַנט מיט אַ געעפנטן שירעם און דערביי געטרייסלט ס'קלייד ווי פון אַ רעגן.

אַן אָפענע טיר האָט געפירט צו אַ ברייטן באַלקאָן, וואָס איז געווען פאַרגראַטעוועט מיט אייזערנע שטייגן. איך האָב געזוכט איזאַדאָראַן, און איר אין ערגעץ נישט געזען. איך בין אַרויס אויפן באַלקאָן, זי איז געשטאַנען אין אַ ווינקל. איר הויכע, דינע פיגור איז עפּעס העכער און דינער געוואָרן; זי האָט געקוקט מיט שטאַרע אויגן אין רוים; איך בין צוגעגאַנגען נאָענט, אויסגערופן איר נאָמען; זי האָט זיך ניט באַוועגט און מיך ווי נישט געהערט. אירע

אויפגעריסענע אויגן האָבן פאַרגלייזט געקוקט. זי האָט אויסגעזען צו זיין פאַרטראָגן אין עפּעס אַ ווייטער, מיסטישער וועלט.

— דאָראַ! איזאַדאָראַ! — האָב איך איר אַ טרייסל געטאָן ביים אַרבל.

זי האָט זיך דערשראָקן אומגעקוקט און מיך דערזען.

— אָ, דו?... ווי קומסטו אַהער?

— איך בין געקומען דיך זען, און געוואויר ווערן ווי דו פילסט זיך אין געזונט!

— ווי וואָלסט דו זיך געפילט אין אַ משוגעים הויז? — האָט זי אַנשטאָט אַן ענטפער מיר געשטעלט די מאָדנע פראַגע. — נו זעץ זיך — האָט זי העפליך אָנגעוויזן אויף אַ בענקל און דערציילט מיר וואָס הערט זיך עפּעס אויף דער פריי, און ווי גייט עס מיט די קלאָרע מענטשן. וואָס מאַכט די פרימאַדאָנאַ? זי זינגט שוין אין דער אָפּערע, צי אין אַ ווייַן־קעלער? — האָט זי געהאָגלט מיט שטעכיקע פראַגן, און נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער. — נו און וואָס מאַכט עפּעס אונדזער גרויסע און באַרימטע דזשאָרדזש סאַנד?... האָסט שוין אפשר אָנגעשריבן דאָס גרויסע, באַרימטע ווערק?... צי דו האָלסט אין מיטן? — האָט זי אַלץ געוואָרפן מיט ווערטער ווי מיט שווערע שטיינער. דערביי איז איר סאַרקאַסטיש שמייכעלע נישט אַראָפּ פון אירע ליפּן.

— נו איך האָב מיך שוין אויך צו „עפּעס" דערשלאָגן. וועסט באַלד זען...

זי האָט זיך מיט אַ מאָל געלאָזט גיין צום גרויסן צימער, און געבליבן שטיין אינמיטן זאַל, אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט, ווי אַ צייכן פאַר די מענטשן אַרום. באַלד איז זי אַרומגערינגלט געוואָרן פון די קראַנקע, און ס'האָבן זיך גענומען טראָגן אויסרופן:

— געשווינד קומט אַהער! איזאַדאָראַ טרעט אויף!...

איזאַדאָראַ האָט אָפּגעוואַרט אַ פּאָר מינוט, ביז אַלע האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום איר. זי האָט אָנגעוויזן פּלאַץ פאַר מיר; געמאַכט אַ לאַנגע פּויזע; פאַרגלעט אירע האָר אויף אַרויף און זיך מאַיעסטעטיש פאַרנייגט און אָנגעהויבן מיט אַ קלאָרער דיקציע,

שטיל, אָבער וואָס אַ מאָל האָט איר זאַפטיקע שטימע געקלונגען זי־
כערער און פעסטער:

זיין אָדער נישט זיין?
דאָס איז די פראַגע?

זי האָט אָפּגעשפּילט דעם גאַנצן מאָנאָלאָג פון האַמלעט; גע־
קראָגן אַ שטורמישע אָוואַציע, ס'זיינען געפאַלן כסדרדיקע אויס־
רופן:

— איזאַדאָראַ טאַנץ!
— דעם שלאַנגען טאַנץ!
— ניין, דעם הינטישן טאַנץ...
— דעם שוואַנען־טאַנץ!

זי האָט אַ וואונק געטאָן צו איינע פון די פּאַציענטקעס, און יענע
האָט איר דערלאַנגט אַ ווייס ליילעך. איזאַדאָראַ האָט אַרומגעוויקלט
אַ האַלב ליילעך אַרום איר פיגור, די צווייטע העלפט האָט זי גראַציעז
פאַרוואָרפן אויף דער לינקער זייט, זי האָט אַראָפּגעוואָרפן די לאַטשן
פון די פיס, פאַרריסן דעם קאָפּ אין דער הויך און אַ פּאַטש געטאָן
מיט די הענט, ווי אַ צייכן אַז זי הויבט אָן. און באַלד האָבן אירע
דינע, באָרוועסע פיס זיך אַ לאָז געטאָן איבערן גלאַנציקן דיל. זי
האָט געשוועבט ווי אַ שמעטערלינג איבערן זאַל און קוים באַרירט
די פּאָדלאָגע. זי איז ווי אַ פויגל אַרומגעפלויגן הויך, הויך, אונ־
טער די הימלען. אָט האָט איר לאַנגער האַלדז אַראָפּגענידערט, איר
פיגור האָט זיך געבויגן צו דער ערד, און באַלד האָט זי ווידער
אויפגעוואַכט און איז ווידער אַוועקגעפלויגן ווייט, ווייט, אין רוים. —
איזאַדאָראַ האָט געטאַנצט דעם „שוואַנען־טאַנץ"...

איך האָב מיך פאַרריקט אין אַ ווינקל און שטיל געוויינט. זי
האָט מיך פּלוצעם באַמערקט און איז צוגעלאָפן:

— דו וויינסט? פאַרוואָס? אַהאַ, אייפערזיכטיק... דו פאַר־
גינסט מיר נישט קיין ביסל פרייד. איר האָט מיר קיינמאָל גאָר־
נישט פאַרגונען!... בלויז דו און טעטראַזיני, די זינגערין און די
שרייבערין... דו און זי... זי און דו... איך האָב גאָרנישט עק־
זיסטירט... איך וויל אויך „עפּעס" ווערן! און איך בין געוואָרן!
אַז מ'האָט טאַלאַנט און אויסדויער ווערט מען עפּעס. איך האָב מיר

דערוואָרבן אַ טייער, געטריי פּובליקום... וואָס איז מיר דער חילוק וואו איך שפּיל און טאַנץ?... ווי האָט געזאָגט שעקספּיר: די וועלט איז אַ בינע און די מענטשן זיינען אַקטיאָרן. מיין בינע איז דאָ... האָסט דאָך געזען ווי ליב מיין פּובליקום האָט מיך... זיי בענקען נאָך מיין קינסטלעריש וואָרט... זיי דאָ וועלן מיך נישט אויס־בייטן אויף קיין שום אַנדערער אַקטריסע... וויש אָפּ די טרערן, און הער מיך אויף מקנא צו זיין... קאָנסט מיר נישט פאַרגי־נען?, האַ?, ווער האָט נאָך דיר געשיקט?... גיי! — האָט זי באַ־פעלעריש אויסגעשריגן — איך וויל דיך מער נישט זען! דו מיט דער זינגערין וועלן מיין פּובליקום פון מיר נישט אַוועקנעמען...

זי האָט אויף מיר די גאַנצע צייט געקוקט מיט גרויס נצחון. און פּלוצעם האָט זי מיך געלאָזט שטיין און זיך ווידער אַוועקגע־לאָזט אין אַ ווילדן טאַנץ.

# מיסטער דזשאָו

אין שאַפּ איז טונקל. אינדרויסן איז אַ ליכטיקער טאָג און עס וואַרעמט די זון, אָבער די הויכע מויערן פאַרשטעלן די פענצטער און לאָזן נישט צו קיין שטראַל.

עס ברענען די עלעקטרישע לעמפּלעך, עס רוישן און זשומען די מאַשינען. איבערן שאַפּ טראָגט זיך אַ טוכלער ריח פון נאַפט און אייל. אַ דינ וואָלקענדל פּאַרע קנוילט זיך פון די פּרעס־מאַשינען און וויקלט זיך איבער די געבויגענע קעפּ פון די אָפּערעיטאָרס.

עס איז אַ געיעג פון מענטש און מאַשין. די שטיק־אַרבעטער זיינען אַזוי אַריינגעטאָן אין יאָגן און איבעריאָגן איינער דעם צווייטן, אַז זיי זעען גאָרנישט אַ חוץ דאָס אייל־קענדל, וואָס זיי כאַפּן אַלע ווײַלע און גיסן דערפון דעם אייל אין אַלע לעכלעך. מען ציט אָפּט איין דעם רימען פון דעם גרויסן ראָד און אויך פון דעם קליינעם רעדל אַרום די מאַשין ביז צום פּלאַצן. די מאַשין פון די שטרויענע קאַפּעליושן נעמט דעמאָלט רוישן און קנאַקן מיט אַ מוראדיקן אימפּעט. אָפט וויברירט דאָס שטעפּן מיט אַזאַ פלינקייט, אַז דער אָפּערעיטאָר הויבט זיך אָן אָפּצורוקן צוזאַמען מיטן בענקל פון די מאַשין, ביז דער אַרבעטער כאַפּט זיך, אַז ער איז צו־ווייט פאַרטראָגן און רוקט צוריק דאָס בענקל צו די מאַשין. דערביי רעכנט ער אויס וויפיל דאָלער דער היינטיקער טאָג וועט אים אַריינברענגען.

קעפּ טוען זיך אַ הויב, ווען אַן אַרבעטער ברענגט אַ פרישן פּעקל שטרוי מיט אַ נייעם פאַסאָן. ביי אַ סך צעברענט זיך דעמאָלט אַ צאָרנדיק פייערל אין די אויגן און זיי ווייזט זיך אויס, אַז אָט דער אַרבעטער קריגט די בעסט־באַצאָלטע אַרבעט און די גרינגסטע פאַסאָנען.

די קנאה פרעסט, די מידקייט מאַטערט און נאָגט אויס דעם

מאַרך פון די ביינער. עס הערט נישט אויף די מורא, אַז אַט באַלד ענדיקט זיך דער סעזאָן און עס איז אויס מיט די פאַרדינסטן.

פּלוצעם, אָן אַ פאַרוואָס, ווערט גאָר קאַליע די מאַשין, האַלט אין איין איבעררייסן דעם פאָדעם, לויפט נישט מער, נאָר קריכט און לאָזט איבער לעכלעך קוים מיט דעם אויג צו דערכאַפּן, אָבער שליאַמקע גאַרילע, דער פאַרמאַן, וועט עס שוין געפינען.

פון צווישן די געבויגענע קעפּ איבער די מאַשינען, הויבט זיך מיטאַמאָל אויף דער גרייז־גרויער קאָפּ פון מיסטער דזשאָו. ער טוט זיך אַ שטעל אויף, די רונדע פּלייצע גלייכט זיך אויס, די אויסגעלאָשענע, בלוי־וואַסערדיקע אויגן טוען זיך וואויל־יונגעריש אַ צינד־אָן און ער טוט אַ זאָג:

— קינדערלעך, אפשר וועט איר נאָך דעריאָגן ראָקעפעלערן. איך האָב מורא אַז איך וועל שוין דאָס נישט באַווייזן. גיי איך מיר אַרויס פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָסל, און מאַכט איר די מיליאָנען!...

חברה טוט אַ שנעלן לאַך און אימיצער שרייט אים נאָך:

— ר' דזשאָ, ברענגט מיר מיט, זייט מוחל, אַ גלאָז וואַסער!

— און מיר אַ נאָדל! — שרייט אַ צווייטער, און באַלד גראָבן זיי ווידער איין די קעפּ אין די מאַשינען.

מיסטער דזשאָו קוקט אויס אַ זקן. קיינער ווייסט נישט גענוי ווי אַלט ער איז. ער זאָגט נישט אויס און הייסט אַלעמען טרעפן. דאָס איז נישט לייכט, ווייל דזשאָוס אויסזען בייט זיך לויט די שעהען פון טאָג.

ווען ער קומט אינדערפרי צו דער אַרבעט, איז זיין פיגור גלייך, די בלויע וואַסערדיקע אויגן זיינען אויסגערוט, די טיפע קנייטשן אַביסל אויסגעגלעט. אָנגעטאָן איז ער אַלעמאָל ציכטיק. נאָך אַ יום־טוב אָדער נאָך אַן אויסגערוטן זונטיק שטעקט ביי אים אַ ווייס בלימל אין לאַץ. דער קאַפּעליוש איז וואויל־יונגעריש פאַררוקט אויף אַ זייט און דאָס גיט אים צו אַ יינגערן אויסזען. ער טוט פאַרזיכטיק אויס דעם מאַנטל און שטעלט אַריין דאָס בלימל אין אַ טעפּעלע וואַסער לעבן זיך. ער גיט אַלעמען אָפּ אַ ברייטן גוט־מאָרגן, זעצט זיך אַוועק געמיטלעך ביי די מאַשין. דעמאָלט קוקט ער אויס ווי אַ מאַן אין די פריע זיבעציקער יאָרן. ער הויבט אָן

צו שטעפּן, אָבער ער יאָגט זיך נישט ווי די אַנדערע אָפּערעיטערס. אַלעמאָל שטעלט זיך די מאַשין אָפּ. דאַ באַמערקט ער אַן איבעריק שטיקל שטרוי און דאָ אַ שמאַטקעלע, ער וואַרפט עס אַוועק. ער רייניקט דאָס טישל, ווי עס וואָלט געווען אַ שטיקל מעבל פון זיין הויז. ער איז אַלעמאָל פון די ערשטע צו קומען אין שאַפּ און דער לעצטער אַוועקצוגיין. מיט דעם גאַנג פון די שעהען ווערט ער אַלץ מער געבויגן. זיין גרויער קאָפּ שאָקלט זיך כסדר ווי אויף יאָ. די הענט ציטערן, דאָס ראָזע פּנים ווערט בלייכער, די קישעלעך אונ־טער די אויגן — בולטער. ווען ער הויבט זיך אויף שפּעט אין אָוונט פון די מאַשין, נאָך די איבערשטונדן, איז ער איינגעאַנצן אַן איינגעבויגענער, קוים וואָס ער שלעפּט די פיס. דעמאָלט קוקט עס אויס ווי אַ זקן אין די אַכציקער. ווען מען פרעגט אים: „מיסטער דזשאָו, פאַרוואָס אַרבעט איר אַזוי שווער?" ענטפערט ער, אַז ער האָט אין דער היים אַ יונג ווייב מיט אַ טאָכטער אויסצוהאַלטן. „פאַר אַ שיין יונג ווייבל", זאָגט ער מיט אַ שמייכל, „לוינט זיך צו האַרעווען".

מיטאָג צייט, ווען עס ווערן אויף אַ פּאָר שעה פאַרשטומט די מאַשינען, עפנט מיסטער דזשאָו זיין בלעכן קעסטעלע, שפּרייט אויס אַ ווייסע סערוועטקע און לייגט־אויס זיין לאַנטש, וואָס באַשטייט מערסטנס פון אַ סענדוויטש פון קעז אָדער אייער, און אַ פלעשל מילך, אַמאָל אויך אַ פרוכט. ער פאַרזיכערט אַלעמען, אַז דאָס איז טעם גן־עדן, ווייל זיין ווייבל האָט דאָס אַלץ צוגעגרייט פאַר אים מיט אירע אייגענע הענטלעך. איינמאָל האָט ער געבראַכט געפילטע פיש און זיך גערימט פאַר אַלעמען, אַז בלויז זיין ווייב קאָן קאָכן אַזוינע באַטעמטע פיש. די אַרבעטער שטעלן זיך אַרום דזשאָו און ער דערציילט זיי פון זיין וואַנדער־לעבן, ווי אַזוי ער איז אין די גאַר יונגע יאָרן געווען אַ באָקסער און מען האָט אים גערופן „דזשאָו דהי קילער". שפּעטער האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון דער אַרענע און איז אויסגעוואָרן אַ וועלט. אין אַנטווערפּן האָט ער געהאַנדלט מי בריליאַנטן, געוואָרן רייך, זיך פאַרדרייט אין אַ ליבע מיט אַ פאַל־שער פרוי און אַלץ פאַרלוירן. אין קאַירא האָט ער געקויפט אַנטיקן און זיי שפּעטער פאַרקויפט אין לאָנדאָן. ער איז צוריקגעקומען קיין

אַמעריקע מיט אַ פֿאַרמעגן, אָבער ער האָט עס פֿאַרשפּילט אויף וואָל סטריט. ערשט אין די שפּעטע יאָרן האָט ער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פֿון זיינער אַן אַמאָליקער געליבטער, וואָס האָט ביים טויטן־בעט אים אָנגעזאָגט אַכטונג צו געבן אויף איר טאָכטער. דאָס איז זי, זיין איצטיקע פֿרוי. ער איז גליקלעך, אָבער אין פּרנסה איז נישט געגאַנגען און ער האָט געמוזט אויף די עלטערע יאָרן זיך צוריקנעמען צו דעם פֿאַך, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט ייִנגל־ווייז.

נאָכדעם ווי ער האָט אויסדערציילט וועגן זיינע וואַנדערונגען און אַוואַנטורעס, נעמען חברה האָגלען מיט ווערטלעך:

— נו, און צום סולטאַן און זיין האַרעם האָט איר זיך נישט אַריינגעכאַפּט? — טוט איינער אַ פֿרעג.

— מיסטער דזשאָו, איך ווייס פֿון אַ זיכערער קוועלע — רופֿט זיך אָן אַ צווייטער — אַז איר האָט געפֿירט אַ געהיימע ליבע מיט דער פּרינצעסין פֿאַטימאַ און ס'איז געקומען צו אַ סקאַנדאַל אין קעניגליכן הויף...

נאָך אַזאַ האָגלען פֿון ווערטלעך פּילט זיך דער אַלטער דזשאָו אַביסל שפּלדיק, דערנידעריקט. דער קאָפּ ווערט געבויגענער, די פּלייצע — רונדער. נאָר באַלד כאַפּט ער זיך, גלייכט זיך אויס און זאָגט מיט אַ פֿעסטער שטימע אַז ער וועט זיי מער קיינמאָל נישט דערציילן פֿון זיין אינטערעסאַנטן לעבן. ער טוט אַ פּיל־באַטייטנדיקן שמייכל און גיט צו:

— לאָזט אייך וואוילגיין, קינדערלעך, איר פֿאָרט דאָך ערשט אויפֿן יאַריד, איך אָבער פֿאָר שוין צוריק פֿון יאַריד און וועל מיך שוין אַזוי לאַנג ווי איר נישט דאַרפֿן מוטשען.

⁂

סוף סעזאָן, ווען די אַרבעט ווערט שיטערער, נעמט זיך דער פֿאָרמאַן, שליאַמקע גאַרילע, אויסלאָזן צו די אַרבעטער דעם גאַנצן כעס, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין אים אין ברען פֿון סעזאָן.

דאָס גרעסטע כפּרה־הינדל איז ביי אים דזשאָו. שליאַמקע גאַ־רילע, ווי די אַרבעטער רופֿן אים הינטער די פּלייצעס, איז טאַקע ענלעך צו אַ מאַלפּע: אַ קורצער, ברייטער שטערן, אַ פּלאַטשיקע נאָז

מיט גרויסע נאָזלעכער און אַ באַוואַקסענער מיט האָר ביזן האַלדז, — לויפט ער אַרום אויף די קורצע פיס פון מאַשין צו מאַשין. די קליי־נע שוואַרצע אייגעלעך קוקן מיט האַס און פאַראַכטונג אויף די אָפּע־רעיטאָרס. ער בלייבט שטיין ביי דזשאָון, כאַפּט אַרויס פון זיין קויש אַ קאַפּעליוש און נאָך איידער ער האָט אים ריכטיק אָנגעקוקט, שרייט ער אויס:

— אַ העט איז דאָס? אַ נאַכט־טאָפּ! אַלץ רופט זיך היינט אָפּערעיטאָר! אַ וויסטע קאַליקע ביסטו, אַן אַלטער נאַר. האָסט שוין לאַנג געדאַרפט זיצן אין דער היים און נישט קאַליע־מאַכן קיין גוטע שטרוי!...

אין שאַפּ ווערט שטילער. אַלעמענס אויגן זיינען געווענדט צו דזשאָון, וואָס זיצט אַן איינגעקאָרטשעטער. דער גאַנצער קערפּער ציטערט. די ליפּן באַוועגן זיך. עפּעס ענטפערט ער. אָבער שליאָמקע שרייט אַזוי הויך, אַז דזשאָוס ווערטער ווערן פאַרלוירן.

***

אין איינעם אַ פרימאָרגן, ווען דזשאָו איז געקומען אין שאַפּ, האָט אים דער פאָרמאַן מער נישט געוואָלט געבן קיין אַרבעט.

די אָפּערעיטאָרס זיינען ווי אַלעמאָל געזעסן איינגעגראָבן ביי די מאַשינען און געשטעפּט מיט גרויס אימפּעט. בלויז דזשאָוס מאַ־שין האָט געשטומט. ער איז געזעסן ווי אַ קבצן אויף אַ רייכער חתונה, וואָס וואַרט מען זאָל אים אויך צוטיילן זיין פּאָרציע. עס זיינען אַוועק אַ שעה, צוויי, דריי, נאָר דאָס „באַנדל" איז נישט גע־קומען. דזשאָוס וואַסערדיקע אויגן זיינען געוואָרן וואַסערדיקער. ער האָט אַ פאַרלוירענער געזען, ווי אַלעמענס מאַשינען יאָגן זיך ווי די טייוואָלאָנים נאָר נישט זיינע... אַלע טענות פון שאָפּ־טשערמאַן, אַז דער אויפזעער מוז אים געבן אַרבעט, האָבן נישט געהאָלפן. שליאָמקע גאָרילע איז געבליבן איינגעשפּאַרט, געזאָגט, אַז ווען אַפילו די אַלטע קאַליקע שטעלט זיך אויפן קאָפּ און טאַנצט די רומבאַ איז ער מיט אים פאַרטיק. ער קריגט מער נישט קיין אַר־בעט.

איז דעמאָלט מיסטער דזשאָו אַוועק צו דער יוניאָן זיך באַ־קלאָגן.

צומאָרגנס איז ער צוריקגעקומען מיט אַ זיגערישן שמייכל: ער האָט געלאָזט וויסן וואָס אַלע אין שאָפּ האָבן שוין געוואוסט סיי־ווי־סיי, אַז ער מוז באַקומען אַרבעט מיט אַלע אַרבעטער צו־גלייך.

ער האָט באַקומען אַ „באַנדל" מיט עפּעס אַ משונהדיק שווערן פֿאַסאָן... ער האָט זיך מיט גרויס מי און צעטומלעניש גענומען צו דעם נייעם פֿאַסאָן. ער האָט זיך דערביי געהאַלטן אין איין קלאָגן, אַז אַ גאַנצן סעזאָן האָט אים דער אויפזעער געגעבן גרינגע מאָ־דעלן, און איצט... ער האָט געשטעפּט, געמאָסטן, אויפגעטרענט. אַ פּאָר אָפּערעיטאָרס, עקספּערטן, האָבן אים געוויזן, געלערנט... ענדלעך האָט ער געכאַפּט דעם שניט, אָפּגעווישט דעם שווייס, וואָס איז אים כסדר אַרויס אויפן שטערן, און געניייט פֿאַרזיכטיק, לאַנג־זאַם, מיט גרויס ערנסט. אַלע ווײַלע האָט ער געוויזן דאָס אויפֿ־געניייטע אַ שכן, אַ שטעפּער. אַז יענער האָט געזאָגט אַז ס'איז גוט, האָט ער אַ באַרואיקטער ווייטער געניייט.

נאָך פּלוצעם איז לעבן דזשאָוס מאַשין אויסגעוואַקסן שליאַמקע גאַרילע. ער האָט מיט רוגזה אַ כאַפּ־געטאָן אַ קאַפּעליוש און גלייך געפּסקנט, אַז די גאַנצע אַרבעט טויג אין דר'ערד. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ צווייטן, געצויגן, געשלעפּט, געמאָסטן און גע־טענהט אַז ער וועט נאָך מוזן באַצאָלן פֿאַר דער קאַליע־געמאַכטער סחורה. דזשאָו האָט זיך פֿאַרענטפֿערט, אַז בלויז ביים אָנהויב האָט ער אַביסל געבלאָנדזשעט, אָבער יענער האָט נישט געוואָלט הערן. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן צוויי קאַפּעליושן, אַ צעפּלאָמטער צוגעלאָפֿן צום באַלעבאָס, אים געוויזן אַז זיי טויגן נישט און אויסגערופֿן מיט נצחון, אַז אויב ער, שליאַמקע, שיקט אַוועק אַ קאַליקע, ווייסט ער וואָס ער טוט...

אויף צומאָרגנס איז דזשאָו נישט געקומען צו דער אַרבעט. עס איז אַוועק אַ טאָג, צוויי, דריי און ער האָט זיך אַלץ נישט גע־וויזן.

אויפן פֿערטן טאָג האָט אימיצער טעלעפֿאָנירט אין שאָפּ אַריין, אַז דזשאָו איז פּלוצעם געשטאָרבן.

עס האָט זיך גלייך געגרינדעט אַ קאָמיטעט, וואָס האָט צענויפ־געזאַמלט געלט אויף בלומען. דער טשערמאַן פון שאַפּ האָט אויך פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל שאַפן אַביסל געלט פאַר דער אָרעמער אַלמנה. מיטאָג שעה האָט יעדער פון די אַרבעטער צוגעטראָגן אַ דאָלאַר. אויך שליאָמקע גאָרילע האָט זיך געכאַפּט צו דער קע־שענע, פון דאָרט אַרויסגעצויגן אַ פּאַפּירענע אַסיגנאַציע און מיט גרויס אָנשטעל דאָס דערלאַנגט דעם שאַפּ־טשערמאַן, אָבער יענער האָט דאָס גלייך צוריקגעוויזן, געזאָגט:

— איר האָט שוין גענוג געטאָן פאַר אים. מ׳דאַרף פון אייך גאָרנישט!...

אַ גרופּע אַרבעטער זיינען באַלד אַוועק, געקויפט אַ ווייסן קראַנץ בלומען און געגאַנגען צו אים אַהיים.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ הויז פון מעבלירטע צימערן. דזשאָו האָט דאָרט פאַרנומען אַ קליין שטיבעלע אויפן דריטן גאָרן. אַלע צוויי טעג האָט אַ דינסט גערייניקט די צימערן. דאָס לעצטע מאָל, ווען די דינסט איז דאָרט אַריין און געזען אַז דזשאָו איז נאָך אין בעט, האָט זי געמיינט אַז ער שלאָפט און זי איז שטיל אַרויס. ווען זי איז אָבער אויפן דריטן טאָג אַריין און געזען אַז ער שלאָפט נאָך אַלץ, האָט זי זיך דערשראָקן, גערופן די באַלעבאָסטע פון הויז. יענע האָט גלייך גערופן אַ דאָקטאָר. דזשאָו איז געווען טויט... די ווירטין פון הויז האָט אויך דער־ציילט, אַז שוין פיר יאָר ווי דזשאָו וואוינט ביי איר. ער איז גע־ווען אַ שטילער מענטש, אַן איינגעשלאָסענער אין זיך. זי האָט קיינמאָל נישט באַמערקט אַז אימעצער זאָל קומען צו אים. אַן עלנטער מענטש און אַזאַ גוטער! — האָט זי געזאָגט מיט באַ־דויערן.

— וואו איז זיין ווייב?

— וואָס פאַר אַ ווייב?... ער איז געווען אַ „בעטשלאָר״ אַלע יאָרן...

צווישן די אַרבעטער איז געוואָרן שטיל. מ׳האָט זיך אָנגעקוקט, געשוויגן. דזשאָו האָט נישט געאַרבעט פאַר קיין שיין ווייבל, נאָר פאַר דעם אייגענעם שטיקל ברויט און... פאַר עפּעס אַ חלום.

# אויף דער עלטער

ציפּע, אַן איינגעבויגענע, מיט אַ צעקנייטשט פּנים און אויס־געלאָשענע אויגן, האָט זיך געשלעפּט איבער דער שטוב און מיט מורא אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער אויפן וואָלקנדיקן הימל וואָס האָט אָנגעזאָגט אויף רעגן. די וואָלקנס זיינען געוואָרן געדיכטער, אין הויז — טונקעלער. ס'איז געווען צווישן טאָג און נאַכט.

ציפּע האָט געקוקט מיט אומרואיקע אויגן צו דער טיר, אפשר קומט איר „אַלטער"... ער האָט שוין לאַנג געדאַרפט זיין אין דער היים. געוואָרן גאָר אַ הענדלער אויף די עלטערע יאָרן! צי דאַרף זי דאָס? — האָט ציפּע געטראַכט מיט גאַל — זיי האָבן, גע־לויבט דעם אויבערשטן, אָפּגעשפּאָרט אויף דער עלטער; די קינדער העלפן אויך. וויל ער אָבער נישט זיצן „מיט פאַרלייגטע הענט"; פאָרט ער יעדן טאָג „דאַון־טאַון", קויפט אָפּ רעשטלעך סחורה, פאַר־קויפט דאָס גלייך פון האַנט און פאַרדינט דערביי אַ טאָלער, אַמאָל צוויי. ס'וואָלט איר ווערט געווען מער ווי צוויי טאָלער ווען ער זיצט מיט איר אין הויז, נאָר גיי טענה, אַז דער אַלטער אירער קאָן אין הויז נישט איינזיצן!

מיט אַ מאָל איז געוואָרן שטאַרק פינצטער. ציפּע איז אַריין אין שלאָף־צימער, וואו אַ יאָרצייט־ליכטל האָט געברענט נאָכן שווער. פון צאַנקנדיקן פלעמל האָבן שאָטנס אַרומגעטאַנצט אויף די ווענט און האָבן נאָך שווערער געמאַכט ציפּעס געמיט. האָט זי אָנגעצונדן די לאָמפּ מיטן רויטן אַבאַזשור. די שטוב האָט אויפגע־לויכטן מיט אַ ראָזעווון שיין, און האָט פאַריאָגט ציפּעס אומעט און די מורא פאַר די דונערן און בליצן.

זי האָט זיך געזעצט אויפן וויג־שטול וואָס איז געשטאַנען צווישן די צוויי בעטן, דאָס איינציקע שטיקל מעבל וואָס איז איר פאַר־בליבן פון באַלד נאָך דער חתונה. איר בליק איז געפאַלן אויף דער

וואַנט אַנטקעגן, וואו עס הענגן, אין באַגילדטע ראַמען, צוויי גרויסע בילדער, פאַרגרעסערטע פון קליינע פאָטאָגראַפיעס — ער און זי.

ציפּע האָט אַראָפּגערוקט די ברילן איבער דער נאָז און מיטן לינקן אויג האַלב־צוגעמאַכט האָט זי געקוקט אויף די בילדער. אַלע מאָל ווען עס ווערט איר שטאַרק אומעטיק, האָט זי ליב אַזוי צו זיצן און קוקן אויף זייערע ביידנס פאָטאָגראַפיעס. זיי ברענגען איר צוריק זכרונות פון די מיידלשע יאָרן. די בילדער האָבן זיי — זי און איר מאַן — גענומען חתן־כלה־וויז. אויפן בילד, רעכטס — ער. זיין האַלדז אַריינגעפּרעסט אין אַ שטייף־ווייסן, גומענעם־קאָל־נער; אויפן קאָפּ אַ הויכע, קאַראַקולענע „שאַפּקע", פאַררוקט אַביסל אויף אַ זייט. ער שמייכלט מיט אַ פּאָר ליכטיקע אויגן. אויפן צווייטן בילד — זי. איין באַק אירע, טונקל, די צווייטע — בלייך; די אויגן, צעשראָקן; די האָר, פאַרקעמט הויך, אין אַ פּאָמפּאַדור. איר ברוסט האַלט זי אויסגעשטרעקט. אָנגעטאָן איז זי אין שוואַרצן, זיידענעם קלייד מיט די שפּיצן, וואָס מען האָט איר געמאַכט צום אויסשטייער. אויפן בוזעם ביי איר הענגט אַ גאָלדן קייטעלע מיט אַ זייגערל, און ביי דער זייט איז צוגעשפּיליעט אַ בראָשקע. דאָס זיינען אַלץ געווען אירע כלה־מתנות.

דאָס בילד האָבן זיי נאָך גענומען אין דער היים.

באַלד נאָך דער חתונה זיינען זיי אַוועק קיין אַמעריקע.

ציפּע האָט אַראָפּגערוקט אירע שפּאַקולן נאָך נידעריקער, האָט אָנגעשטעלט איר בליק אויף דער צווייטער וואַנט, וואו עס הענגען בילדער פון אירע קינדער, טעכטער, זין און שניר, איידעמס און אייניקלעך. ציפּע האָט זיי באַטראַכט מיט גרויס הנאה. נאָר אָט האָט זיך איר בליק אָפּגעשטעלט אויף אַ יונגן סאָלדאַט. אַ פּנים — בלוט און מילך. דאָס איז איר אייניקל, דזשאָו, אַ מאַרין. איר פּנים איז געוואָרן פאַרצויגן מיט טרויער. די אונטערשטע ליפּ האָט געציטערט און זי האָט געמורמלט פרום:

— רבונו של עולם, איך בעט דיך דו זאָלסט אים אַהיימשיקן בשלום, אַ געזונטן אויף אַלע אברים, אָמן!

פּלוצעם האָט אַ בליץ געטאָן. די שטוב האָט אויפגעלויכטן. און באַלד האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער קראַך פון אַ דונער.

ציפּע איז אויפגעשפּרונגען אַ דערשראָקענע און איז גרייט גע־וועזן זיך ערגעץ צו באַהאַלטן, נאָר האָט נישט אויף דער מינוט געוואוסט וואו.

ווען זי איז שוין אַפילו געווען אַ כלה־מיידל, פלעגט זי אַרונ־טערקריכן אונטערן בעט און זיך באַהאַלטן, און פלעגט דאָרטן אָפּליגן, ביז עס האָט אויפגעהערט צו דונערן און צו בליצן, און עד־היום ציטערן ביי איר אירע הענט און פיס, ווען עס קומט אָן אַ שטורעם.

וואָס האָט געקאָנט פּאַסירן מיט איר שלמהן? איר גאַנץ בי־טער האַרץ וועט זי היינט צו אים אויסלאָזן... זי ווייסט שוין אָבער פאָראויס וואָס ער וועט זאָגן: „באַגעגנט אַ מאַן"... ער האָט ליב צו שמועסן ווי אַ יידענע, האָט ציפּע געטראַכט מיט אַ געמישט געפיל פון ליבשאַפט און כעס צו איר אַלטן. די מורא פאַר די דונערן און בליצן האָט איר אָפּגעשוואַכט און איבערגעלאָזט אַ מידע, אַן אויסגעשעפּטע.

היינט האָט זי באַשלאָסן אים צו געבן אַ חלק, אַז ער וועט איר האָבן צו געדענקען. איינמאָל פאַר אַלעמאָל — זי וויל נישט אַז ער זאָל אַרומשאַרלאַטאַנעווען!... נאָר ס'איז אפשר איר אייגענע שולד, ווייל זי זאָגט אים קיינמאָל גאָרנישט. ציפּע האָט זיך דער־מאָנט אין אירע יונגע יאָרן פון באַלד נאָך זייער חתונה: געבונג גאַל־עסעניש און האַרץ־ווייטיק האָט זי געהאַט פון זיינע פאַרשוויג־דענישן און פוילע תירוצים. נאָר דאָס איז געווען אַמאָל. אָבער איצט, ווען ער איז שוין, קיין עין־הרע, אַ ייד קרוב צו אַכציק, זאָל ער נאָך זיין אַזאַ שאָלטיק און לויפן, און שמייען? זי איז יינגער פון אים און האָט נישט קיין כוח צו שטיין אויף די פיס.

זי האָט דערהערט שלעפּעדיקע טריט און דערקענט איר מאַנס גאַנג. באַלד האָט זיך געעפנט די טיר און איר שלמה איז אַריין. ער איז געווען אַ הויכער, אָבער אַ געבויגענער, מיטן נאַסן רעגן שירעם אין האַנט. זיינע גרויע האָר זיינען געווען נאַס פון רעגן און שווייס. ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן, וואָס זיינען אין שטוב פאַרלאָפן געוואָרן מיט פאַרע און עס האָבן זיך באַוויזן די טיפע קנייטשן מיט די טאָרבעלעך אונטער זיינע בלאָ־וואַסערדיקע אויגן.

— אַ רעגן אַביסל! — האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ וואָרט.
— און וואו איז מען דאָס געווען אַזוי שפּעט אין אַזאַ גאָס רעגן? — האָט ציפּע אַן אויפגערעגטע געפרעגט.
— איך האָב באַגעגנט אַ מאַן.
— אַהאַ! אַ מאַן... אַלע מאָל באַגעגנט ער אַ מאַן! — האָט זי זיך צעשריגן — וואָלסט בעסער געזעסן מיט דיין אַלטער אין הויז און מיך נישט געלאָזט אַליין ווי אַ הונט, וואָלסטו אַ סך גליי־כער געטאָן ווי זיך צו „באַגעגענען מיט אַ מאַן".
— אָבער איך האַנדל דאָך — האָט ער פּרובירט זיך פאַר־ענטפערן.
— ווער דאַרף דיין האַנדל שמאַנדל? — איז זי אַריין מער אין כעס. איר שטימע איז געוואָרן געשפּאָלטן פון די איינגעהאַל־טענע טרערן, זי האָט זיך דערפילט מיט אַ מאָל שוואַך און ווייַ־בעריש צעקראָכן, אָבער פּלוצעם האָט זי אַ פּלאַץ אַרויס געטאָן:
— ביסט אַ מערדער, אַ באַנדיט און אַ שאַרלאַטאַן! — און זי איז אַנטלאָפן אין שלאָפצימער.

שלמה איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער, און דערפילט ווי עס שפּילט זיך איבער אַ לאַנג־פאַרגעסענע סצענע, וואָס דערמאָנט אים אין די יונגע יאָרן. אירע ביטערע רייד, אַז ער איז אַ באַנ־דיט, אַ מערדער און אַ שאַרלאַטאַן, האָבן דערפרישט זיין האַרץ. אויף זיין פּנים האָט זיך צעשפּרייט אַ שטיפערישער שמייכל, און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז ער איז מיט אַ מאָל יונגער גע־וואָרן...

אָבער די אַלטע זיינע קומט עפּעס נישט אַריין אין קיך. זי איז ברוגז. האָט ער זיך אַליין גענומען עסן.

אָבער ווען ער האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט ער פּלוצעם דערזען די נאַקעטע פּלייצע פון זיין ווייב. ציפּע איז געלעגן אין צווייטן בעט, אויסגעדרייט צו דער וואַנט. ער האָט נישט גע־וואוסט צי זי שלאָפט, אָדער איז וואַך. איר האַלב־אָפּגעדעקטע פּלייצע האָט געוועקט אין אים אַ מאָדנעם זיסלעכן ציטער. זי איז

פלוצעם אויסגעוואַקסן פאַר אים ווייט און פרעמד, און אים האָט זיך אויסגעוויזן אַז זי האָט מורא פאַר אים. איך בין אַ באַנדיט, אַ מערדער, אַ שאַרלאַטאַן — האָט ער געטראַכט — און זי — אַ שוואַכע פרוי...

ער האָט מיט אַ מאָל דערפילט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג זי אַרומצונעמען, איר קושן...

ער איז שטיל אַרויס פון זיין בעט, און געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער צו זיין ווייב, זיך איבער איר אַריבערגעבויגן און דערזען אַז זי שלאָפט. די אויגן־דעקלעך אירע זיינען בלוי און איינגעשטרומפּן. זי קוקט אויס ווי אַ שוואַך הינדל. האָט ער זיך איבער איר אַריבערגעבויגן טיפער, געוואָלט איר אַ קוש טאָן, אָבער דאָ האָט ער דערזען ווי די שוואַרצע שאָטנס פונעם צאַנקענדיקן יאָרצייט־ליכטל קנוילן זיך אויף די ווענט, איז אים באַפאַלן אַ שרעק, און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז די טאַנצנדיקע שאָטנס אויף די ווענט לאַכן פון אים. האָט ער זיך צוריק אַריינגעשאַרט אין בעט, און מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט ער אַריבערגעצויגן די קאָלדרע איבערן קאָפּ...

# צוויי פאַרליבטע

פאַרנאַכט, ווען די זון פאַרגייט און עס נעמט צופאַלן די נאַכט, קאָן מען זיי זען זיצן פאַררוקט אין אַ ווינקל פון קראַטאָנאַ פאַרק, אַלעמאָל אויף דער זעלבער באַנק, אונטער אַ צעוואַקסענעם בוים. זיי קוקן זיך פאַרליבט אין די אויגן און האַלטן זיך ביי די הענט.

די צוויי קומען קיינמאָל נישט צוזאַמען. אַממערסטן קומט זי די ערשטע, קאָן מען דעמאָלט זען ווי זי זוכט אים מיט צעשראָקענע אויגן, קוקט אויף יעדן אָנקומענדיקן פאָרל מיט בענקשאַפט, און ווען זי זעט אים גיין פון ווייטן, צעגיסט זיך אויף איר פנים אַ באַ־האַלטענע פרייד.

די צוויי פאַרליבטע זיינען קלמן שקלאַרטשיק, אַ גלאַט־ראַזיר־טער מאַן פון אַ יאָר זיבעציק, מיט אַ רויט, געקאַרבט פנים און אַ הויכער פיגור, וועלכער שפּאַנט נאָך מיט קרעפטיקע טריט, און שאָשקע בעקער, אַ פרוי אין די זעכציקער יאָרן, פון נידעריקן וואוקס, מיט אַ ברייטלעכער פיגור, וואָס גייט מיט גרויס אָנשטרענגונג אויף די הויכע אָפּצאַסן.

ווען שאָשקע דערזעט איר באַליבטע באַנק, טוט זי זיך האַסטיק אַ זעץ אַוועק און אָטעמט אָפּ פרייער. ס'איז שוין נישט פאַר מיינע כוחות, טראַכט זי, צו טראָגן אַזעלכע שטאָלצן... ס'מאַכט מיך אָבער אויסקוקן ייִנגער און שענער. אוי, וואָס וואָלט איך נישט געטאָן אים צו געפעלן!...

היינט האָט זיך די מיסעס בעקער אויסגעפוצט מיט מער זאָרג־פעלטיקייט ווי אַלע מאָל, ווייל היינט האָט זי באַשלאָסן צו האָבן מיט אים אַן „אָפענעם געשפרעך": זאָל ער איר אויפהערן אַרומצופירן ביי דער נאָז מיט זיינע צוזאָגן און זיסע ריידעלעך... ער זאָל איר חלילה נישט אָפּשפּילן די זעלבע חתונה ווי אַמאָל אין דער היים!...

דעמאָלט איז זי בלויז ניינצן יאָר אַלט געווען, און אַלע אין שטעטל האָבן שוין אויף זיי געקוקט ווי אויף חתן־כלה. אין הויז האָבן אירע טאַטע־מאַמע שוין געגרייט תנאים, און זלמן האָט כסדר גערעדט אַז ער וועט איר קויפן אַ גאָלדן קייטל מיט אַ זייגערל און אַ בריליאַנטן רינגל. אָבער פונקט אַ טאָג פאַר די תנאים, איז ער געקומען און גע־לאָזט וויסן אַז ער פאָרט קיין אַמעריקע. שאָשקעס וויינען און קלאָגן און אירע טאַטע־מאַמעס בעטן האָט נישט געהאָלפן. ער זעט נישט קיין תכלית אין אַ לאַנד וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט אַנטיסעמיטן — ער פאָרט. ער האָט איר, שאָשקען, געשוואוירן אייביקע ליבע און צוגעזאָגט נאָך איר צו שיקן, אַזוי שנעל ווי ער וועט אָנזאַמלען געלט אויף אַ שיפסקאַרטע.

בלויז איין בריוו האָט שאָשקע דערהאַלטן פון זלמנען. ער האָט איר געשריבן אַז ער האָט פיינט אַמעריקע; אַז ער וועט זיך קיינ־מאָל נישט אַריינפּאַסן אין אַזאַ משונהדיק לאַנד; ער גייט אויס פון בענקשאַפט נאָך איר און ער קומט צוריק אַהיים.

און מער האָט זי פון אים נישט געהערט.

אַזוי זיצט שאָשקע איינע אַליין אויף דער באַנק און טראַכט פון איר געמוטשעטע לעבן וואָס זי האָט די אַלע יאָרן געפירט: ער איז אַוועק און מיטגענומען איר האַרץ, זי האָט אים קיינמאָל נישט אויפ־געהערט ליב צו האָבן. שפּעטער מיט דריי יאָר איז זי אַליין געקומען קיין אַמעריקע, זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק, און דורך לאַנדסלייט איז זי געוואויר געוואָרן אַז זלמן האָט דאָ חתונה געהאַט מיט אַן אַמעריקאַנער מיידל, און אַז ער איז זייער רייך. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ שטילן בחור פון איר שאָפּ — אַן אָפּערעיטאָר. פיר קינדער האָט זי אויף דער וועלט געבראַכט און איז געווען כסדר פאַרהאַוועט מיט דערציען די קינדער, מיט ווירטשאַפט. איר מאַן האָט דורך דער צייט געגומען אונטערקרענקען און דער דאָקטאָר האָט געזאָגט אַז ער טאָר מער נישט אַרבעטן אין אַ שאַפּ. האָבן זיי גע־עפנט אַ „גראָסערי" (שפּייז־קראָם). יעדע פרייע מינוט וואָס זי האָט געהאַט האָט זי אַרויסגעהאָלפן אין דער „גראָסערי". די איינציקע צייט ווען שאָשקע האָט אַביסל אויסגערוט אירע מידע ביינער, איז

געווען ווען זי איז געלעגן אין קימפעט. זי איז געווען אַ געטריי ווייב, אַ גוטע מאַמע, און כסדר פאַרהאָרעוועט.

און יאָרן זיינען געלאָפן ווי טעג. אירע קינדער זיינען אונטער־געוואַקסן, געוואָרן מענטשן, זיי האָבן זיך מער נישט גענויטיקט אין דער מאַמעס אויפזיכט, זיינען זיי ווי פייגעלעך פון אַ נעסט זיך צע־פלויגן. שפּעטער האָבן זיי חתונה געהאַט; שוין געהאַט אייגענע קינדער; שאַשקע איז געוואָרן אַ באָבע; געהאַט נחת; מענטשן זיינען איר מקנא געווען, זי פירט אַזאַ רואיק לעבן, האָט אַ גוטן, שטילן מאַן...

אַזוי האָט מען געמיינט... אָבער אַז שאַשקע פלעגט בלייבן מיט זיך אַליין, האָט דעמאָלט גענומען ציען און נאָגן אַ נישט־באַפרי־דיקטע בענקשאַפט. זלמן איז דערשינען פאַר אירע אויגן און זי פלעגט דעמאָלט שטיל שעפּטשען:

— קיינער האָט נישט פאַרנומען דיין פּלאַץ ביי מיר אין האַרצן.

די אַלע יאָרן האָט זי אים בלויז איין מאָל באַגעגנט. דאָס איז געווען ביי אַ באַנקעט פון זייער לאַנדסמאַנשאַפט, צו וועלכער ער איז זעלטן ווען געקומען.

מען האָט אים דאָרטן צוגעטיילט אַ סך כבוד, און ווען מען האָט אויסגערופן זיין נאָמען און אים געגעבן ס'וואָרט, האָט ער זיך אויפ־געשטעלט און געהאַלטן אַ רעדע. אין מיטן רעדן האָט ער זי דער־זען... אויף אַ מינוט האָט ביי אים עפּעס ווי אָפּגענומען ס'לשון. ער האָט זיך אָבער אָנגענומען מיט כוח און שנעל פאַרענדיקט די רעדע.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט. אַ מינוט זיך געישובט, דערנאָך זיך אויפגעהויבן און איז אַ בלייכער גלייך צוגעגאַנגען צו איר טיש, געקוקט אויף איר צעמישט, געשטאַנען אַ ווילע און געשוויגן, און דערנאָך האָט ער אַרויסגעלאָזט פון מויל בלויז איין וואָרט:

— שאַשקע!

און זי האָט געענטפערט אויך בלויז איין וואָרט:

— זלמן!

און ער איז צוריקגעגאַנגען, זיך אַוועקגעזעצט לעבן זיין פרוי. איר האָט זיך אויסגעוויזן אַז ער האָט איר אַזוי פיל דערציילט

מיט דעם איינעם וואָרט, פון זיין לעבן, און זיינע פריידן און ליידן, און אַז ער האָט איר געזאָגט אַפּילו אַז ער האָט איר נאָך אַלץ ליב... אַז ער האָט איר גאָר קיינמאָל נישט אויפגעהערט ליב צו האָבן. דאָס האָט בלויז דער שיקזאַל זיך אַריינגעמישט און זיי צעשיידט.

פון דעמאָלט אָן האָט עפּעס אויפגעזונגען אין איר נשמה. ס'טויטע האַרץ האָט ווידער אָנגעהויבן צו קלאַפּן...

איר מאַן איז אַלץ מער פאַרשלאָפט געוואָרן, זיי האָבן געמוזט אויפגעבן די „גראָסערי״. שאָשקע האָט כסדר געוואַכט איבער אים, אָפּגעהיט און געפּאַיעט מיט פאַרשידענע רפואות. ס'האָט שוין אָבער נישט געהאָלפן, ער איז אויסגעגאַנגען אויף אירע הענט און זי איז געבליבן אַן אלמנה. שאָשקע האָט אויפגעגעבן איר הויז און איז געבליבן וואוינען ביי איר יינגסטער טאָכטער, איז געווען אַרומגערינגלט מיט קינדער און אייניקלעך, און דאָך האָט זי זיך געפילט איינזאַם... ס'טוט איר שוין איצט שטאַרק באַנג וואָס זי האָט אויפגעגעבן איר היים. יאָ, די קינדער זיינען גוט צו איר, אָבער זי איז מער נישט קיין באַלעבאָסטע מיט אַן אייגענערווירטשאַפט. זי האַלט אין איין אַרומפאָרן פון איין קינד צום צווייטן, מ'רייסט זיך איבער איר — אָבער אַלע מאָל איז דאָס ווען זי דאַרף אויספילן אַ שליחות. אָט איז אַן אייניקל קראַנק, און באַלד גאָר ווערט שלאָף אַ טאָכטער. אַמאָל מוז דער זון מיט דער שנור גיין צו גאַסט און אויף קיינעם קאָנען זיי זיך נישט אַזוי פאַרלאָזן ווי אויף דער מאַמען.

און זי גייט שאָשקע מיטן קלומיקל אין האַנט; זי קומט ווי אַ גוטער שליח, ווייל ווער דען זאָל גיין אויב ניט אַ מאַמע? — טראַכט שאָשקע. — וואָס איר שרעקט, איז אָפט, ווען זי דערפילט אַז עס לאָזן זיך אויס די כוחות און זי וועט זיי מער נישט קאָנען באַדינען. ס'באַפאַלט איר אַ מורא אַז זי זאָל, חלילה, נישט פאַלן צו לאַסט אירע קינדער. שוין דאָס דריטע יאָר ווי זי וואַנדערט פון איין קינד צום צווייטן און פילט אַלע מאָל ווי זי וואָלט געווען אַ גאַסט אויף אַ ווייל.

איין מאָל, אין אַ רעגנדיקן אויפדערנאַכט איז דאָס געווען, ווען איר טאָכטער און איידעם זיינען אַוועק זען אַ „מואווי״, איז זי, ווי אַלע מאָל, געבליבן אין הויז צו וואַכן איבער די קינדער. אין דרויסן

האָט געגאָסן אַ רעגן; די אייניקלעך זיינען שוין לאַנג געשלאָפן; איז זי געזעסן און געלייענט אַ צייטונג און זיך געקוויקט מיט אַ פאַר־זעצונג פון אַ שפּאַנענדיקן ראָמאַן. פּלוצעם האָט אימעצער געקלאַפּט אין טיר. זי האָט געפרעגט ווער עס איז דאָרט, און עפּעס נישט געקראָגן קיין קלאָרן ענטפער. האָט זי נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט און מורא געהאַט צו עפענען די טיר.

— עפנט, ס'איז אַ ייד! — האָט זי דערהערט אַ מענערשע שטימע.

האָט שאָשקע דעמאָלט אַ נישט־זיכערע געעפנט די טיר און איז אַ פאַרגאַפטע געבליבן שטיין, און נישט געקאָנט אויסרעדן קיין איין וואָרט. פאַר איר איז געשטאַנען זלמן.

ערשט ווען ער האָט איר געפרעגט צי זי וועט אים נישט פאַר־בעטן אין הויז אַריין, האָט זי זיך געכאַפּט אַז ער שטייט נאָך אַלץ אין דער אָפענער טיר. דעמאָלט האָט זי אים פאַרבעטן.

ער האָט איר דערציילט, אַז עס איז ערשט זעקס וואָכן זינט זיין פרוי איז געשטאָרבן. ער האָט דורך לאַנדסלייט אויסגעפונען וואו זי וואוינט, ער ווייסט אַלץ וועגן איר. זיי האָבן לאַנג גערעדט. ער האָט איר אויסדערציילט אַלץ פון זיין לעבן, און כאָטש אויבן־אויף האָט אויסגעקוקט אַז ער איז אַ גליקלעכער מענטש, איז ער דאָס גאָר נישט געווען, נאָר ער האָט אַ לעבן־לאַנג געבענקט נאָך איר; בלויז אומשטענדן האָבן געפירט צו אַ חתונה מיט אַן אַנדערער.

— איצט — האָט ער איר געזאָגט, — אַז ער האָט זי ווידער באַ־געגנט, וועט ער זי מער נישט אַוועקלאָזן, און צום יאָר וועלן זיי חתונה האָבן. ווייזט אויס — האָט ער צוגעלייגט, — אַז מיר זיינען אַ זיווג מן השמים, אַ באַשערטע פּאָר.

פון דעמאָלט אָן טרעפן זיי זיך אָפט. אַמאָל גייט מען אין אַ טעאַטער, אַמאָל זען אַ „מואווי", נאָר אַממערסטן טרעפן זיי זיך אין פּאַרק. אין הויז פאַרבעט זי אים נישט. די קינדער קוקן קרום, אָפט מיט אָפענעם חוזק אויפן שידוך. ערשט היינט האָט זי געהאַט אַן איבעררייד מיט איר טאָכטער, יענע האָט שטעכיק אַ זאָג גע־טאָן:

— מאַמע, וואָס פוצסטו זיך אַזוי פאַר אים?... איך האָב קיינ־

מאָל נישט געזען אַז דו זאָלסט האַלטן אין איין קוקן אין שפּיגל פאַרן טאַטן. וואָס דענקסטו אַז דו ביזט צוריק געוואָרן אַ יונג מיידעלע?

און וואָס האָט זי איר געקאָנט ענטפערן? זי איז דאָך טאַקע גע־רעכט. ביי די יאָרן אַזוי צו פלאַטערן און ציטערן איבער אַ מאַנסביל, אַז אַלע אַרום איר קאָנען דאָס באַמערקן?!...

זיצט שאָשקע איצט אַן אָפּגעזונדערטע אויף דער באַנק, קוקט מיט פאַרבענקטע אויגן אויף די פאַרביי־שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך. די באַשטימטע צייט איז שוין לאַנג אַריבער און איר זלמן ווייזט זיך נאָך אַלץ נישט.

שאָשקע דערמאָנט זיך מיט ווייטיק, אַז עפּעס האָט ער לעצטנס אויפגעהערט צו רעדן וועגן שטעלן אַ חופּה... זי זעט ווי די שפּיץ־ביימער צינדן זיך אָן פון אַ פאַרבייגייענדיקער, פלאַמיק־רויטער זון; דער טאָג געזעגנט זיך אָפּ און גייט אַוועק אין זיין אייביקער רו; עס פאַלט צו די נאַכט; אַרום הויערט מיט אַ נאַכטיקער שטיל־קייט. ס׳באַפאַלט איר אַ מורא, אַז ער וועט מער נישט קומען. אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט מאַטערט איר פּונקט ווי אַמאָל, אין די יונגע יאָרן, ווען זי פלעגט אויף אים וואַרטן. שאָשקע הויבט אויף די אויגן און קוקט אַרויף צום נאַכטיקן, בלויען הימל, וואָס איז באַדעקט מיט שטערנדלעך און וואו אַ האַלבע זילבערנע לבנה שווימט הויך. פּלו־צעם נעמען פון איר מויל פאַלן ווערטער:

„רבונו של עולם, וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס האָסטו זיך אָנ־געזעצט אויף מיינע אַלטע יאָרן? האָסט גענומען אַן אַלטע, אויס־געמוטשעטע יידענע און איר געגעבן אַ יונג האַרץ. איך האָב מער נישט קיין כוח זיך אַרומצוטראָגן מיט אַ שטורמיש האַרץ, וואָס צאַפּלט און פלאַטערט פון ליבע, ווי ביי אַ אַכצן־יאָריק מיידל... ס׳איז נישט פאַר מיינע יאָרן!"

זי טוט זיך האַסטיק אַ שטעל אויף, דערפילט אַ כעס צו דעם וואָס פאַרשאַפט איר אַזוי פיל ליידן. זי דערמאָנט זיך מיטאַמאָל אַן אַלט שפּריכוואָרט: אַז אַזוי ווי איינער איז צו זיבן איז ער צו זיבעציק...

— ער איז געווען נאָ גוד — זאָגט זי אַרויס הויך — און וועט פאַרבלייבן אַ נאָ־גודניק!...

און זי נעמט שפּאַנען מיט שנעלע טריט. זי דערפילט מיטאַמאָל אַ שוואַכקייט אין די פיס, זי ציטערט אינגאַנצן. זעצט זי זיך צוריק אויף דער באַנק און פּלאַצט אַרויס מיט אַ געוויין:

— אוי, וואָס מאַך איך מיך נאַריש?... ער האָט דאָך מיר אַליין דערציילט, אַז עס שדכנט זיך צו אים אַ שיין יונג ווייבל. איצט איז ער זיכער ביי יענער...

מיטאַמאָל דערפילט זי ווי אימיצער טאָרעט איר ביים אַרבל.

— פאַרגיב מיר, שאָשקעלע, וואָס איך האָב דיך געלאָזט אַזוי לאַנג וואַרטן.

שאָשקע שפּרינגט אויף, זי האָט אים גאָר נישט באַמערקט. זי ציטערט אינגאַנצן פון אויפרעגונג.

— איך האָב אָבער געוואוסט אַז דו וועסט וואַרטן — זאָגט זלמן צופרידן.

— פון וואַנען האָסטו געוואוסט אַז איך וועל וואַרטן? איך האָב פאַרלוירן דעם שליסל פון הויז, און קאָן נישט צוריק אַריין, זיך איך גלאַט אַזוי, איך וואַרט נישט...

— וואָס ביסטו אַזוי בייז? ווייסט וואו איך בין היינט געווען? — זוכט ער זיך צו פאַרענטפערן.

— ביי דער שיינער יונגער ווייבל! — טוט זי אַ פּלאַץ אַרויס — וואָרעם ווער דען האָט דיך געקאָנט אָפּהאַלטן דריי שעה?

— קדיש זאָגן, נאָך מיין גאָטזעליקער פרוי.

שאָשקע בלייבט זיצן געפּלעפּט און פילט זיך מיט אַ מאָל שטאַרק שולדיק פאַר אירע זינדיקע מחשבות וועגן אים.

— ס'איז היינט געוואָרן אַ יאָר, בייטאָג האָט מען געשטעלט די מצבה, אין אָוונט זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די משפּחה, האָט מען געדאַוונט, געזאָגט קדיש.

— אַ אַנטשולדיק מיר, זלמן, דריי שעה בין איך דאָ געזעסן, געוואַרט און איבערגעקלערט, אַז דער מוח האָט זיך מיר שיער נישט געשפּאָלטן.

— איך דאַרף זיך גאָר אַנטשולדיקן פאַר דיר, איך האָב דיר דאָס געדאַרפט זאָגן פריער. נישט לאָזן זיצן אַ פרוי אַליין, ביינאַכט אין אַ פּאַרק.

זיי בלייבן שטיל אַ ווײַלע. שאָשקען ווייזט זיך אויס, אַז מ׳קאָן הערן דאָס שטאַרקע קלאַפּן פון איר האַרץ. זי וויל עפּעס זאָגן, נאָר זי פילט זיך שוואַך און ווייבעריש צעקראָכן, און האָט מורא אַז זי וועט זיך גאָר צעוויינען, שווייגט זי.

שאָשקע דערפילט ווי ער נעמט אָן איר האַנט, גלעט זי, מיט אַ מאָל באַנעמט זי רייד, וואָס קלינגען ווי אַן עכאָ פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

— שאָשקעלע, פאַר מיר ביסטו נאָך אַלץ די זעלבע ליבע, האַר־ציקע מיידל פון אַמאָל. דיינע גרויע האָר זיינען אין מיינע אויגן נאָך אַלץ שוואַרץ, די קנייטשן אויף דיין שיין פּנים גיבן דיר צו חן. ניין, שאָשקע, איך האָב דיך קיינמאָל נישט אויפגעהערט ליב צו האָבן, און מיט דיר וועל איך פאַרענדיקן דאָס ביסל יאָרן וואָס זיינען מיר באַשערט צו לעבן. האַ? וואָס זאָגסטו? — — —

שאָשקע דריקט שטאַרקער זיין האַנט, און קאָן עפּעס נישט גע־פינען די ריכטיקע ווערטער צו ענטפערן. זי וויל הערן זיינע רייד, וואָס גלעטן איר שווער געמיט. זי טוט שטיל אַ פרעג:

— ווען?, זלמנשי?

— ווען דו ווילסט. מיר קאָנען חתונה האָבן אין אַ חודש אַרום, אין אַ וואָך אַרום, אַפילו מאָרגן!

— זאָל זיין מאָרגן... — זאָגט שאָשקע שטיל.

זלמן צעלאַכט זיך, האָט, ווייזט אויס, גרויס הנאה פון שאָש־קעס איילעניש.

— ווילסט גאָרנישט קיין כלה־מתנות? דימענטענע רינגען, אוירינגלעך, אַ זייגערל?!

— ניין, איך וויל גאָרנישט, בלויז דיך און אַ שטיקל היים.

— גוט, — זאָגט זלמן, — זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה. מאָרגן שטעלן מיר אַ חופּה. אַ היים וועסטו ביי מיר האָבן אַ שיינע.

פּלוצעם טוט ער אַריין די האַנט אין קעשענע, נעמט פון דאָרטן אַרויס אַ קליין פּודעלע און זאָגט:

— נאַ, ס׳איז פאַר דיר אַ מתנה.

— אַז איך דאַרף דאָס נישט — בעט זיך שאָשקע.

— נעם, איך האָב דאָס דיר צוגעזאָגט נאָך אין דער היים און

איך האָב פיינט שולדיק צו בלייבן חובות... אַ חתן־בחור, אַ טאָג פאַר דער חופה, דאַרף זיך ריינוואַשן פון אַלע זיינע זינד.

שאַשקע עפנט ס׳פּודעלע, זלמן צינדט־אָן אַ שוועבעלע, ס׳טוט אַ בליאַסק מיט אַ דימענטן פינגערל.

— אוי, זלמן! — זאָגט שאַשקע און צעוויינט זיך.

— נו, גענוג, שאַשקעלע.

ער גלעט איר גרויען קאָפּ. אוןביידע זיצן צוגעטוליעט און פאַנטאַזירן, לייגן אויס פּלענער, מיט אַ יוגנטלעכן ברען, פאַר זייער צוקונפט, פאַר זייערע עלטערע יאָרן.

# טאַטע און זון

„די שענטי״ איז געשטאַנען אַן איינגעהויקערטע, אַן אָפּגע־זונדערטע, און האָט זיך אויסגעטיילט מיט איר חשכות פון די אַרו־מיקע, ווייס־באַלעבאַטישע הייזלעך. פון אַ צעבראָכענעם לאָדן האָט אַרויסגעקוקט אַ צעשפּאָלטן, געלעכערט פענצטער וואָס איז גע־ווען פאַרשטאָפּט מיט אַ שמאַטע. דער ווינט האָט געוואָרפן מיטן אָפּגעריסענעם לאָדן אויף רעכטס און אויף לינקס און דערביי אַרויסגעלאָזן אַ פאַרזשאַווערט כריפּען.

דאָס הייזל, וואָס אַלע אין דעם זומער־שטעטל גריווענסוויל רופן „די שענטי״, קוקט אויס ווי אַ סטראַשידלע וואָס סטראַשעט אַוועק און היט אָפּ פון אַלדאָס בייז די שיין־געבויטע און סטאַ־טעטשנע הייזלעך אַרום. „די שענטי״ פאַרמאָגט אויך דערלעבן אַ שטאָל מיט אַ פערד. דאָס הייזל באַשטייט פון אַ גרויסער שטוב מיט אַ קיך, וואו אַ שוואַרצער, אייזערנער אויוון ברענט אויף האָלץ און קוילן. אין אַ ווינקל פון קיך פירן שטיגן צום קעלער, וואָס דינט ווי אַ סקלאַד פאַר דער סחורה. טשאַרלי, דער באַלעבאָס, האַלט דאָרטן קאַרטאָפל און פאַרשידענע אַנדערע גרינסן. פון האַלב־אָפּע־נעם קעלער טראָגט זיך אַ טוכלער ריח פון קרויט און צוגעפוילט אויפס.

די גרויסע שטוב איז געווען אָנגעוואָרפן מיט שיך, הויזן און שמאַטעס; אויפן דיל האָבן זיך געוואַלגערט שטיקלעך פון אויס־געדרויכערטע פּאַפּיראָסן, אַש און שאָלעכץ פון צעקנאַקטע סעמעטש־קעס; אויף אַ ברייט, אייזערן בעט מיט פאַרשמאָדערט בעטגעוואַנט איז געשלאָפן מיט אַ הויכן כראָפּען בעני — דער זון; אויף אַן אָפּגעריבענער סאָפע, אַנטקעגן, איז געלעגן איינגענורעט טשאַרלי — זיין טאַטע. ער איז געשלאָפן שטיל ווי אַ הינדל. אַ גרויער פּאַס

ליכט האָט אַריינגעשפּאַרט דורכן אָפּגעריסענעם לאָדן. מיט אַ מאָל האָט זיך די צעפּליקטע קאָלדרע אַ הויב געטאָן פון דער סאָפּקע, טשאַרלי האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט, אַ צי געטאָן אַ בענדל, און דאָס עלעקטרישע לעמפּל האָט זיך אָנגעצונדן. טשאַרלי האָט אַ געשריי געטאָן צום זון:

— העי, בעני! שטיי אויף! גענוג שוין געפּאָפּן!

דער יונג האָט נישט געענטפערט. ער האָט ווייטער געכראָפּעט פונקט ווי פריער. טשאַרלי איז נאָך אַ ווײַלע געבליבן ליגן אונטער דער וואַרעמער קאָלדרע. אַ קאַלטע לאַנגווײַליקייט איז געווען אויסגעשפּרייט איבער דער שטוב. מיט אַ מאָל האָט זיך אַ קליין קעפּל, ווי אַ צעקנייטשט הייפּטל קרויט, אַ הויב געטאָן פון אונטער דער קאָלדרע און מיט אַ האַסטיקן שפּרונג איז טשאַרלי אַראָפּ פון בעט. דאָס פּיצעלע מענטשעלע, מיטן קליינעם, דאַרן גופל, האָט גענומען אויף זיך אַרויפציען די הויזן, אַ משונהדיק געשטרייפּט העמד, אַ קאַפּטן. ער האָט צוגעהאַלטן די הויזן און געזוכט עפּעס אונטער דער סאָפּקע:

— נו, בענעלע, וואַלצער, גרויסער פאַרדינער, דו שטייסט אויף צי ניין? מ'דאַרף איינהייצן דעם אויוון און שפּאַנען ס'פערד!

דער זון, אַ פאַרשלאָפענער, האָט געענטפערט מיט אַ געדעמפּט קול:

— שפּאַן אַליין!

און זיך איבערגעדרייט צו דער וואַנט.

— אַז דערהרגעט זאָלסטו ווערן! כ'האָב אָנגעקויפט אַ פולן קעלער מיט קאַרטאָפּליעס, בוראַקעס, אויפס און פאַרשיידענע וועדזשעטעבלס, קומט אַ פראָסט, בין איך אומגליקלעך!

ער האָט געפונען אַ שטריקל, פאַרבונדן אַרום די הויזן, צוגעגאַנגען צום פענצטער, אַרויפגעקוקט צום פאַרוואָלקנטן הימל און געשריגן פאַרצווייפלט:

— גוואַלד! כ'האָב מורא פאַרן היינטיקן וועטער! טאָמער שנייט, בין איך אַ געקוילעטער! דו שטייסט אויף צי ניין? — האָט ער גענומען טרייסלען זיין זון ביי די אַקסל.

בעני האָט אויפגעהויבן זיין שוואַרצן, באַפּעדערטן קאָפּ, גע־

קוקט מיטן רעכטן, געזונטן אויג צו זיין פֿאָטער און מיט דער האַנט אָנגעוויזן אויפֿן לינקן:

— אויב דו וועסט מיר געבן געלט אויף אַ גלעזערן אויג, שפּאַן איך איין ס׳פֿערד.

— אַ גוטע קרענק וועל איך דיר געבן! שוין צוויי מאָל געגעבן איז גענוג! מער גיב איך נישט! איך ווייס וואו מיין געלט גייט! פֿאַר נפֿקות, פֿערדלעך און רעסלינג־מעטשעס!!!

— ס׳איז דען בלויז דיין געלט?! — האָט געצאָרנט דער יונג — ווייניק דאָלאַרן האָב איך דיר אָוועקגעגעבן ווען איך האָב פֿאַר־דינט!?

— אָ, דיינע פֿאַרדינסטן און דיינע „טריידס" (פּאַכן) שמעקן איבער דער שטאָט! ווען דער בראָך וואָלט נישט געווען מיינער, וואָלט איך אויך געלאַכט. אַז ווי צו אַזאַ געלעכטער!... זאָג מיר נאָר, תּכשיט מיינער, וואָס פֿאַראַ „דזשאָב" וואָלסטו איצטער גע־וואָלט?...

— איך וויל נישט דעם „דזשאָב" פֿון שלעפּן דיין שקאַפֿע מיט די פֿאַרפּוילטע עפּל!... איך וויל נישט זיין קיין פּעדלער! איך וויל זיין אַ מענטש פֿאַר זיך! קניפּ אויף דיין קניפּל, פּאַפּ, עפֿן מיר אויף אַ ביזנעס און איך וועל דיר ווייזן ווי אַזוי מען מאַכט געלט!...

טשאַרלי האָט געטאָן עפּעס אַזוינס ווי אַ לאַך און אַ וויין צו־זאַמען:

— אַזוי, דו גייסט מיר ווייזן ווי אַזוי מען מאַכט געלט?... איז, זאָג מיר נאָר, וואָס פֿאַראַ ביזנעס ווילסטו?

— אַ פּול־רום (ביליאַרד).

— אָ, דאָס איז די ריכטיקע ביזנעס! און פֿאַרן ריכטיקן ביז־נעסמאַן!...

פֿאָטער און זון האָבן זיך אָנגעקוקט פֿול מיט שנאה. טשאַרלי האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין וואַטאָווע רעקל, אַ שפּיי געטאָן פֿול מיט פֿאַראַכטונג אין זיין זונס זייט און זיך געלאָזט גיין צום שטאַל.

טשאַרלי האָט אויף אינדערגיך איינגעשפּאַנט ס׳פֿערד צום וואָגן, וואָס איז נאָך פֿון דער נאַכט פֿריער געווען באַלאָדן מיט קאַרטאָפֿל, אויפּס און גרינסן. ווען ער איז שוין געווען גרייט זיך

אַוועקצוזעצן אויפֿן גערעס, האָט ער זיך אין עפּעס דערמאָנט. ער האָט פֿאָרזיכטיק אַרויסגענומען פֿון דער הינטערשטער קעשענע אַ בייטעלע; אַרויסגעגראַבלט אַ דאָלער און אַביסל זילבערנע מטבעות, עס איינגעוויקלט אין אַ שטיקל פּאַפּיר און דאָס דורכגעשטופּט דורכן לאָך פֿון פֿענצטער. דערנאָך האָט ער פֿלינק אַ שפּרונג אַרויף געטאָן אויפֿן געזעס, אַ צי געטאָן די לייצן און אויסגערופֿן:

— האַרי אַפּ! וויאָ, שקאַפּעלע, וויאָ!

איבערן פֿאַרשלאָפֿענעם געסל האָט אָפּגעהילכט אַ רעגלמעסיק קלאַפּן פֿון פֿערדישע פּאָדקאָוועס און אַ סקריפּען פֿון פֿאַרזשאַווערטע רעדער. טשאַרלי האָט זיך איינגעגנורעט אין דער וואַטאָווער קורטקע און זיך געשאָקלט אויפֿן האַרטן געזעס. ער האָט זיך פֿאַרטיפֿט אין רעיונות: ווי די צייט פֿליט?! שוין פֿינף און דרייסיק יאָר זינט ער איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, איינער אַליין, פֿון אַ דאָרף לעבן אַ גרויסער שטאָט אין פּוילן. ער האָט זיך מיט יונגע כוחות צו־געכאַפּט צום שאַפֿ. געוואָרן אַ פּרעסער ביי קליידער. געאַרבעט פֿון פֿרי ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין. ער האָט געהאַט איין גרויסן ציל: אָנזאַמלען גענוג געלט אויף אַריבערצוברענגען טאַטע־מאַמע און זיינע דריי שוועסטער. אָבער ווען עס האָט שוין געהאַלטן נאָענט צו זיין ציל, האָט ער אָנגעהויבן שטאַרק צו הוסטן, און אַ דאָקטער האָט פֿעסטגעשטעלט אַז עס איז שווינדזוכט. ער האָט גלייך פֿאַרלאָזן ניו־יאָרק. אַוועק אין אַ סאַניטאָריום, אין די בערג. ווען עס איז אים, נאָך דריי יאָר, בעסער געוואָרן, איז ער אַריינגעפֿאָרן אין דערנעבנדיקן דאָרף, זיך דאָרטן באַזעצט. אין משך פֿון עטלעכע יאָר איז דאָס דאָרף אויסגעוואַקסן צום איצטיקן שטעטעלע גריוועגס־וויל. דאָ האָט ער אָנגעהויבן האַנדלען. געוואָרן אַ פּעדלער פֿון פּרוכט און גרינסן. דאָס האָט אים עפּעס ווי דערמאָנט אין זיין אַמאָליקן דאָרף, אין פּוילן. דאָ האָט ער חתונה געהאַט. געעפֿנט אַ פּרוכט־קראָם. דאָס ווייב האָט אים אַביסל צוגעהאָלפֿן אין האַנדל. דאָ איז אויך געבוירן געוואָרן זיין זון, בעני. אין אַ קורצער צייט אַרום אָבער, איז אים זיין ווייב געשטאָרבן. פֿון דעמאָלט אָן גייט אים מיט דער פּוטער אַראָפּ. ער האָט אויפֿגעגעבן די קראָם. גענו־מען אַרומפֿאָרן איבער די דערפֿער מיט אַ פֿערד און וואָגן, און אין

דער זעלבער צייט האָט ער זיך אויך געמוזט אָפּגעבן מיטן דערציִען בענין. אָבער, ווי עס ווייזט אויס, האָט ער אים נישט גוט אויפ־געכאָוועט. איין גאָט ווייס וואָס פון דעם יונג וועט ווערן. איבער אים האָט ער דאָך נישט חתונה געהאַט.

און טשאַרלי האָט זיך דערמאָנט אין די פאַרשיידענע ווייבלעך וואָס ער האָט באַגעגנט אין משך פון די לאַנגע יאָרן. ער האָט קיינ־מאָל ערנסט נישט געטראַכט וועגן תכלית. אַריינגעמען אַ פרעמדע יידענע, איר געבן עסן און אָנפאַרטרויען זיין האָב און גוטס, דאָס נישט! דערצו נאָך האָט ער, בשום אופן, נישט געוואָלט זיין אייג־ציק קינד געבן קיין שטיפמאַמע. און אַזוי זיינען געלאָפן די יאָרן און ער איז געבליבן אַן אלמן. שוין דריי און צוואַנציק יאָר אַז ער האָדעוועט זיין בענין. געוואָלט אים דערציִען קודם ווי אַ יידיש קינד, געשיקט אים צו אַ מלמד, נאָר דאָס לערנען איז אים נישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין. אָ, ווען ער וואָלט געוועזן געוואָלט שטודירן, וואָלט ער אים דאָך געוועזן געמאַכט פאַר אַ דאָקטער. אַלע וואָלטן דאָך אים מקנא געווען. ער וואָלט חתונה געהאַט מיט אַ רייך מיידל, געהאַט קינדערלעך, ער וואָלט געוועזן אַ זיידע און געשעפּט נחת פון אייניק־לעך. אָבער אַז אַ קינד וויל נישט לערנען און כאָדעוועט זיך ממש אויף די גאַס, אָן אַ מאַמען, איז פאַרפאַלן, אַפילו אין שול האָט ער נישט געוואָלט גיין. מיט גוואַלד האָט מען אים געמוזט שלעפּן. ער האָט אים גענוג בוכצעס דערלאַנגט, נאָר עס האָט געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. נישט דאָס האָט געוואָלט לערנען און נישט דאָס וויל אַרבעטן, העלפן אין פרנסה. וואָס איז שוין דער יונג אַלץ נישט גע־ווען: אַ פייערלעשער, אַ באָקסער, אַ „רעסלער", אַ „לאַיף־גאַרד", זומער, ווען עס קומט צופאָרן דער צירק, ווערט ער גאָר אַ „באַר־קער". ער טוט אָן אַ מונדיר ווי אַ נאַטשעלניק, האַלט אַ טרובע ביים מויל און רופט די פאַרבייגייער: „קומט און זעט די וואונדער פון דער וועלט! אַ פרוי מיט אַ באָרד! אַ מאַן מיט צוויי קעפּ! אַ באַ־שעפעניש, האַלב מאַן און האַלב פרוי!"... פון צייט צו צייט פלעגט ער אַהיימברענגען אַ פאָר טאַלער, אים דאָס אָוועקגעבן, אָבער שפּעטער האָט ער ביי אים צוריקגענומען דריי מאָל אַזוי פיל. עס טרעפט אויך אַמאָל אַז בעני ווערט פלוצעם גוט און נעמט אים אַרויס־

העלפן אין האַנדל: ער שפּאַנט ס׳פערד; לאָדנט אָן דעם וואָגן; פאַרט איבער די דערפער; און ער טויג זיך גראָד זייער גוט אויס צום מסחר. טשאַרלי ווייסט שוין דעמאָלט אַז בענעלע נויטיקט זיך אין געלט. באַלד ווי ער קריגט נאָר אַרויס פון טאַטן די סומע געלט וואָס ער דאַרף, ווערט ער נעלם און אויס פעדלער... דערצו איז ער נאָך אַ היץ־קאָפּ; חברט זיך מיט שלעכטע חברים; אַלע ווײַלע כאַפּט ער זיך שלאָגן; און אין איינעם אַזאַ געשלעג האָט ער פאַר־לוירן אַן אויג. פון דעמאָלט אָן איז שוין פון אים גאַרנישט מער אויסצוהאַלטן. ער שלעפּט כסדר פון אים געלט און פאַרשווינדט אויף גאַנצע נעכט, אָדער ער ליגט ווי אַ באַרג אויף זיין געלעגער גאַנצע טעג און רירט זיך נישט פון אָרט... ער ווייס באמת שוין נישט וואָס פאַר אַן עצה ער זאָל זיך מיט דעם יונג געבן. ווען ער וואָלט זיך אויסגעזוכט עפּעס אַ לייטיש מיידל, און וואָלט געוואָלט מיט איר חתונה האָבן, וואָלט ער אים געגעבן געלט אויף אַ גלעזערן אויג און וואָלט אים איינגעאָרדנט עפּעס אַ שטיקל ביזנעס. אָבער אַזוי ווי ער הולטייעוועט איצטער אַרום, וועט ער אים נישט געבן קיין איין פּעני. ער האָט טאַקע, געלויבט דעם אויבערשטן, אָפּגעשפּאָרט אַ פיין פאַרמעגן פון זיין שווערער האָרעוואַניע, אַביסל טאַקע אויך פון זיין זונס פאַרדינסטן, אָבער ער האָט דאָס געלט אַזוי באַגראָבן, אַז זיין בענעלע וועט קיינמאָל נישט וויסן וואו. ער געטרויט נישט קיינעם. נישט זיין זון און אַפילו נישט די בענק. מען קאָן קיין מאָל נישט וויסן...

טשאַרלי האָט מיט אַ מאָל דערפילט ווי עס איז אים געוואָרן נאָס אונטערן קאָלנער. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און צו זיין גרויס פאַרוואונדערונג געזען ווי עס פאַלט אַ שניי און פאַרדעקט די ביימער, דעם אַספאַלט, און ווייסט אָפּ די הייזלעך אַרום. ער האָט שוין איצטער וואויל פאַרשטאַנען אַז קיין פאַרדינסטן אין זיין סחורה וועט ער שוין היינט נישט האָבן. די אויסגעכאָליעטע באַלעבאָסטעס וואָס זיינען דאָ די קונהטעס זיינע, נעמען ביי אים אַרויס די נשמה. ווי נאָר עס פאַלט צו דער ווינטער און די געסט צעפאָרן זיך, דינגען זיי זיך ווי די היימישע קושענירקעס. ער וועט שוין ליבער צופאָרן צו היימעלע דעם רעסטאָראַטאָר. אַבי נאָר אַ מציאה, וועט יענער

שוין ביי אים צונעמען דעם גאַנצן וואָגן סחורה און אַראָפּ פון מאַרק.

— וויאָ, שקאָפּעלע! — האָט ער גענומען אונטעריאָגן זיין פערדל — וויאָ, האַרי אָפּ!

און מיט אַ מאָל איז גאָר טשאַרלין איינגעפאַלן אַ געדאַנק אַז ער דאַרף נעמען אַ באַלעבאָסטע אין הויז אַריין. גענוג זיך געפּלאָגט מיטן יונג. ער וויל נאָך אויך אַביסל לעבן אויף דער וועלט. אין דער היים ביי אים איז איצטער קאַלט. דער יונג וועט אַוודאי אַפילו נישט איינהייצן דעם אויוון. ס׳גאַנצע לעבן זיינס איז עפּעס אַוועק אין ניוועץ. ער איז נאָך יונג — טראַכט טשאַרלי — נאָך ווייט פון זעכציק. ער איז נאָך פול מיט כוח און דאַרף נאָך האָבן אַ ווייב. ער האָט זיך דערמאָנט אין ראָזען, און אַ ברייטער שמייכל האָט זיך צעלייגט איבער זיין ברוין, צעקאַרבט פּנים. יענע האָט אים עפּעס גאָר צעצונדן. אים אויפגעוועקט פון זיין הינערפלעט. מיט אַזאַ ווי זי וואָלט ער געוואָלט אָפּלעבן די רעשט ביסל יאָרן...

***

די ראָזע האָט זיך באַוויזן נישט לאַנג צוריק אין שטעטל. זינט זי איז געוואָרן די קעלנערין אין דער „קאָפּי־פּאָט״, איז טשאַרלי געוואָרן אַ שטענדיקער אַריינגייער אין דעם דאָזיקן רעסטאָראַן. זי טראָגט אים אַלע מאָל אַנטקעגן אַ פריילעכן „העלאָו פּאָפּ״. אַמאָל רופט זי אים „זיסינקער״, „טייערינקער״, און עס ציט אים צו איר ווי מיט אַ מאַגנעט.

טשאַרלי קומט קיין מאָל נישט אַהין מיט די ליידיקע הענט. אַמאָל ברענגט ער אַ שטיקל שמעקעדיקע זייף; אַמאָל אַ פלעשעלע פּערפיום, וואָס זי גיט באַלד אָן עפּן אויף און אַ באַשפּריץ אירע בלאָנדע האָר; אַמאָל ברענגט ער איר אַ פּאָר נאַילאָן־זאָקן. יאָ, טשאַרלי פאַרשטייט מיט וואָס מען קאָן נעמען אַזאַ שיינע און יונגע מויד, ווי ראָזע.

איין מאָל האָט זי אים דערציילט, אַז זי איז געקומען אַהער פון דער רוישיקער ניו־יאָרק; אַז זי האָט פיינט דעם גרויסשטאָטישן טומל; אַז זי האָט דאָרטן אַ קראַנקע מאַמע; און אַז ווען עס וואָלט זיך איר געמאַכט עפּעס אַ לייטישער שידוך — מעג זיין אַן עלטערער

מענטש — נאָר ער זאָל זיין פאַרמעגלעך און וועלן זיך אונטער־נעמען צו שטיצן איר שוואַכע מוטער, וואָלט זי מיט אים חתונה געהאַט. טשאַרלי האָט דעמאָלט אַ טראַכט געטאָן: אפשר?... אויב שוין יאָ חתונה האָבן, טאָ פאַרוואָס טאַקע נישט מיט אַ שיינער און יונגער? זי וועט אים זיכער וועלן. בפרט נאָך אַז ער וועט איר אַ זאָג טאָן: יאָ, איך נעם זיך אונטער אויך צו זאָרגן פאַר דיין מאַמען...

ער האָט דעמאָלט איינגעהאַנדלט פאַר זיך אַ נייעם אַנצוג און אַ נייעם מאַנטל, און ער פלעגט זיך אָפּט אויספּוצן צו גיין אין רעס־טאָראַן.

איין מאָל, ווען ראָזע האָט טשאַרלין צוגעטראָגן דאָס טעפּעלע קאַווע, און ער האָט באַוואונדערט איר מיטלוואוקסיקע, פעסטע פיגור, האָט זי צו אים אַ זאָג געטאָן:

— פּאַפּ, מען זאָגט אַז דו האָסט ערגעץ באַגראָבן אַ גרויס פאַרמעגן.

— פאַר דער ריכטיקער וועל איך דאָס אויפגראָבן. — האָט טשאַרלי געענטפערט, און ראָזע האָט אים דעמאָלט געגעבן אַזאַ שעלמישן פּאַטש איבער דער פּלייצע, אַז עס איז אים אַזש דורכ־געלאָפן אַ הייסע כוואַליע איבערן גאַנצן קערפּער.

***

איצטער, פאָרנדיק אין זיין וואָגן, איז טשאַרלין אויך אויפן גע־דאַנק געקומען נעבע, די קעכין פון „מאַדזשעסטיק האָטעל", וואָס שדכנט זיך צו אים שוין זינט לאַנג יאָרן. יענע ווערט גרעבער פון יאָר צו יאָר. פּיס האָט זי ווי פעסער, און אַז ער גייט אַמאָל לעבן איר, קוקט ער אויס ווי אַ קליין, גרין אוגערקעלע לעבן אַ גרויסן אַרבוז. אַ גוטע קעכין איז נאָך נישט אַלץ...

טשאַרלי האָט זיך אַ כאַפּ אויף געטאָן פון זיינע טראַכטענישן. ער האָט געזען ווי ער איז, פּונקט ווי זיין פערדל, איינגעהילט אין אַ ווייסן פעלץ וואָס בריט אים מיט קעלט; ווי עס איז אָנגעפאַלן אַ הויכער שניי, קוים וואָס זיין שקאַפּע שלעפּט דעם שווערן וואָגן; און אַז אָט איז ער שוין נישט ווייט פון היימעלע גוזשיק.

טשאַרלי איז צוגעפאָרן צום רעסטאָראַן. איז אַראָפּגעקראָכן פון וואָגן. דער באַלעבאָס האָט אים דערזען און איז אַרויסגעקומען. גוזשיקל האָט דערשמעקט אַז היינט וועט זיך טשאַרלי, דער „מייזער", לאָזן מעלקן. טשאַרלי האָט ערשט איצטער דערשפּירט ווי אויסגע־פּרוירן ער איז. עס שטעכן אים די שפּיץ פינגער. ער האָט גע־וואָלט שוין וואָס גיכער פּטור ווערן פון דער סחורה און שוין זיין ביי ראָזען אין „קאָפי־פּאָט".

מען האָט זיך פונדעסטוועגן לאַנג געדונגען. סיי־ווי־סיי האָט גוזשיק איינגעהאַנדלט אַ גרויסע מציאה. טשאַרלי האָט געשאָלטן, אָבער ער האָט צוגענומען די דאָלאַרן.

ער האָט זיך אויפגעזעצט אויף דעם אָפּגעליידיקטן וואָגן. דאָס פערדל האָט זיך איצטער לייכט געטראָגן איבערן שטעטל. טשאַרלי האָט אַ פריילעכער געטראַכט, אַז היינט וועט ער האָבן אַן „ערנסטן געשפּרעך" מיט ראָזען...

ער האָט אָפּגעשטעלט די שקאַפּע, איז אַריין אין אַ געוועלב, האָט דאָרטן איינגעהאַנדלט אַ פּאָר בלישטשענדיקע אוירינגלעך און אַ קאָלירט שנירל קרעל, און אַ צופרידענער האָט ער זיך געלאָזן פאָרן צום „קאָפי־פּאָט".

אַז טשאַרלי איז אַריין אין רעסטאָראַן, האָט ער דערזען ווי ראָזע זיצט אין אַ ווינקל, ביי אַ טישל, מיט דעם פריזירער יונג, סעמקע שפּיגל, מיט די שוואַרצע וואָנצעלעך. יענער האָט איר דערלאַנגט עפּעס אַן איינגעפּאַקט פּעקעלע. ראָזע האָט דאָס זשעדנע אַ כאַפּ גע־טאָן, אים עפּעס געטאָן אַזוינס ווי אַ קוש, און זיי האָבן זיך נאָך לאַנג געסודעט.

טשאַרלי איז געוואָרן שטאַרק צעטומלט. ער האָט זיך דערפילט נאַריש און קליין. די רכילותן וואָס ער האָט ביז איצטער נישט גע־וואָלט גלויבן און איז געווען בייז אויף די ווייבער וואָס האָבן אים וועגן ראָזען אונטערגעטראָגן אַלדאָס בייז, האָבן ביי אים איצטער געפונען זייער תיקון. ער האָט זיך אַליין איצטער געזידלט, זיך אָנגערופן אַלטער נאַר, בהמה, פערד, און האָט אַן אַנטוישטער זיך אַרויסגעשאַרט פון רעסטאָראַן נאָך איידער עמעצער האָט אים באַ־מערקט, און איז אַ באַטריבטער געפאָרן אַהיים...

דער ווינטער האָט זיך געשטעלט אַ שווערער, מיט גרויסע שנייען און זאַווערוכעס. טשאַרלי האָט געהאַנדלט בלויז אין די שיינע טעג. מיטן זון האָט ער זיך כסדר אַרומגעקריגט. צו ראָזען האָט אים נאָך אַלץ געצויגן. און כדי צו פאַרטיליקן דאָס נאָגנדיקע געפיל, האָט ער זיך ווידער גענומען זען מיט נעכע די קעכין. ער האָט מיט זיך אַליין גענומען איינטענהען, אַז אַזאַ נעכע וואָלט געווען פאַר אים דער ריכטיקער שידוך, אָבער זיין האַרץ איז געבליבן קאַלט. פאַר זיינע אויגן איז אים תמיד געשטאַנען די לאַכנדיקע, בלאָנדע ראָזע.

עס האָבן זיך דערוויילע צו טשאַרלין גענומען דערטראָגן קלאַנ־גען, אַז מען זעט אַלץ אָפטער זיין בענין אַרומגיין מיט ראָזען. אָבער ער האָט דאָס נישט געוואָלט גלייבן. וואָס זעט זי אין אים? אַ לײַדיק־גייער, אַ גאַרנישט, אָן אַ פּעני געלט און אָן אַן אויג... זי האָט דאָך אים בפירוש געהאַט געזאָגט אַז זי וויל אַ געזעצטן מענטש, מעג ער זיין אַן עלטערער, נאָר מיט געלט, און ער זאָל אויך וועלן אויסהאַלטן איר קראַנקע מאַמע?!... און אַז דער געדאַנק האָט אים אַלץ מער געפּייניקט, האָט ער אַ פרעג געטאָן ביי זיין זון.

— מען האָט מיר דערציילט אַז דו גייסט אַרום מיט ראָזען?

— טאָר איך נישט? זי גייט מיט אַ סך אַנדערע אויך.

טשאַרלי האָט שוין מער נישט געפרעגט. פון דעם ענטפער האָט ער געדרונגען אַז צו קיין שידוך וועט עס נישט קומען.

מיט אַ מאָל אָבער, איז עפּעס דער יונג נעלם געוואָרן. עס זיינען אַוועק דריי טעג און דריי נעכט און ער איז אַלץ נישט אַהיימגעקומען. ביז איצטער האָט נאָך דאָס קיינמאָל נישט געטראָפן. אַז ער פלעגט פאַרשווינדן אויף אַ נאַכט, איז ער באַטאָג געקומען אַהיים. איז טשאַרלי געוואָרן זייער אומרואיק. ער האָט ווידער גענומען גיין אין „קאָפי־פּאָט", אָבער אויך ראָזע איז דאָרטן מער נישט געווען. און אַז ער האָט זיך אויף איר נאָכגעפרעגט, האָט קיינער נישט געוואוסט געענוי וואוהין זי איז ערגעץ אַוועק. שוין עטלעכע טעג אַז זי האָט געפעלט. איז ער דאָרטן געזעסן אין אַ ווינקל, ביי אַ טישל, און גע־זופּט די שוואַרצע קאַווע.

מיט אַ מאָל איז אַריינגעקומען סעמקע שפּיגל. ער איז גלייך

צוגעגאַנגען צו טשאַרלין, זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים און וואויל־יונגעריש אַ זאָג געטאָן:

— העי, פּאָפּ, עס קומט דאָך דיר אַ מזל־טוב!... ווי געפעלט דיר דער שידוך?

— וועלכער שידוך?!

— אָ, קאַם אָן, טשאַרלי ,דו ווייסט טאַקע נישט?! וועל, וועל, איך מיין דיין בעניין מיט ראָזען!

— גיי, דו ווייסט נישט וואָס דו רעדסט!

— איך ווייס שוין גאָר וואָס איך רעד. דו לאָז עס איבער צו סעמקע שפּיגל. שוין דריי מעת־לעת ווי זיי זיינען ערגעץ אַנט־לאָפן.

טשאַרלי האָט דערפילט ווי עס ווערט אים ענג אין דער קעל, עס באַשלאָגט אים אַ היץ, האָט ער אָפּגערוקט דאָס טעפּעלע קאַווע און געזאָגט:

— גיי, דו פּלאַפּלסט נאַרישקייטן!

— נו, אַדרבה, וואו איז ער? גיי פרעג זיך נאָך אין זיינע „העננג אַוטס" און פּרואוו געפינען אים... עס איז דאָך אַ פּיצעלע שטעטעלע. אין צוואַנציק מינוט ועסטו וויסן...

טשאַרלי האָט באַצאָלט און איז שנעל אַרויסגעלאָפן פון רעס־טאָראַן. ער האָט זיך געלאָזן מיט גרויס אימפּעט צו די ערטער וואו זיין זון פלעגט גיין. אָבער אומעטום האָט מען אים געזאָגט אַז עס איז שוין אַריבער דריי טעג און דריי נעכט ווי ער איז דאָ נישט געווען.

טשאַרלי האָט דערפילט אַ טיפע שנאה צו זיין זון, וואָס זינט ער איז געבוירן געוואָרן האָט ער אים נאָר פאַרשאַפט צרות און פּיין. און דאָ איז נאָך צוגעקומען דאָס געפיל פון אייפערזוכט וואָס פרעסט אים אָפּ ס'האַרץ. ער האָט זיך געפּרואווט טרייסטן: דער סעמקע שפּיגל, דער אויסוואורף מיט די שוואַרצע וואַנצעלעך, האָט אים גלאַט געוואָלט אַביסל נעמען די לעבער... יענער איז אפשר אַליין אייפערזיכטיק, פּלאַפּלט ער... עס איז גאָרנישט אויסגע־שלאָסן אַז זיין בעני האָט ערגעץ אָנגענומען אַ דזשאָב אויף עטלעכע

טעג און אַז ער איז שוין אַפילו איצטער אין דער היים און שלאָפט שוין אויף זיין געלעגער.

פון דעם דאָזיקן געדאַנק איז אים געוואָרן אַביסל וואַרעמער אויף דער נשמה, און אַ באַרואיקטער האָט ער זיך געלאָזן גיין אַהיים.

**
*

די „שענטי" איז געשטאַנען איינגעהילט אין פינצטערניש. טשאַרלי האָט אויפגעשלאָסן די טיר. ער האָט אַ צי געטאָן אַ שטריקל פון אַ לעמפל. אַ מאַטע שיין האָט אויפגעלויכטן. ער האָט דערזען אַז בעניס בעט איז פוסט. מיט איין שפרונג איז ער שוין געווען אין קיך אויך. די סאָפקע איז געשטאַנען אַ ליידיקע. ער איז צו־געלאָפן צום קליינעם אַלמערל און דערזען אַז בעניס איינציקער, גוטער אָנצוג פעלט און אַז זיינע נייע שיך זיינען אויך נישטאָ... מיט אַמאָל איז אים באַפאַלן אַ מוראדיקער געדאַנק. ער איז מיט אַ בלי־ציקער שנעלקייט אַראָפּ אין קעלער און גענומען אויפזוכן די צוויי ערטער וואו ער האָט באַגראָבן זיין פאַרמעגן. ער איז צו צו אַ ווינקל, אַוועקגעשלעפּט פון דאָרטן אַ זאַק קאַרטאָפליעס, אַוועקגע־רוקט אַ ברעט, אַריינגעשטעקט אַ האַנט אין אַ טיף לאָך, פון דאָרטן האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ פאַרזשאַווערט טעפל, און ער האָט מיט גרויס פרייד אָנגעטאַפּט די פּאַפּירלעך, איבערגעציילט ס'געלט. עס האָט גאָרנישט געפעלט פון זיינע דריי טויזנט דאָלאַר. דערנאָך איז ער געלאָפן צום אַנדערן ווינקל. ער האָט מיט שווערער מי אַוועק־געשלעפּט עטלעכע קעסטלעך מיט טוכלע קרויט און גלייך דערזען ווי דאָס ברעט איז אַוועקגערוקט. ער האָט פון דאָרט אַרויסגע־שלעפּט אַ טעפל, איז עס געווען ליידיק. פון זיינע זעקס און צוואַנ־ציק הונדערט פאַרהאָרעוועטע דאָלאַרן איז קיין זכר נישט גע־בליבן.

אַ מינוט איז טשאַרלי געשטאַנען ווי פאַרגליווערט. אָבער באַלד איז ער אַ פאַל געטאָן צו דער פייכטער ערד און זיך צערעוועט ווי אַ נישט־דערקוילעטע חיה. ער איז אַזוי געלעגן אַ גוטע ווײַלע. מיט אַ מאָל האָבן אָפּגעהאַקטע זאַצן גענומען פאַלן פון זיין מויל: אין קרימינאַל!... אייביקע קאַטאָרגע!... דעם „עלעקטריק טשער"

וועט מען זיי געבן!... דערווערגן!... און אויף צו לעצט האָט ער גאָר באַשלאָסן אַז ער וועט זיי אַליין בײדע גוט אָנהרגענען, אָדער אפשר גאָר זיי שפּאַלטן די קעפּ מיט אַן אייזן. אָבער, וואו קאָן ער זיי ערגעץ פּאַקן?!... ער מוז זיי געפינען נאָך איידער זיי פאַרהולטאַיעווען זײַן געלט... נו, איצטער איז אים שוין קלאָר פאַרוואָס זי האָט אויסגעקליבן דעם זון...

נאָך אַ לאַנגן טראַכטן, האָט ער באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו דער פּאָליציי. דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים אַביסל באַרואיקט. ער האָט אַ כאַפּ אַרויף געטאָן אויף זיך דאָס צעפּליקטע, וואַטאָווע רעקל און זיך געלאָזן לויפן צו דער פּאָליציי.

דער פּאָליציי קעפּטן, וואָס איז געוועזן שטאַרק באַפריינדעט מיט בעניק, האָט טשאַרלין רואיק אויסגעהערט, האָט אַ שמייכל געטאָן אונטער די וואָנצעס, עפּעס פאַרשריבן אויף אַ בויגן פּאַפּיר און אַ זאָג געטאָן:

— אָ, קעי, פּאַפּ, מיר וועלן אים שוין אויפזוכן, דעם באָם, מיט דער נקבה און דיר גלײַך לאָזן וויסן. דערווײַל גיי אַהיים און זאַמל אָן פרישע דאָלאַרן.

טשאַרלי האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון דער פּאָליציי און זיך געטרייסט אַז אַ וועלט איז נישט הפקר. ער איז צוריק אַרײַן אין זײַן „שענטי”, און מיטן אָנגעטועכץ איז ער אַרײַנגעקראָכן אין בעט.

פּלוצעם האָט ער זיך צעוויינט. דאָס קליינע קערפּערל האָט זיך פאַרלוירן אין גרויסן בעט. דאָס פּיצעלע קעפּעלע וואָס האָט אַרויסגעסטאַרטשעט פון אונטער דער קאָלדרע האָט אויסגעקוקט ווי פון אַ קליין, אוימבאַהאָלפן קינד מיט אַן אַלט פּנים.

***

לאַנגווײַליקע טעג און גראָע וואָכן האָבן זיך געשלעפּט פאַר טשאַרלין. ער איז שוין מיד געוואָרן פון לויפן אין דער פּאָליציי און פון תמיד קריגן דעם זעלבן ענטפער: „דערווײַל האָבן מיר נאָך גאָרנישט קיין נײַעס”.

מיטן אָנקום פון זומער און האַנדל האָט זיך טשאַרלי אַביסל פאַרטומלט. ער איז ווידער געפאָרן מיט זײַן שקאַפע און וואָגן אײַ־

בער די דערפער, איינגעקויפט גרינסן און פאַרשיידענע פּירות, שפּעטער דאָס צוגעפירט צו די קעמפּס, עס פאַרקויפט צו די זו־מער־געסט, און ווידער געשפּאַרט געלט, צונויפגעלייגט אַ דאָלער צו אַ דאָלער, ער האָט דאָס געלט נאָך אַלץ געהאַלטן אין קעלער, אָבער שוין אויף אַ גאָר ניי אָרט.

אָבער אַז עס איז צוגעפאַלן דער ווינטער, פלעגט טשאַרלי כמעט מער נישט אַרויסגיין פון דער „שענטי״. צוליב וועמען זאָל ער דאָס אַזוי איינרייסן? — האָט ער כסדר איצטער געטראַכט — די פּאָר קאַרטאָפליעס מיטן שטיקל ברויט וואָס ער דאַרף האָט ער. מער דאַרף ער נישט.

פון צייט צו צייט פלעגט אַריינקומען נעכע די קעכין. זי האָט פון אַ פּאַפּירענעם בייטל אַרויסגעצויגן אַ טעפּל, דאָס אַוועקגע־שטעלט אויפן אויוון און געזאָגט:

— נאַ, עס אַביסל וואַרעמס. ס'איז דאָך שוין גאָרנישט פון דיר געבליבן. דו קוקסט דאָך שוין אויס ווי אַ פלוי!

— בעסער אַ פלוי ווי אַ פעסל! — האָט איר טשאַרלי בייסיק געענטפערט.

— ווי ווערט דאָס אַ מענטש אַזוי דאַר?! — האָט זיך נעכע געוואונדערט.

— און ווי ווערט דאָס אַ יידענע אַזוי גראָב?

נעכע האָט זיך צעלאַכט און דערציילט:

— ווען איך בין געווען יונג, נאָר וואָס אָנגעהויבן קאָכן פאַר האָטעלן, האָט מען מיר געזאָגט, אַז אַ קעכין שטאַרבט פון הונגער, באַגראָבט מען זי אונטערן אויוון. האָב איך אַזוי לאַנג געגעסן און געשטאָפּט אין זיך די פעטע מאכלים, ביז איך בין געוואָרן דאָס וואָס דו זעסט איצט.

טשאַרלי האָט זיך צעלאַכט און עס איז אים געוואָרן היימ־לעכער. באַלד אָבער האָט פאַר אים אין דמיון אַ שוועב פאַרביי געטאָן ראָזעס פיגורל, האָט ער פאַרגליכן די צוויי פרויען און ער איז ווידער צוריק געוואָרן אָנגעכמורעט און אומצופרידן.

נאָך נעכעס אַוועקגיין, איז טשאַרלי ווידער געבליבן איינער אַליין אין דער פוסטער שטוב. עס האָט אים געשראָקן די איינ־

זאַמקייט. געגנאַגט אַ בענקשאַפט. ער האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט, געלייגט זיך שלאָפן, אָבער די אויגן זיינען ביי אים געבליבן אָפן. דורכן פאַרמאַכטן לאָדן האָבן זיך אַריינגעריסן פאַסן ליכט פון דער פולער לבנה, האָבן באַלויכטן די סאָפּקע, דעם וויג־שטול וואו זיין בעני פלעגט זיצן. איצטער איז דאָס אַלץ פוסט. וואו איז ער איצטער? אפשר גאָר איז ער שוין טויט? — איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, עס האָט אים באַשלאָגן אַ הייסע כוואַליע און ער האָט געוואָלט אויסשרייען הויך, פון טיפן ווייטיק...

אַזוי זיינען געלאָפן און גראָ פאַר טשאַרלין געקראָכן די ווינ־טערדיקע טעג און נעכט. דער ווינטער איז געווען אַ שווערער. מיט טיפע שנייען און גרויסע זאַוויערוכעס. טשאַרלי האָט ווייניק גע־האַנדלט. ער האָט זיך געפילט פוסט. ער האָט געהאַט דאָס געפיל פון זיין לער, ווי אַ הויל פאַס.

אָפט האָט זיך טשאַרלי געוואונדערט: ווי אויסטערליש דאָס איז, ער בענקט נאָך דעם זון?!... כדי צו פאַריאָגן די נאַגנדיקע בענקשאַפט, האָט ער אים גאָר אין אַזעלכע מינוטן געגומען אָנרופן מיט די ערגסטע נעמען און האָגלען אויף אים מיט קללות: „גנב", „באָם", „שלאַק", „אויסוואורף", אַז געשעדיקט זאָל ער ווערן!...

אין אַביסל רואיקערע מינוטן, האָט ער די גאַנצע שולד גע־וואָרפן אויף דער פאַרפירערישער ראָזען. ווען ער האָט איצטער געטראַכט וועגן דער בלאָנדער מיטן שיינעם פנימל, פלעגט ער זי גאָר אין זיין דמיון פאַרוואַנדלען אין אַ העסלעכער מכשפה וואָס רייט אויף אַ בעזעם און פאַרשפּרייט גיפט. טשאַרלי איז דעמאָלט געוואָרן אויף איר אַזוי צעקאָכט, אַז ער האָט מיט עקל אַ שפּיי גע־טאָן אין דער לופט און אויסגעשריגן „הור"!

***

אין איינער אַזאַ ווינטערדיקער נאַכט, ווען אין דרויסן האָט געצופּט דער פראָסט און אויף די פענצטער פון דער „שענטי" האָבן זיך אויסגעלייגט ווייסע קווייטן און פראָסטיקע בלימעלעך, האָט זיך טשאַרלין אויסגעוויזן אַז עפּעס עמעצער דראַפּעט זיך אַרום אַרום זיין הייזל. באַלד האָט ער דערהערט אַ שטיל קלאַפּן אין טיר.

— ווער איז דאָרט ? — האָט ער אַ פאַרחידושטער געפרעגט.

און אַ שטים האָט געבעטן :

— עפן, איך בין עס.

דאָס קול איז געווען אַ פרעמדס, אַ הייזעריקס. טשאַרלי האָט אַ פאַרוואונדערטער געעפנט די טיר.

אויפן שוועל האָט זיך באַוויזן בעני, אַן אויסגעבלייכטער, אַן אָפּגעריסענער, אין אַ זומערדיק זשאַקעטל. אויף די הענט האָט ער געטראָגן עפּעס אַן איינגעוויקלט פּעקל. אַ רגע בלויז האָבן זיך טאַטע און זון ביידע אָנגעקוקט שווייגנדיק. באַלד אָבער האָט טשאַרלי דערפילט אַ מוראדיקן כעס אויף בענין, וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַזוי פיל חרפות און בושות, אים אַזוי טיף ווי געטאָן, און דערצו נאָך צוגערויבט זיין שווער פאַרהאָרעוועט ביסל געלט, האָט ער גע־נומען צו אים שרייען :

— מיין געלט אָהער ! אַז נישט שפּאָלט איך דיר דעם מוח און האַק דיר אויס דאָס צווייטע אויג ! דו קאַטערינשטשיק ! דו „באָם” איינער ! — האָט ער זיך צערעוועט מיט אַ ווילד קול. ער האָט אַ ווילד־געוואָרענער זיך געלאָזט אין קיך אַריין, איז צוריק־געקומען מיטן לאַנגן שאַר־אייזן, ער האָט עס אויפגעהויבן און זיך פאַרמאָסטן צום שלאָגן.

— פּאָפּ, ס׳קינד !!! — האָט דער יונג אַ רעווע געטאָן און אָנגעוויזן אויפן פּעקל וואָס ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אויף זיינע הענט.

דאָס אויפגעהויבענע אייזן איז אַרויסגעפאַלן פון טשאַרליס הענט. ער איז געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטער. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געפרעגט :

— אַ קינד ?!... וועמענס איז דאָס ?!

— וואָס הייסט וועמענס ? מיינס און דער בלאָנדערס, אַז גע־הרגעט זאָל זי ווערן וואו זי איז דאָרטן ערגעץ !... ווי נאָר זי האָט זיך אויסגעליידיקט, האָט זי ביי מיר צוגעגנבעט דאָס געלט און מיך איבערגעלאָזן מיטן בענקאַרט. געוואָלט דאָס אַרויסוואַרפן — האָט ער אָנגעוויזן אויפן פּעקל — אָבער כ׳האָב עפּעס נישט געהאַט

קיין האַרץ. אַז איך וועל מיך פון דעם באַפרייען, וועל איך זי אויס־זוכן און זי דערוועוערגן מיט מיינע אייגענע הענט!!!

דאָס קינד האָט זיך פּלוצעם צעוויינט. בעני האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, עפּעס ווי ער וואָלט געוואָלט דאָס אומגעווינטשטע פּעקל אַוועקוואַרפן, ערגעץ אַ שליידער אַוועק טאָן און אַ סוף אַן עק זאָל עס נעמען, פּטור אַן עסק...

— מערדער!!! — האָט טשאַרלי אַ געשריי געטאָן, אַ כאַפּ אַרויס געטאָן דאָס וויינענדיקע פּעקל פון זיין זונס הענט, און עס אָנגעהויבן הוידען און וויגן.

אַ ווײַלע האָבן ביידע געשוויגן. בעני האָט אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ פלעשעלע מילך מיט אַ מאַמקע, דאָס אַוועקגעשטעלט אויפן טיש, איז אַריין אין קיך, אַראָפּגעצויגן פון זיך די פייכטע בגדים, אַ מידער איז ער אַוועקגעפאַלן אויף דער סאָפקע, און באַלד האָט זיך איבערן הויז צעטראָגן אַ הויכער כראָפּען.

טשאַרלי האָט פאָרזיכטיק אַוועקגעלייגט דאָס קינד אויפן ברייטן בעט. ער האָט גענומען דאָס פלעשעלע מילך. עס אַריינגעשטעלט אין אַ טעפּל וואַרעם וואַסער צום דערוואַרעמען. דאָס קינד האָט נאָך אַלץ געוויינט. טשאַרלי האָט אויסגעפּרואווט די טראָפּנס מילך אויף זיין האַנט־פלאַך. ענדלעך האָט ער דאָס פלעשעלע מיט דער מאַמקע אַריינגעשטופּט אין קינדס מויל. דאָס קינד איז שטיל גע־וואָרן. אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז דאָס פלעשעלע געווען אויס־געליידיקט און דאָס קינד איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

טשאַרלי האָט פונאַנדערגעוויקלט דאָס קינד, געזען אַז עס איז אַ מיידעלע. עס ליגט נעבעך אין אומריינקייט. ער האָט אויס־געזוכט אַן אויסגעוואַשן ליילעך. עס צעריסן אויף עטלעכע שטיק־לעך, געמאַכט דערפון „ווינדעלעך", און אומגעלומפּערט איינגע־וויקלט דאָס נפשל. דאָס קינד האָט צוריק צוגעמאַכט די אייגעלעך און איז צוריק איינגעשלאָפן.

טשאַרלי האָט אויפן קינד געקוקט מיט גרויס הנאה און נישט געקאָנט באַשליסן צו וועמען עס איז ענלעך. מיט אַ מאָל איז אים גאָר איינגעפאַלן אַז זי קוקט אויס ווי זיין פאַרשטאָרבן ווייב, באַשע. ער האָט ערגעץ אויפגעזוכט פון איר אַ פאָטאָגראַפיע און זי פאַר־

גליכן מיטן קינדס אויסזען. ער האָט לאַנג געקוקט, און באַשלאָסן אַז זי איז ווי צוויי טראָפּן וואַסער ענלעך צו זיין פאַרשטאָרבן ווייב. אינגאַנצן אין איר געראָטן.

— ווערסט טאַקע הייסן באַשעלע, נאָך דיין באָבען, דיר צו לאַנגע יאָר — האָט ער שטיל גערעדט צו דעם שלאָפנדיקן קינד.

ער האָט זיך מיט אַ מאָל דערפילט שטאָלץ. ער איז אַ זיידע. און עס איז אים געוואָרן היימלעך פון זיין אייניקלס יעדן ריר.

— זאָל דיין מאַמע, די מכשפה, זיין דיין כפרה! — האָט ער גערעדט צום קינד.

טשאַרלי האָט אפשר צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן צוגעלייגט האַלץ און קוילן אין אויוון אַריין מיט אַ ברייטער האַנט. אַ קינד מוז האָבן אַ וואַרעמע שטוב — האָט ער געטראַכט.

דער זון האָט געשמאַק געכראָפּעט. דאָס קינד האָט פון צייט צו צייט אַ פּישטשע געטאָן ווי אַ פייגעלע. דאָס האַלץ און די קוילן אין אויוון האָבן זיך צעברענט און געקנאַקט. אַ פריילעכע וואַרעמ־קייט האָט זיך געטראָגן איבער דער שטוב.

***

יענע נאַכט האָט טשאַרלי נישט געקאָנט איינשלאָפן. ער איז געלעגן וואַך לעבן קינד און מורא געהאַט זיך אַ ריר צו טאָן. ער קאָן נאָך אַמאָל דעם קינד חלילה אַ שטורכע טאָן. ער האָט זיך דערמאָנט ווי זיין זון האָט דאָס געוואָלט אַ וואַרף אַוועק טאָן, האָט עס אים אויפגעשוידערט. ער האָט מיט אַמאָל דערפילט דערפאַר אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אויך אַ טיפע ליבע צו דעם קליינעם באַשעפענישל און אַ נייעם אינהאַלט אין זיין לעבן... אויפן זון קאָן ער זיך דערמיט נישט פאַרלאָזן. אויך מיר אַ טאַטע... ער אַליין וועט דערויף אַכטונג געבן. ער איז שוין איצטער נישט גע־ווען מער בייז אויף זיין זון. ער האָט שוין אויך נישט געטראַכט מער פון זיין פאַרשוואונדן געלט. טשאַרלי האָט איצטער געהאַט נאָר איין גרויסע זאָרג: ווי אַזוי צו כאָוען זיין אייניקל. מיט אַ מאָל האָט ער באַשלאָסן, אַז זיין זון וועט ער שיקן האַנדלען; איצטער וועט שוין זיין בעני מוזן באַשטיין אויף אַלץ; און ער וועט בלייבן

אין הויז און זיך אײנגאַנצן אָפּגעבן מיט אויסכאַדעווען דאָס קינד. יאָ, מאָרגן וועט ער קויפן אַ וויגעלע, ווינדעלעך און נאָך שמאַכטעס. ער וועט אײנקויפן מילך, אַ סך מילך...

פלוצעם האָט זיך דאָס קינד צעוויינט. ער האָט עס אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט און געגומען עס שאָקלען, און אַז דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט ער עס אונטערגעזונגען אַ לידל. די קולות פון קינד זײנען איצטער געווען אַזעלכע שטאַרקע, אַז טשאַרלי האָט זיך געוואונדערט ווי עס קאָן אַזאַ פּיצל קינד אַזוי הויך שרייען. ער האָט געטראַכט, אַז אפשר איז דאָס נפשל נאָך הונגעריק. איז ער אַריין אין קיך, אָנגעוואָרעמט אַביסל מילך, אַרײנגעגאָסן אין פלעשעלע און דאָס געגעבן דעם קינד.

צו טשאַרליס גרויס פאַרוואונדערונג, האָט דאָס קינד עס נישט געוואָלט נעמען אין מויל אַריין. טשאַרלי איז געוואָרן שטאַרק צעטומלט. דאָס געוויין פון קינד האָט אים דערשראָקן. איז ער אַרײנגעלאָפן צום זוך, אים גענומען וועקן, שטורכען און שרייען, אָבער אויפצואוועקן בענין האָט זיך אים נישט אײנגעגעבן. ווען נישט זײן שטאַרקן כראָפּען, וואָלט ער געמיינט אַז דער יונג איז פּשוט אָוועקגעשטאָרבן.

טשאַרלי האָט אַרומגעשפּאַנט איבער דער שטוב מיטן וויינענדיקן קינד אויף די הענט און דאָס שטאַרק געהוידעט. מיט אַ מאָל האָט ער אַ טראַכט געטאָן אַז דאָס איז נישט קיין עסק פאַר אַ מאַנסביל, און פלוצעם איז אים אײנגעפאַלן: נעכע! יאָ, נאָר אַ יידענע דאַרף זיך פאַרען ביי אַ קינד. באַלד ווי עס וועט נאָר נעמען טאָגן, וועט ער לויפן צו נעכען, און איר זאָגן אַז ער וועט מיט איר באַדיי חתונה האָבן, אַבי זי זאָל אים כאַדעווען דאָס קינד...

פון דעם דאָזיקן געדאַנק איז טשאַרלין געוואָרן גוט אויפן האַרצן. יאָ, ער האָט שטאַרק ליב קינדער — האָט ער געטראַכט מיט גרויס הנאה — און צום וויינענדיקן קינד האָט ער געזאָגט:

— שאַ, שאַ, באַשעלע, איך וועל דיר ברענגען אַ גוטע באַבע. זי וועט פאַר דיר קאָכן די טייערסטע מאכלים און דיר זײן אַ געטרייע מאַמע.

# „רבילע זאַם"

— איך זאָג דיר נאָך אַמאָל, חנה לאה, אַז אַמעריקע איז נישט שולדיק וואָס דאָ ווערט דערצויגן אַ דור וואָס איז ניט יידיש, שולדיק זיינען די עלטערן. אַדרבא, הער זיך נאָר איין...

אָט די ווערטער האָט דער אַלטער אהרן הערש געזאָגט צו זיין ווייב, וואָס האָט מיט גרויס הנאה זיך איינגעהערט צו דעם גמרא־ניגון וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער צווייטער שטוב, וואו עס איז געזעסן זייער איינִיקל זלמן, אַ יינגל פון אַ יאָר צען, און געלערנט.

דער גמרא־ניגון האָט זיך מיט אַ קינדעריש קוויטשנדיק קולעכל צעטראָגן איבער דער שטוב:

— שניים אוחזין בטלית!...

— גאָלד מיט בריליאַנטן! — האָט די באָבע אַ צעשטראַלטע אָנגעקוואָלן.

— ער וועט, אם ירצה השם, אויסוואַקסן אַן ערלעכער ייד — האָט אהרן הערש געזאָגט. — איך וועל אים שיקן אין דער ישיבה און אַז גאָט וועט העלפן, וועט ער זיין אַ רב.

— אַן אַמעריקאַנער רב — האָט חנה לאה אַרויסגערעדט נישט־זיכער...

— מען קאָן גאָרנישט וויסן, חנה לאה. דער רבי זיינער זאָגט, אַז אַזאַ קעפּל צום לערנען האָט ער נאָך ביי קיין שום קינד נישט באַגעגנט. איך האָב נאָר מורא, אַז די אַמעריקאַנער לויפערלעך זאָלן אים נישט קאַליע מאַכן.

— ווייס איך וואָס — האָט חנה לאה געזאָגט — האָסט געדאַרפט זען ווי ער היט אָפּ זיין אַרבע־כנפות. ער טראָגט אים אויפן הוילן לייב, אַזוי, אַז די קינדער אויפן גאַס זאָלן עס נישט

דערזען. זיי רייצן זיך מיט אים, די שקצים, אָבער ער וויל די ציצית נישט אויסטאָן אַפילו אויף איין מינוט.

באָבע און זיידע האָבן זיך פאַרטיפט אין זייערע פּלענער וועגן זייער יינגסטן אייניקל, זלמן. זיי האָבן געלייגט אויף אים גרויסע האָפענונגען: ער וועט אָנהאַלטן די לאַנגע קייט פון דער יחוסדיקער משפחה, וואָס ציט זיך נאָך פון גרויסע חסידישע רביים.

דאָ, אין אַמעריקע, האָט עס מיט דער „יחוסדיקער קייט" גע־האַלטן זייער שמאָל. מיט גרויס צער און ווייטיק האָבן אהרן הערש און זיין ווייב צוגעזען ווי זייערע זין, טעכטער און אייניקלעך דערווייטערן זיך אַלץ מער און מער פונעם טראַדיציאָנעלן לעבן, ווערן פאַרגויאישט. און פרעמד איז זיי זייער אַלטע טאַטע־מאַמעס לעבנס־שטייגער. דערפאַר האָבן זיי זיך גענומען מיט אַזאַ ברען אויסצוהאָדעווען זייער יינגסט אייניקל ווי אַן עכט יידיש קינד...

געשען איז דאָס ווען זייער איידעם איז מיט דריי יאָר צוריק אוועק אין מלחמה און זיי האָבן גענומען די טאָכטער מיטן אייניקל צו זיך. זיי האָבן זיי גענומען מיט דעם באַדינג, אַז דערציען ס'קינד וועלן זיי ווי זיי וועט געפעלן.

זייער יינגסטע טאָכטער, העלען, וועלכע גייט יעדן פרי־מאָרגן צו דער אַרבעט, האָט גאַרנישט געהאַט קעגן דעם. זי איז געווען די איינציקע צווישן זייערע זיבן קינדער, וואָס האָט אַרויס־געוויזן אַ נייגונג צו פרומקייט. זי פלעגט פסח נישט עסן קיין חמץ, זי האָט זיך אויסגעהיטן פון עסן טרפות, יום־כפור האָט זי געפאַסט. זי איז געווען צופרידן וואָס איצט, ווען איר מאַן איז ערגעץ אין פאַסיפיק און איר קאָפּ איז נישט צום קינד, זאָלן אירע עלטערן האָדעווען איר יינגעלע און אים געבן אַ פרומע דערציאונג.

— זלמן! זלמן! — האָט די באָבע גערופן — ס'וועט שוין זיין גענוג אויף היינט. עס עפּעס און גיי אַראָפּ אין גאַס זיך שפּילן מיט די קינדער!

זלמן איז אַריינגעקומען אין קיך. אַ בלייך, דאַר יינגעלע מיט אַ פּאָר גרויסע, שוואַרצע אויגן, אַ קעפּל געקרויזטע, ברוינע האָר. שווער געווען צו גלויבן, אַז דעם יינגעלע גייט שוין דאָס צענטע

יאָר. ער האָט לויט זיין קליינעם, דאַרן גוף אויסגעקוקט ווי אַ קינד פון אַ יאָר אַכט, ער האָט דערפון שטאַרק געליטן. די קינדער פון דער געגנט אין זיין עלטער, זיינען גראָד געווען געוויקסיקע און אויסגעקוקט עלטער ווי זייערע יאָרן. זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר „גרויסע" און זיך געזוכט צו חברן מיט נאָך גרעסערע יינגלעך.

ווען זיי האָבן אויסגעפונען אַז זלמן איז פרום און ווילט זיך נישט שפּילן אום שבת, האָבן זיי זיך נאָך מער פון אים דער־וויטערט. די איינציקע זאַך וואָס האָט צוגעבונדן די יינגלעך צו אים, איז געווען וואָס ער האָט געהאַט אַ נאָמען אין דער געגנט פאַרן בעסטן „פּיטשער" אינעם „טים". אַזאַ שפּילער אין באָל איז נישט געווען צו געפינען.

די קינדער האָבן געהערט ווי זיידע און באָבע רופן אים זלמן, האָבן זיי דעם נאָמען פאַרקירצט אויף „זאַם", און אַזוי איז דאָס געבליבן. איין מאָל, אין אַ שפּעטן נאָכמיטאָג, ווען די יינגלעך האָבן געשפּילט באָל און זלמן איז אַ צעיאָכמערטער געלאָפן, האָלטנדיק אין מאַכן אַ „האָם ראַן", האָבן זיי מיט אַ מאָל דערזען ווי לאַנגע צויטן לאָזן זיך אַפּיר פון הינטער זלמנס העמדל. זיי האָבן אויפגעהערט שפּילן און מיט גרויס וואונדער אויף אים געקוקט. ער האָט אין גרויס איילעניש אַרונטערגעשטופּט די ציצית הינטערן העמדל. טראָפּנס שווייס האָבן אַרויסגעשלאָגן אויף זיין שטערן. פּלוצעם האָבן זיך די יינגלעך אַ וואָרף געטאָן אויף זלמנען און גענומען ציען די אַראָפּגעהאַנגענע ציצית. זיי האָבן געשלעפּט, געריסן און געהירזשעט, ווי קליינע לאָשעקלעך. דער פרעכער „מייק אייריש" האָט דערביי געשריגן: „גיוו אַס טהי ספּאַגעטי!" (אַהער מיט די לאָקשן).

זלמן האָט זיך געהאַלטן אין איין בעטן, אַז דאָס איז אַן אַרבע־כנפות, אַ שאַל אַזאַ, וואָס היט אויס פון אַלדאָס בייז... די יינגלעך האָבן נישט געהערט וואָס זלמן בעבעט דאָרט. זיי האָבן מיט גע־פּילדער און געלעכטער אַזוי לאַנג געצויגן דעם ארבע־כנפות, ביז זיי האָבן אים צעריסן אויף שטיקלעך און דערביי אים גערופן „רבילע זאַם". זיי זיינען אַנטלאָפן מיט די „ספּאַגעטי" און זלמן איז אַ פאַר־שעמטער און מיט אַ פאַרשטיקט געוויין געלאָפן אַהיים.

זינט יענעם נאָכמיטאָג זיינען אַריבער עטלעכע וואָכן. זלמן מיידט אויס זיינע חברים. ער שפּילט זיך מער נישט מיט זיי. און זיי — ווען זיי זעען אים קומען פון ערגעץ, שרייען זיי אַלע אין איין קול: „מאַכט אַ וואָרע פאַר רבילע זאַם!"...

זלמן האָט זיך נאָך מיט מער ברען אַריינגעוואָרפן אין לער־נען. ער ווייסט, אַז עס איז דאָ אַ „יענע וועלט" מיט אַ גיהנום פאַר די רשעים און אַ גן־עדן פאַר די צדיקים. ער ווייסט אויך, אַז ווען די יידן וועלן אויסגעלייזט ווערן פון גלות און משיח וועט קומען, וועלן די צדיקים גיין אויף אַ פּאַפּירענער בריק איבער די גרויסע ימים און וועלן בשלום אָנקומען, אָבער די רשעים — זיי וועלן גיין אויף אַן אייזערנער בריק און וועלן אַריינפאַלן. ער האָט שוין אַ סך מאָל געפּרואווט דאָס דערקלערן אַ פּאָר פון זיינע חברים, וועלנדיק זיי ראַטעווען — אָבער די יינגלעך ווילן זיך בשום אופן נישט צוהערן צו זיינע רייד...

זלמן איז אומגליקלעך. ער האָט ליב די יינגלעך און ער האָט זיך ליב צו שפּילן, דערהויפּט גייט אים אויס דאָס חיות צו באַל. מאַכן זיי אָבער די גרעסטע „באַל געימס" אום שבת, און שבת וועט זלמן נישט שפּילן. זיי רייצן זיך מיט אים און שרייען „רבילע זאַם, פּיטש אין", אָבער ער רירט זיך נישט פון אָרט. ער ווייסט גוט, אַז עס איז דאָ אינעם מענטש אַ יצר־הרע און אַ יצר־טוב, און ער האָט מורא נאָכצוגעבן דעם שלעכטן גייסט וואָס אין מענטשן, זיצט ער בעסער שבת אין דער היים, ווייל טאָמער... אפשר... צו וואָס דאַרף ער זיך רייצן מיטן יצר־הרע?...

דעם קומענדיקן שבת גרייטן זיך די יינגלעך פון עטלעכע געגענטן אַרויסצוגיין אין מלחמה. עס וועט זיין טאַקע אַן אמתע מלחמה. אַזוי האָט אים דערציילט זיין איינציקער חבר, דייוו, אַ יינגל, אַ יתום, וואָס הינקט אויף אַ פיסל. ער, דייוו, וועט אויך גיין, ער וועט זיך נישט קענען שלאָגן ווי די אַנדערע קינדער, אָבער ער וועט דערלאַנגען די קוילן צום שיסן... דאָס הייסט, די שטיינדלעך. ער האָט שוין טאַקע אָנגעקליבן אַ פולן זאַק.

עס איז שבת נאָכמיטאָג. פון אַ קלאָרן הימל שפּרייט די זון גאָלדענע שטראַלן. אַ מאַי־ווינטל וויגט די גרינע בלעטער. זלמן

שטייט לעבן זייער הויז אַנגעשפּאַרט אָן אַ בוים. לעבן אים שטייט זיין חבר דייוו און דערציילט וועגן דער גרויסער מלחמה וואָס וועט זיך באַלד אָנהייבן. פון אַלע זייטן ציען זיך ייִנגלעך פון פאַר־שיידענעם עלטער. זיי זיינען באַלאָדן מיט „געווער" — לאַנגע שטעקנס, טראָגן פּאַפּירענע, סאָלדאַטסקע היטלען. מען שלעפּט זיך מיט שטיינער, הילצערנע ביקסן.

— דו זעסט ? דאָס איז נאָך גאָרנישט. דאָרט וועט זיך ערשט טאָן !...

— וואו ? — פרעגט זלמן.

— אויפן שלאַכטפעלד.

— ווייט פון דאַנען ? — וויל זלמן וויסן.

— זייער ווייט. מיר האָבן אויסגעפונען אַ וואונדערלעכן פּלאַץ, הינטערן שטאָט, אויף צו האַלטן מלחמה. מיר רופן דאָס פּלאַץ „וויקטאָרי פילד". אַלץ איז דאָרטן דאָ. אַפילו אַ פעסטונג צו באַשיצן זיך פונעם שונא... איך בין פון „אינטעלידזשענס סקוואַד", ווייס איך אַלע סודות... איך האָב געהאָלפן אויסאַרבעטן די פּלענער...

זלמן קוקט אויף אים מיט גרויס דרך־ארץ.

— גייסט מיט ? — גיט דייוו אים פּלוצעם אַ פרעג.

— ניין. ס'איז שבת... — זאָגט זלמן און קוקט מיט פייכטע אויגן אויף דער „אַרטילעריע" און „אינפאַנטעריע" וואָס ציט זיך פאַרביי אים.

— דו דאַרפסט נישט שפּילן אין מלחמה. דו קאָנסט דאָרט זיין און בלויז קוקן — לאָזט דייוו נישט אָפּ.

— ניין, מען טאָר נישט — זאָגט זלמן שוואַך, און פילט דער־ביי ווי דאָס חיות גייט אים אויס צו זיין אין דער מלחמה.

— עס וועלן זיך שלאָגן פינף מלוכות — זאָגט דייוו מיט היץ — די דייטשן, די יאַפּאַנער, די רוסן, די ענגלענדער און די אַמעריקאַנער. בלוט וועט זיך גיסן ווי וואַסער. מיר האָבן צוגע־גרייט אַ פעלד־שפּיטאָל מיט נוירסעס. אָט זעסט ? — ווייזט דייוו אָן אויף אַ גרופּע פאַרביימאַרשירנדיקע מיידלעך אָנגעטאָן אין ווייסן,

וואָס טראָגן עפּעס אַ לאַנג ברעט מיט שטעקנס — דאָס זיינען אונדזערע נוירסעס.

— אוי, ס'איז דאָך אַ שרעק — קרעכצט זלמן און קוקט מיט מורא און אַנטציקונג אויף די פאַרביימאַרשירנדיקע מחנות יינגלעך מיט געווער, וואָס קומען אָן אויפהער אָן פון אַלע זייטן.

— נו, איך מוז גיין, ס'ווערט שפּעט — האָט דייוו אַרויס־געריעדט מיט אַ וואַזשנער מינע — איך פרעג דיך צום לעצטן מאָל — דו גייסט?

— ס'איז שבת... ס'איז אַן עבירה — שיפּעט זלמן אויס שוואַך...

— אָט גייט מיין רעגימענט — וויזט אָן דייוו אויף פאַרביי־מאַרשירנדיקע יינגלעך און לאָזט זיך לויפן אַ הינקענדיקער.

— וואַרט, דייווי! — האָט זיך קעגן זלמנס ווילן אַרויסגעריסן ביי אים אַ געשריי.

דייווי איז געבליבן שטיין.

— נו, איך וואַרט!

— ביסט זיכער אַז איך וועל דאָרט גאָרנישט דאַרפן טאָן, נאָר קוקן?

— בלויז קוקן... ווייסט גאָר וואָס? — האָט דייווי געזאָגט — איך וועל דיך אַריינשטעלן אין דער פעסטונג, וואו דו וועסט קאָנען זען די גאַנצע מלחמה. וועסט זיין אַן „אָבסערוואַטאָר".

— דאַרף מען פאָרן אַהין? — האָט זלמן געפרעגט מיט שרעק.

— אַלע גייען מיר צופוס.

און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צו „וויקטאָרי לאָט", מיט די מחנות יינגלעך, וועלכע האָבן מאַרשירט צום שלאַכטפעלד.

„וויקטאָרי לאָט" איז באַשטאַנען פון אַ גרויס שטיק לאַנד מיט ווילדע גראָזן, פאַרלאָזענע ביימער און אַ גרויס, אָפּגעברענט הויז מיט אויסגעהאַקטע שויבן.

פון אָט דעם פאַרלאָזענעם פּלאַץ האָבן די יינגלעך אָנגעפירט זייערע שלאַכטן מיטן שונא.

די מלחמה האָט זיך צעפלאַקערט. צום ערשטן האָט אַטאַקירט דער „דייטש". מיט אויסגעשרייען „דויטשלאַנד איבער אַלעס", האָבן

זיך די „דייטשישע" סאָלדאַטלעך געוואָרפן אויף „רוסלאַנד"...
„ענגלאַנד" האָט זיך געשלאָגן פון באַהאַלטענע לעכער... „רוס־לאַנד" האָט געהאָגלט מיט שטיינער און ווילדע אויסגעשרייען. פון שפּיל־ביקסלעך האָט געשאָסן די פּולווער. דאָס קנאַקן האָט פאַר־הילכט די לופט... די „יאַפּאַנעזער", וועלכע זיינען באַשטאַנען פון קליינע, דאַרע, יינגלעך, האָבן זיך געריקט הינטערווייַלעכס און געוואָרפן גרויסע שטיינער און שווערע ציגל, וואָס וואָלטן גע־שפּאָלטן קעפּ ווען זיי זאָלן טרעפן אין ציל. איבער דעם שלאַכט־פעלד האָבן זיך געטראָגן ווילדע אויסגעשרייען: „הוראַ, הוראַ! טויט דעם שונא! הוראַ, הוראַ! טויט די נאַצי בעסטיעס!".

אַ „גענעראַל", וואָס האָט געפירט די „רוסישע" אַרמיי, און געשטאַמט פון רוסישע עלטערן, האָט ווילד געשריגן:

— „העי אוכניעם, מאַרטש, קיל, עקשאַן, כאַראַשאָ!".

דער קליינער זלמן איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אַן איינ־געבויגענער אין דער „פעסטונג" און מיט ציטערניש און מורא אַלע ווייַלע אונטערגעהויבן ס'קעפּל. ער האָט אַרויסגעקוקט דורך אַן אויסגעהאַקט פענצטער און געזען אַז דער בראַך איז גרויס...
עס האָט אויסגעקוקט ווי דער שונא זיגט... קנאַלן און געשרייען האָבן פאַרטומלט די לופט. שטיינער זיינען געפלויגן. זעלנערלעך זיינען אומגעשליידערט געוואָרן צו דער ערד. אָפּט האָט אַ שפּריץ געטאָן בלוט. זלמנען איז באַפאַלן אַן אומרואיקייט. ער האָט געזען ווי דער שונא רוקט זיך זיגרייך פון איין סטראַטעגישן פונקט צום אַנדערן, און שרייט מיט חוצפּה „דויטשלאַנד איבער אַלעס!"

מיט אַ מאָל האָט ער דערהערט אַ באַפעל:

— „אַטעק אַמעריקאַ!"

פון אַלע זייטן האָבן זיך גענומען באַוועגן מחנות קינדער מיט אַמעריקאַנער פענער אין די הענט. ביקסן, שטיינער, ציגל האָבן גענומען פליען.

— „לאָנג ליוו אַמעריקאַ!" — האָט ער געהערט באַגייסטערטע אויסרופן.

— „טויט דעם שונא!"

— „פאָרווערטס!"

— „מאַרטש!"

— „היט דעם האַרד!" — האָט געשריגן דעם באַרבערס ייִנגל.

— היט דעם אין די קישקעס!" — האָט געגוואַלדעוועט סעמעלע דער גראָסערי לײדיס ייִנגל.

זלמן דערפילט, אַז זיין לאַנד איז אין געפאַר. ער ווייס, אַז עס איז זיין חוב צו פאַרטיידיקן זיין לאַנד קעגן שונאים. ער פאַרגעסט אַז עס איז שבת. מיט גרויס אימפעט פּאַקט ער זיך אָן פולע קעשענעס מיט שטיינער, כאַפּט אַ גרויסן שטעקן און לאָזט זיך מיט אַ באַהאַלטענער שרעק אין קאַמף מיטן שונא. ער שרייט העכער פון אַלע ייִנגלעך:

— הוראַ! הוראַ! טויט דעם שונא!

ער וואַרפט אין דער לופטן שטיינער, ציגל, וואָס עס קומט אים נאָר אונטער דער האַנט. די אַמעריקאַנער זעלנערלעך זיינען שוין ווייט פאָרויס, לויפט זיי דער קליינער זלמן נאָך מיט גרויס אימפעט, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט וועלן באַצאָלן פאַר זיין ביז איצטיקן אויסדרייען זיך פון זיינע מיליטערישע פליכטן.

פּלוצעם האָט זיך, ווי פון העלן הימל, עפּעס אַ שווערע משא אַראָפּגעלאָזט אויף אים און אים צוגעדריקט צו דער ערד. עס האָבן געהאַגלט אויף אים קלעפּ. גלייכצייטיק האָט ער דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק אַרום די אויגן און פליסיקייט רינען פון דער נאָז. דאָס — האָט ער געטראַכט — איז דער סוף... טויט...

דאָס האָט אַ יאַפּאַנעזערל מיט אַן אָפענעם רעגן־שירעם זיך אַראָפּגעלאָזט פון אַ בוים אויף זלמנס קאָפּ.

— הענדס אַפּ! — האָט ער מיט אַ מאָל דערהערט אַ באַפעל — דו ביסט אַ געפאַנגענער!

זלמן האָט געקוקט מיטן אָפענעם אויג און מיט שרעק דערזען די צוויי ייִנגלעך וואָס זיינען געווען די אָנפירער פון אַ באַנדע אין דער געגנט, ליינער לינקאָלן, דעם דזשעניטאָרס ייִנגל, אַ נעגער־ייִנגל פון אַ יאָר צען, און מאָו איריש, אַ רויט, געוויקסיק בחורל, מיט צעריסענע פּלודערן.

— מיר זיינען יאַפּאַנישע פּאַראַשוטיסטן — האָט מאָו איריש

געזאָגט — און אויב דו וועסט נישט טאָן וואָס מיר באַפעלן, וועלן מיר דיר אונטערהאַקן די זייטן!... שיסן מיט אַ ביקס!...

זלמן איז געשטאַנען מיט אויפגעהויבענע הענט. אַט־אַט צעוויינט ער זיך הויך אויפן קול. עפּעס אַ קלייניקייט — איבער אים וועט אַמעריקע פאַרלירן די מלחמה... ער האָט איינגעהאַלטן די טרערן. סאָלדאַטן וויינען נישט...

ער האָט זיך באַלד דערמאָנט אַז עס איז שבת, און ער איז געווען זיכער, אַז דאָס האָט אים גאָט געשטראָפט. דער אויבער־שטער האָט אים געוואָלט אויספּרובירן און זען ווער עס וועט זיגן, דער יצר־הרע צי דער יצר־טוב, און געזיגט האָט דער יצר־הרע. וואָס וועט ער זאָגן זיין זיידן מיט דער באָבען? און וואָס פאַר אַ תירוץ וועט ער געבן זיין רבין? ווער האָט אים אַזוי צעמזיקט?

אָבער דאָ האָט ער דערהערט אַ פייפן און אַ טרובען פון בלעכערנע טראָמפּייטן און פאַפּירענע פייפעלעך, צוזאַמען מיט אויס־געשרייען:

— אַמעריקע האָט געזיגט!

— פּיס! (שלום)

— הוראַ! הוראַ!

— זאָל לאַנג לעבן דאָס פרייע אַמעריקע!

ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן און געוואָלט לויפן, אָבער ער האָט דערפילט ווי צוויי הילצערנע ביקסן זיינען אים צוגעשטעלט געוואָרן צום קערפּער.

— דזשאָסט עי מינוט! — האָבן די צוויי קליינע פּאַראַשו־טיסטן באַפוילן — ניט לויפן! די הענט קאָנסטו אַראָפּלאָזן, אָבער דו ביסט נאָך אַלץ אַ געפאַנגענער, און ביז די אַמעריקאַנער וועלן דיך נישט אויסלייזן, ביסטו אונדזערער.

— אָבער עס איז דאָך שוין אויס מלחמה — האָט זיך זלמן געבעטן.

— זאָל סטינקי ראַלף מיט זיין קאָמאַנדע זען, אַז מיר זיינען נישט געזעסן בחינם אויפן בוים — האָט געזאָגט דאָס נעגער־יינגל און מאָו איריש האָט צוגעשטימט — ס'איז געווען מיין אידייע צו ווערן פּאַראַשוטיסטן... זיי האָבן געלאַכט פון מיין

איינפאַל, זאָלן זיי זען! — און ער האָט געקוקט דערביי אַ פּאָר־שולדיקטער אויף זיין מאַמעס נייעם שירעם, וואָס איז געלעגן אַ צעקנאַקטער אויף דער ערד.

— מיין טאַטע איז אַן אמתער פליער, ער פירט אַליין אַן עראָפּלאַן! — האָט זיך זלמן געפּרואווט ביי זיי איינקויפן.

— כאַ־כאַ־כאַ, — האָבן די ייִנגלעך געלאַכט, — אַן אמתער פליער... „רעבעלע זאָם"...

ס'האָבן פאַרביימאַרשירט זיגרייכע ייִנגלעך מיט אַמעריקאַנער פענער. פייפעלעך, וועגעלעך, פענדלעך. טעפלעך האָבן געקנאַקט. צעיאָכמערטע, פאַרשוויצטע, מיט ברענענדיקע אויגן פון נצחון האָבן די ייִנגלעך זיך געריצט מיט זייערע באַזיגטע שונאים.

מען האָט זלמנען באַפרייט, אָבער אַזוי גלאַט איז עס נישט אָפּגעגאַנגען. סעמי רובינשטיין און דייווי קאָהן, וועלכע זיינע גע־ווען די גענעראַלן און האָבן אָנגעפירט די סטראַטעגיע, האָבן גע־זאָגט, אַז „רעבעלע זאָם" האָט זיי פאַרשוואַרצט דאָס פּנים מיטן לאָזן זיך פאַנגען פון די „דזשעפּס" (יאַפּאַנער). דער איינציקער געפאַנגענער פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי... זיי האָבן אים דערי־בער צוגעגעבן נאָך אַ נאָמען „שלימיאל", און די ייִנגלעך האָבן אים איצט שוין גערופן „רעבעלע זאָם שלימיאל".

זלמן האָט דערפון שטאַרק געליטן. ער האָט דערנאָך שוין אינגאַנצן געוויכט פון דער חברה און מיט מער ברען האָט ער געלערנט די הייליקע תורה אין וועלכער ער האָט געפונען טרייסט און דערליידזונג.

# דער עצה־געבער

נחום וויטקאָף, רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער צייטונג „דער עקספּרעס״, איז געזעסן ביי זיך אין אָפיס מיט אַ געבויגענעם, באַזילבערטן קאָפּ. זיינע לאַנגע פינגער האָבן לייכט געריבן די שלייפן וועלכע האָבן אים כסדר געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער.

אויפן שרייב־טיש זיינען געווען אָנגעוואָרפן צייטונגען, זשור־נאַלן, מאַנוסקריפּטן און בריוו, וועלכע ער האָט געדאַרפט איבער־קוקן און באַשטימען וועלכע דאַרפן געדרוקט ווערן און וועלכע נישט. ער האָט אויך געמוזט אָנשרייבן אַ לייט־אַרטיקל און זיך בשום אופן נישט געקאָנט קאָנצענטרירן אויף זיין אַרבעט.

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט, געמאַכט אַ פּרואוו צו טאָן זיין רוטינע אַרבעט.

נחום וויטקאָף האָט מעכאַניש איבערגעקוקט די אַרטיקלען און די בריוו און יענע וועלכע האָבן געבעטן עצות פאַר פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן, האָט ער, ווי אַלעמאָל, איבערגעגעבן צו אַ שרייבער פון דער צייטונג, אַז יענער זאָל ענטפערן, — דאָס איז שוין לאַנג נישט געווען זיין אַרבעט.

וויטקאָף האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און זיך געכאַפּט אַז ער מוז גלייך אָנשרייבן דעם לייט־אַרטיקל, וועלכער דאַרף אין אַ שעה אַרום שוין זיין אין דרוק.

האָט ער אָנגעפאַנגען שרייבן, און זיך געכאַפּט, אַז עפּעס „קלאַפּט״ נישט. פאַר זיינע אויגן האָט געשוועבט די שטאָלצע זינאַ, מיט די גרויסע, ברוינע, ברענענדיקע אויגן, וועלכע האָבן געמאָנט און געפאָדערט אַן ענטפער. ער האָט קלאָר געהערט אירע לעצטע ווערטער, וועלכע גיבן אים נישט קיין רו: „איך אָדער זי״. זינאַן איז נמאס געוואָרן דאָס שפּיל אין באַהעלטעניש מיט אַ פאַרהייראַטן מאַן. זי וויל מער נישט הערן קיין שום תירוצים, אַז ווען די צייט

וועט קומען וועט ער זיך זיכער שיידן מיט זיין פרוי...

זינאַ האָט אים געגעבן אַ וואָך צייט צו באַשליסן: אָדער ער קומט צו איר מיט אַ גינסטיקן ענטפער, און ווען נישט, פאָרט זי אַוועק אין אַן אַנדער שטאָט און ער וועט קיינמאָל מער אין זיין לעבן איר ניט זען.

און ער ווייסט גוט, אַז דאָס מאָל איז זינאַ אַנטשלאָסן אַזוי צו האַנדלען. דערווייל האָט ער נאָך גאָרנישט געטאָן, און מאָרגן ענדיקט זיך שוין די וואָך...

נחום וויטקאָף איז נישט געווען גליקלעך מיט זיין פרוי. אָבער אויך נישט אומגליקלעך. „גליק" — פלעגט ער טראַכטן — איז אַ צו גרויס וואָרט. ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, האָט עס נאָך קיין שום מענטש נישט דערגרייכט. אויב אַ מענטש קאָן זיין צופרידן, איז עס שוין אויך אַ דערגרייכונג.

און ביז זינאַ איז נישט געקומען אין זיין לעבן, האָט ער שוין געהאַט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז אַ מענטש קאָן לעבן אָן גליק אויך.

אָבער דורך די צוויי יאָר פון זיין צוזאַמענזיין מיט זינאַן, האָט פלוצעם, גראָד אין שפּעטן האַרבסט פון זיין לעבן, אַ שיין געטאָן מיט אַזוי פיל פרייד, אַז אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דורך די אַלע יאָרן האָט ער בלויז עקסיסטירט און ערשט איצט ווייסט ער פון גליק.

זינאַ לאָזט זיך אָבער נישט באַגנוגענען מיט דעם. זי פאָדערט, זי מאָנט מער...

האָט נחום וויטקאָף גראָד פּרובירט אַ רעד צו טאָן מיט זיין ווייב וועגן אַ גט. ער האָט דאָס אָבער קיינמאָל נישט געטאָן אויף אַ דירעקטן אופן, נאָר עפּעס אַזוי פאַרבייגייענדיק פלעגט ער איר זאָגן, אַז ווען מענטשן לעבן נישט גליקלעך צוזאַמען, דאַרפן זיי זיך שיידן, אַפילו ווען מען האָט קינדער... אָבער אַלעמאָל האָט זיך אַזאַ שמועס געענדיקט מיט אַ סקאַנדאַל. זיין ווייב פלעגט אַריינפאַלן אין אַ היסטעריע און אים זאָגן, אַז בלויז שאַרלאַטאַנעס און נישט־פאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן קאָנען האָבן אַזעלכע געפער־לעכע געדאַנקען...

היינט ווי קאָן ער רעדן צו איר וועגן אַ שיידונג?!

אַ גרויסער אָפּהאַלט איז אויך געווען זיין מיזינקע, וועלכע איז געשטאַנען אין שידוכים, און זינאַן פֿלעגט ער טאַקע זאָגן, אַז דאָס איז זיין איינציקער צוריקהאַלט. אַזוי שנעל ווי די טאָכטער זיינע וועט חתונה האָבן, מאַכט ער אַן ענדע צו זיין אומגליקלעך פֿאַמיליען־לעבן.

איצט איז שוין אַריבער אַ יאָר, ווי זיין חנהלע האָט חתונה געהאַט. זי וואוינט אין אַ דערבייאיקער שטאָט און לעבט זיך זייער גליקלעך.

יאָ, די צייט איז געקומען, ווען ער מוז האָבן אַן אָפּענעם אי־בערריד מיט זיין פֿרוי, ווייל אַן זינאַן איז אים עפּעס אַזוי, ווי ער וואָלט געלעבט אַן לופֿט, אַלץ אַרום שטיקט... עס איז אים ענג... זיין אַפּיס, זיין היים, אַלץ. יאָ, נאָך היינט וועט ער רעדן מיט זיין פֿרוי, האָט ער פֿעסט באַשלאָסן.

ווער ווייסט נישט... — האָט עפּעס אַ שדל געשעפּטשעט אים אין אויער אַריין, — ביסט אַ טרוס, אַ פּחדן, אַן אידיאָט און אַ ליימענער גולם... — האָט ער זיך געזידלט אויפֿן קול — פֿאַר דער וועלט איז נחום וויטקאָף אַ מענטש אַ קעמפֿער, אַן אייזערנער כאַראַקטער, פּירט אַלעמאָל אויס וואָס ער וויל, איז גרייט פֿאַר אַן אידייע ס׳לעבן אַוועקצוגעבן, אָבער ווען ס׳קומט צו זיין אייגן לעבן, איז ער אַ שמאַטע, נישט קיין מאַן.

ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט, גענומען נערוועז שפּאַנען איבער׳ן צימער, געדרויכערט איין פּאַפּיראָס נאָכן צווייטן, געשלונגען דעם רויך, זיך באַרואיקט אַביסל, און שוין גאַנץ אַנדערש געקוקט אויף דער זאַך:

— וואָס הייסט, ער רופֿט זיך מיט אַזעלכע נעמען?! וואָס איז ער עפּעס, אַ יינגל אין גאַס?! צי גאָר אַ ייד פֿון אַ גאַנץ יאָר?! אַן אָפּערעיטאָר, אַ פּרעסער, צי אפשר אַ שוסטער אָדער אַ קרע־מער?! וואָלט ער געווען אַזעלכער, וואָלט זיין פּראָבלעם גאָר קיין פּראָבלעם נישט געווען... מען וואָלט דורכגעגאַנגען מיט אַלע נאַרישע פֿאָרמאַליטעטן איינס און צוויי און געענדיקט... איז ער דאָך אָבער אַ מענטש מיט אַ נאָמען, אַ רעדאַקטאָר פֿון אַ צייטונג,

אַ לעקטאָר, אַ שריפטשטעלער, אַ מענטש וואָס דאַרף זיך ברענגען אַלס ביישפּיל פון אַ נאָבעלן און ערלעכן פאַמיליען לעבן!...

אַ שיינער ביישפּיל וואָלט ער געווען פאַר דער וועלט, ווען ער נעמט פּלוצעם, נאָך דריי צענדליק יאָר אָפּלעבן מיט אַ פרוי, און זאָגט: אויס!... גענוג!... ער וויל נישט מער אַזאַ לעבן!... דער סקאַנדאַל וואָלט אים אפשר געקאָסט זיין פּאָזיציע! ניין, ער קאָן נישט! און זיין פרוי וואָלט דאָס חלילה נישט איבערגע־לעבט.

נאָר באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז צו וואָס טויג אים די פּאָזיציע, מיטן כבוד, מיט דער גאַנצער פּאָמפּע און אַלע פאַראַנטוואָרט־לעכקייטן, מיטן גרויסן נאָמען, אַז אַן זינאָן ווערט אים אַלץ וואָכעדיק. אַט האָט ער איר נישט געזען בלויז איין וואָך, און ער פילט זיך שוין ווי אַ לעבעדיקער מת; עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט צוריק־געקומען פון יענער וועלט, און דאָרטן איבערגעלאָזט אַלע זיינע געפילן, און דאָ דרייט זיך אַרום עפּעס אַ דעמב, אַ שטיק האָלץ.

ניין, ער איז נאָך נישט אַזוי אַלט אַז ער זאָל שוין שלום מאַכן מיטן געדאַנק אַרומצודרייען זיך אויף דער וועלט אַ טויטער...

און נחום וויטקאָף האָט ביי זיך פעסט באַשלאָסן, אַז נאָך היינט, גלייך ווי ער וועט אַהיימקומען, וועט ער זיך דורכרעדן מיט זיין פרוי וועגן אַ שיידונג. ער וועט איר באַזאָרגן מיט אַלץ, ס'זאָל איר חלילה גאָרנישט פעלן.

— — — נו, מילא, עס וועט זיך אַביסל טומלען אין די לי־טעראַרישע קרייזן. אָבער מיטן אָנקומען פון עפּעס אַ נייעם סקאַנ־דאַל, וועט זיינער פאַררוקט ווערן אין אַ ווינקל און פאַרגעסן ווערן.

וואָס מער וויטקאָף האָט געטראַכט וועגן זיין לעצטן באַשלוס אַלץ פריילעכער איז אים געוואָרן אויפן האַרצן.

ער האָט זיך צוריקגעזעצט צום שרייב־טיש אַ באַרואיקטער און געלאָסן געשריבן דעם לייט־אַרטיקל.

זיין סעקרעטאַרשע איז אַריין און געלאָזט אים וויסן, אַז אַן עלטער פאַרפאָלק וויל אים זען. זיי בעטן אַן עצה...

— שיקט זיי צו גדליהן — און ער האָט אַפילו נישט אויפ־געהויבן זיין קאָפּ פון שרייב־טיש.

— שוין געשיקט, אָבער זיי ווילן נישט גיין, זיינען איינגע־שפּאַרט און ווילן דווקא זען דעם הויפּט־רעדאַקטאָר. זיי זאָגן, אַז זיי קענען אייך. זיי גייען צו אַלע אייערע לעקציעס.

נחום וויטקאָף האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיינע קלוגע אויגן האָבן געשמייכלט מיט הנאה.

— הייסט זיי וואַרטן, איך וויל זיי רופן אַביסל שפּעטער.

אין אַ האַלבע שעה אַרום זיינען שוין מאַן און ווייב געזעסן אין וויטקאָפס אָפיס און אויסדערציילט פאַרן רעדאַקטאָר זייער פּעקל צרות. ס׳הייסט רעדן האָט גערעדט זי, מיסעס גרינשפּאַן, דער מאַן איז געזעסן אַ פאַרשולדיקטער, מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, און יעדעס מאָל ווען ער האָט געוואָלט אַריינוואַרפן אַ וואָרט, האָט אים זיין ווייב נישט געלאָזט.

דער רעדאַקטאָר האָט אים באַרואיקט:

— איר וועט רעדן שפּעטער.

דערווייל האָט דערציילט זיין ווייב:

— עס איז שוין אַריבער אַ יאָר, ווי ער איז פּלוצעם אַרונטער פון גלייכן וועג: קומט אַהיים מיטן מילכמאַן צוזאַמען, און ער גיט אַן פאַרשיידענע תירוצים, ביז כ׳האָב אים אַליין גענומען נאָכ־שפּיאָנירן און אויסגעפונען אַז ער האָט אַ געליבטע... און דאָס איז איצט, נאָכדעם ווי מיר זיינען שוין פאַרהייראַט איבער דרייסיק יאָר; האָבן שוין דריי אויסגעגעבענע קינדער און פיר טייערע אייניקלעך; און אַז כ׳האָב אים געמאַכט אַ סקאַנדאַל און אים נישט געלאָזן מער גיין צו יענער, האָט ער זיך איינגעשפּאַרט, אַז נישט אַנדערש ווי נאָר אַ גט זאָל איך אים געבן!...

נחום וויטקאָף האָט דערפילט אַ גרויסע סימפּאַטיע צום פרעמדן מאַן. אָבער — האָט ער זיך געטראַכט — ווי קאָן איך אים געבן אַן עצה, אַז איך קאָן מיר אַליין קיין עצה נישט געבן?...

די ברייטע יידענע האָט נישט געקאָנט איינזיצן אויף אַן אָרט. זי האָט געשריגן און געטופּעט מיט די פיס. דער רעדאַקטאָר האָט

זי קוים באַרואיקט און געפרעגט דעם מאַן, וואָס ער האָט צו זאָגן.

— איך האָב יענער ליב און איך וויל אַ גט, — האָט ער גע־ענטפערט פשוט.

— אַ גוטע קרענק וועל איך דיר געבן — האָט זיין יידענע געלאָזן הערן איר קול — אָבער נישט קיין גט...

נחום וויטקאָף איז געוואָרן אַ פאַרציטערטער פון דער פרויס רייד, און איז גרייט געווען איר גוט אויסצוזוסרן. אָבער באַלד האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער איז דאָך אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג, אַ מענטש וואָס דאַרף אַכטונג געבן אויף דער מאָראַלישער זייט פון דעם פאַמיליען־לעבן, און דאָרט וואו דער בנין שאָקלט זיך, מוז ער זען און העלפן אים אַוועקשטעלן אויף אַ פעסטן און זיכערן באָדן:

— עס איז זייער נישט ריכטיק פון אייער זייט, מר. גרינשפאַן, צו פירן אַ טאָפל לעבן — האָט נחום וויטקאָף געהערט זיין קול, וואָס האָט אים געקלונגען פרעמד, ווי ער וואָלט גערעדט פון אַ פוסט פאַס... — אָפגעלעבט אַ גאַנץ לעבן מיט אַ געטרייער פרוי און איצט, אויף די עלטערע יאָרן, ווען אַ מענטש דאַרף האָבן רו, לויפט איר ווי אַ יינגל צו אַ געליבטער!... נישט שיין!... סקאַנדאַליעז!...פאַרגעסט נישט, אַז איר זענט שוין אַ זיידע!... איר ווילט דווקא אומגליקלעך מאַכן פיר פאַמיליעס?!

מר. גרינשפאַן האָט אים אָנגעקוקט צעשראָקן, עפּעס ווי ער וואָלט אים נישט פאַרשטאַנען.

— איך מיין — האָט אים דער רעדאַקטאָר געגעבן צו פאַרשטיין — אייערע דריי פאַרהייראַטע קינדערס היימען און טאָקע אייער אייגענע היים... איר שטעלט אַלץ אין קאָן!

— אַז זי האָלט מיך פאַרשפאַרט און לאָזט מיך אין גאַס נישט גיין — האָט שוין מר. גרינשפאַן געטענהט אַביסל נאָכגעביק.

— דאָס איז אַ גרויסע עוולה פון אייער זייט — האָט וויטקאָף געזאָגט צו דער פרוי — וואָס הייסט, איר לאָזט אים נישט גיין אין גאַס?

— איך קאָן אים נישט טרויען, ער לויפט גלייך צו יענער...

— און אַז ער וועט מער צו יענער נישט גיין, וועט איר אים געבן מער פרייהייט? אַ מענטש קומט אַהיים פון אַ שווערן טאָג אַרבעט, מוז ער גיין אַביסל אויף לופט. — האָט זיך איינגע־שטעלט פאַרן פרעמדן מאַן, וואָס איז אים אין דער מינוט עפּעס געוואָרן נאָענט און אייגן...

— ער קאָן גיין, אָבער איך וויל מיטגיין.

— אָט אַזוי ווי איר הערט, טייערער רעדאַקטאָר, גייט זי מיר נאָך אויף שריט און טריט. — און ער האָט געקוקט אויף וויטקאָפן מיט בעטנדיקע אויגן, — ווען זי וואָלט מיך נאָר געלאָזט אַביסל אַליין מיט זיך...

— מרס. גרינשפּאַן, — האָט זיך שוין וויטקאָף געווענדט אַ דענערווירטער צו דער פרוי וואָס איז געזעסן און שווער גע־פרייכט און איר ברייטער גוף האָט זיך אַלע ווײַלע געהויבן פון בענקל. — אָפּהיטן אַ מאַן איז די פליכט פון אַ געטרייער, איבער־געגעבענער פרוי, און אַוודאי דאַרף אַ ווייב גיין צוזאַמען מיט איר מאַן. עס זיינען אָבער פאַראַן צייטן, ווען אַ מאַן האָט ליב צו זיין מיט זיך אַליין; גיין צו אַ פאַרזאַמלונג; זיך טרעפן מיט לאַנדס־לייט, פריינט, אַלטע באַקאַנטע, רעדן וועגן פּאָליטיק און טאָן גע־זעלשאַפטלעכע אַרבעט!...

אויפגעמונטערט פון דעם רעדאַקטאָרס רייד, האָט מר. גרינ־שפּאַן געזאָגט:

— אויב מיין ווייב וועט מיך ווייטער אַזוי נודיען, גיי איך מער נישט אַהיים!...

די פרוי האָט זיך דערשראָקן און צוגעזאָגט מער נישט צו מאַכן קיין סצענעס:

— ער קאָן גיין. אָבער ער מוז צוזאָגן צו קומען אַהיים אין אַ באַשטימטער צייט.

ער האָט צוגעזאָגט און מאַן און ווייב זיינען אַרויס פון דעם רעדאַקטאָרס אָפיס שמייכלענדיקע און צופרידענע.

נחום וויטקאָף איז געבליבן זיצן צעטומלט און געטראַכט וועגן זיין אייגענעם פּעקל... און ער האָט זיך געטרייסט וואָס ער האָט נישט צו טאָן מיט אַזאַ יידענע. זיין פרוי איז אַן אינטעליגענטער

מענטש און וועט פאַרשטיין... יאָ, זיין באַשלוס איז אַ פעסטער און קיין זאַך אין דער וועלט קאָן אים נישט איבעראַנדערשן. ער וועט טאַקע אַנקלינגען זיין זינאָן און איר זאָגן, אַז מאָרגן קומט ער צו איר מיט גוטע נייס.

ער האָט אָפּגערופן דעם נומער, אָבער דער טעלעפאָן איז געווען פאַרנומען. ער האָט אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל. ער וועט צווואַרטן עטלעכע מינוט. ער איז גרייט זי ווידער צו רופן.

אָבער פונקט אין דער מינוט האָט זיך זיין טעלעפאָן צעקלונגען. ער האָט געענטפערט אַ מעכאַנישן „העלאָ" און דערקענט זיין פרויס שטימע, וועלכע איז געווען שטאַרק אויפגערעגט:

— נחומל! מזל־טוב! מזל־טוב! דו ביסט געוואָרן אַ זיידע!... אונדזער חנהלע האָט געבוירן אַ יינגל, דו הערסט?... וואָס ענטפערסטו נישט?! אַכט פונט וועגט ס׳יינגעלע... זיי זיינען, אַ לויב דעם אויבערשטן,ביידע געזונט... שבת איז דער ברית, קום גלייך אַהיים, נחום, די קינדער קומען! די משפחה... פאַרגעס נישט, זיידע, גיב אַריין אַ נאָטיץ אין דער צייטונג!... קומסט גלייך אַהיים? גוט!... גוד־באַי, גוד־באַי, זיידע!...

נחום וויטקאָף איז געבליבן אַ ווײַלע געפּלעפט. די נייס, אַז ער איז געוואָרן אַ זיידע, האָט אין אים אַרויסגערופן אי אַ שטאָלץ אי אַ געפיל אַז ער איז מיטאַמאָל אַלט געוואָרן... עס האָט אים צערודערט. ער האָט זיך דערפרייט און געפילט דערשלאָגן. און פונקט ווען ער האָט געהאַט אויסגעלייגט פלענער פאַר אַ נייער צוקונפט... ווי די צייט לויפט. ער האָט דאָך גאָרנישט געוואוסט, אַז זיין חנהלע טראָגט!... זיין חנהלע. אַ וואַרעמקייט האָט זיך מיטאַמאָל צעגאָסן אין זיין האַרצן פאַר זיין מיזינקע, וועלכע, דוכט זיך אים איז ערשט נעכטן געווען אַ קליין מיידעלע, פלעגט קריכן צו אים אויפן שויס און אַרויסנעמען קליינגעלט פון זיינע קעשענעס. איצט איז דאָס קליינע מיידעלע אַ מאַמע און ער אַ זיידע... און ווי פאַסט עס פאַר אַ זיידן זיך נאַריש צו מאַכן? ער וועט רופן זינאָן און איר אָנזאָגן אַז ער איז געוואָרן אַ זיידע, און זי וועט שוין פאַרשטיין...

# בריוו

נינאַ איז געשטאַנען אויפן דעק פון שיף און געזען ווי הויכע וואַסער־בערג הויבן זיך אויף אין דער לופט, לאָזן זיך צוריק אַראָפּ מיט רויש און געמורמל און שפּרייטן נאָך זיך ווייסן שוים. אַ מחנה ווייסע מעוועס שווימען אַריבער די כוואַליעס.

נינאַ איז געשטאַנען האַלב איבערגעבויגן איבער דעם אַנלען פון שיף. איר אויסגעשטרעקטע האַנט, מיט עפּעס אַ קעסטעלע, האָט זיך געצויגן צום ים. די האַנט האָט געציטערט. באַלד וועט זיך אָן עפּן טאָן די האַנט און דער ים וועט איינשלינגען די אַלע בריוו וואָס האָבן זי אַזוי פיל יאָרן געוואַרעמט, צוגעזאָגט פרייד. דאָס „הייליקע קעסטעלע", ווי זי פלעגט עס רופן, צוליב וועלכן זי האָט אַוועקגעגעבן די שענסטע יאָרן פון איר לעבן, האָט איצט אויסגעזען אין אירע אויגן באַשפּיגן, ליגנעריש. נישט זי האָט עס געקאָנט האַלטן ביי זיך, נישט זי האָט געקאָנט זיך דערמיט שיידן.

שוין צוועלף טעג ווי זי געפינט זיך צווישן הימל און וואַסער. כמעט יעדן פאַרנאַכט, ווען עס הויבט אָן טונקל ווערן איבער דעם אומענדלעכן אָקעאַן, קומט נינאַ אַרויס אויפן דעק און שטעלט זיך אַוועק לעבן דער באַריערע. זי קאָן פאַר קיין פאַל ביי זיך נישט באַשליסן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַוועקצושליידערן די בריוו און זאָלן זיי געפינען זייער קבר אויפן אָפּגרונט פון ים. זי שטייט אַזוי לאַנג ביז עס ווערט נאַכט. דערנאָך קערט זי זיך אום מיט דעם קעסטעלע אין דער קאַבינע. זי וועט נאָך איין מאָל כאַפּן אַ לייען און מאָרגן וועט עס געשען, באַשליסט נינאַ פעסט. זי וויל אָנקומען אין דעם פרעמדן לאַנד אַ באַפרייטע פון דעם קאָשמאַר וואָס האָט זי געהאַלטן געפאַנגען אַ העלפט פון איר לעבן. זי האָט דאָך אַכצן יאָר פון אירע זעקס און דרייסיק יאַקאָב וואַלדמאַנען אַוועקגעגעבן.

נינאַ האָט זיך געלאָזן גיין צוריק פּאַמעלעך. דער ווינט האָט צעפּלאָטערט אירע שוואַרצע האָר, אָנגעבלאָזן איר קלייד, זי געטריבן דאָ פּאָראויס, דאָ אויף צוריק. זי איז אַריין אין דער קאַבינע, אָנגעצונדן די עלעקטרע. פון דעם שפּיגל וואָס איז געהאָנגען איבער דער וואַש־שיסל האָבן אַרויסגעקוקט אַ בלאַס פּנים און אַ פּאָר בלויע, שטאַרע אויגן. אירע ליפּן האָבן געציטערט. יעדעס מאָל ווען זי קערט זיך אום מיט דעם קעסטעלע איז זי פאַרשעמט פון איר אייגענער וואַקלדיקייט. וואָס איז דער מער מיט מיר? — מורמלט זי, — איך האָב אינגאַנצן נישט קיין כאַראַקטער. זי טוט זיך אַ זעץ אַוועק אויף דעם בעט און נעמט אַרויסציען בריוו. זי וועט נאָך איין מאָל כאַטש אַ לייען טאָן. דאָס וועט זיין דאָס לעצטע מאָל און אַריין אין ים אויף אייביק!

אָט איז דער ערשטער בריוו, וואָס ער האָט איר געשריבן מיט אַכצן יאָר צוריק, פון ניו־יאָרק:

„נינאָטשקאָ, מיין איין און איינציקע!

„נעכטן, ווען איך בין אַוועק פון דיר, האָב איך זיך דערפילט עפּעס אַזוי ליידיק. ביי דיר האָב איך איבערגעלאָזט מיין האַרץ, מיין נשמה. אָן דיר בין איך דער עלנטסטער מענטש אויף דער וועלט. מיט דיר בין איך רייך און גליקלעך. דו ביסט פאַר מיר אַלץ. דו ביסט יונג, שיין און קלוג. אָבער יוגנט האָט איין חסרון: עס פעלט איר געדולד. בעט איך דיך, נינאָטשקאָ, האָב אַביסל אויסדויער. די צייט איז נישט ווייט, איך וועל קריגן אַ גט און דעמאָלט וועסטו זיין אינגאַנצן מיינע פאַר מיר און פאַר דער וועלט.

„זיי מיר געזונט און האָב מיך ליב!

„דיין משוגע־פאַרליבטער יאַקאָב".

און אָט איז אַ בריוו פון פאַר פופצן יאָר צוריק, פון שיקאַגאָ:

„מיין שיין קינד מיט די בלויע אויגן!

„איך ווייס, אַז דו ביסט אויף מיר אַביסל ברוגז. אַלץ דערפאַר ווייל איך קום נישט אַלעמאָל צו דער צוגעזאָגטער צייט. נו, פאַר־שטיי דאָך, נינאָטשקאָ, אַז איך בין דער פאַרנומענסטער מענטש אין דער וועלט. וואָס קאָן איך מיר העלפן, אַז דאָס גאַנצע געשעפט ליגט ווי אַ שווערע משא אויף מיינע פּלייצעס. וואָס עס זאָל נישט

פאַרקומען אין מיין לעבן, דאַרפסטו וויסן איין זאַך — אַז מיין ליבע צו דיר איז אייביק. דו ביסט פאַר מיר ווי אַן אָאַזיס פאַרן דאַרשטיקן וואַנדערער אין דער מדבר. האָב נאָך אַביסל געדולד. אַלץ וועט זיין גוט. מיין האַרץ איז דיינס. איך קוש דיך.

דיין איבערגעגעבענער יאַקאָב".

און אָט איז אַ בריוו פון צען יאָר צוריק, פון לאָנדאָן:

„זיס קינד!

„אַך, וויפיל גליק וואָלט געקאָנט זיין מיין ווען דו וואָלסט גע־ווען דאָ מיט מיר! נינאָטשקאַ, אויף דער קומענדיקער רייזע וועלן מיר שוין פאַרן צוזאַמען. איך וויל מער נישט פאָרן אַליין. דער־ביי וויל איך דיר זאָגן, אַז איך האָב דערהאַלטן אַ בריוו פון איר. זי איז שוין כמעט איינשטימיק אויף אַ גט. אין לאָנדאָן, טייערע, זיינען פאַראַן אַ סך שיינע פרויען. אָבער ווער זעט זיי? איך האָב בלויז אויגן פאַר דיר. איך האָב נאָך ביז איצט נישט באַגעגנט קיין שענערס, זיסערס און האַרציקערס פון מיין איין און איינציקער נינאָטשקאַן. איך פאַרלאָז מאָרגן לאָנדאָן און איך שיק דיר דאָ מיין אַדרעס אין דער שווייץ. איך מוז דאָרט פאַרבלייבן עטלעכע וואָכן. איך וועל די גאַנצע צייט וואַרטן אויף אַ בריוול פון מיין אוצרל. איך וויל וויסן ווי לעבט זיך דיר. בענקסטו אַזוי נאָך מיר ווי איך נאָך דיר? איך קוש דיך אַ מיליאָן מאָל.

„דיין אויף אייביק, יאַקאָב".

אַ בריוו פון מיט זעקס יאָר צוריק, פון אַמסטאַרדאַם:

„מיין האַרציקע נינאָטשקאַ!

„איך האָב נישט קיין הנאה פון מיינע רייזעס. עס איז נישט קיין פאַרגעניגן צו זיין אונטערוועגנס וועגן געשעפטן, האַנדל. איך וואָלט געגרן דאָס אַלץ אַוועקגעגעבן פאַר איין שעה מיט דיר. וואָס זאָל איך אָבער טאָן, אַז מיר לעבן אין אַזאַ פּראַזאַאישער וועלט און מען איז אַרומגערינגלט מיט די קליינע מענטשעלעך וואָס מאַכן די היפּאָקריטישע געזעצן? נינאָטשקאַ, דו ביסט אַבסאָלוט די איינ־ציקע וואָס פאַרשטייט מיך און ווייסט ווי טיף מיין ליבע איז פאַר דיר. מיין גאַנצע שווערע פּראַצע איז בלויז פאַר דער צייט ווען

מיר וועלן אויף אייביק זיין צוזאַמען. דיין געדולד און אויסדויער גיט מיר צו מוט אָנצוגיין מיט מיין אומגליקלעך לעבן. איך קוש דיך און גאַר נאָך דער מינוט ווען איך וועל דיך ווידער זען.

„דיין אייביק פאַרליבטער יאַקאָב".

אַ ביטערער שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף נינאָס ליפּן. אַזוי פיל ליבע, און דאָך!... אָבער צו וואָס לייענען? זי קאָן שוין די אַלע בריוו פון אויסנווייניק... אַריין אין ים!... זי האָט אַ קוק געטאָן צום קיילעכדיקן פענצטערל. ניין, ניין, נאָך נישט. בלויז די לעצטע דריי מוז זי איבערלייענען אידער זי געזעגנט זיך מיט זיי אויף אייביק.

אַ בריוו פון מיט צוויי יאָר צוריק, פון פּאַריז:

„מיין ליכטיק אוצרל!

„ווער האָט אויסגעטראַכט, אַז פּאַריז איז די פריילעכסטע שטאָט אין דער וועלט? איך ווייס איצט, אַז מען קאָן זיין אין פּאַריז און דאָך זיך פילן איינזאַם און אויסגיין פון בענקעניש. יאָ, טייערע, איך בענק אַזוי נאָך דיר אין דעם רוישיקן פּאַריז, אַז איך קאָן מיר קיין אָרט נישט געפינען. וואָלט איך נישט געוואוסט אַז די צייט פון מיין באַפרייאונג איז אַזוי נאָענט, וואָלט איך געווויס נישט געמאַכט די רייזע אָן דיר.

„זיסינקע, אונדזער לאַנגער חלום ווערט פאַרווירקלעכט. און דעמאָלט, אָה דעמאָלט — עס פעלט מיר אויס ווערטער. איך וועל דיר שוין דערקלערן אַלע מיינע פּלענער ווען מיר וועלן זיין צוזאַמען און איך וועל דיך האַלטן אין מיינע אָרעמס.

„דיינער ביזן גרוב, יאַקאָב".

און אָט נעמט נינאָ אַרויס דעם בריוו מיט דער לאַנג דערוואַרטעטער בשורה — אַ בריוו פון רינאָ:

„נינאָטשקאָ!

„ענדלעך, ענדלעך, האָב איך היינט אַרויסגעקראָגן דאָס שטיקל פּאַפּיר אויף וועלכן מיר האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט. אַלץ איז צוגעגאַנגען שנעל און זייער פּראָזאַאיש. נאָך אַזוי פיל יאָרן קאַמף בין איך ווידער פריי. טייערע, דו קאָנסט דיר גאָרנישט פאָרשטעלן

ווי גליקלעך איך פיל זיך אָן די קייטן. איך וואָלט וועלן אַרומ־כאַפּן די גאַנצע וועלט און זיך מיט איר צעקושן. איך קום צוריק, און צו דיר.

„דיין יאַקאָב".

נינאַ האָט זיך פאַרטראַכט: פון דעמאָלט אָן האָבן זיך אָנ־געהויבן פאַר איר פיבערדיקע טעג. זי האָט זיך געגרייט צו דעם נייעם לעבן מיט אַזוי פיל האָפענונג. זי האָט געקויפט קליידער, שיך, קאָסטיומען, איינגעהאַנדלט שמאָכטעס. זי האָט זיך אָפט געטראָפן מיט יאַקאָבן. זיי זיינען געגאַנגען צוזאַמען אָפן, אָן מורא. זי האָט זיך יעדן טאָג געריכט אַז יאַקאָב וועט זי מאַכן פאַר זיין ווייב, אָבער ער איז געווען אַזוי פאַרנומען מיט זיינע געשעפטן. זי איז געווען צו שטאָלץ אים צו דערמאָנען. זי האָט געוואַרט ביז דער פאָרשלאָג וועט קומען פון אים. עס זיינען געווען אויסטערלישע טעג. טעג פול מיט גליק און טעג פול מיט שטילע פאַרוואורפן און ביטערע פאַרגעפילן. וואָס האָט ער אַזוי אָפּגעלייגט? וואָס האָט ער געמאַכט אַזוי פיל קליינע רייזעס? אויף וואָס נאָך האָט ער גע־וואַרט? ווי לאַנג וועט ער זי אַזוי האַלטן געשפּאַנט? זי האָט גע־ליטן און געשוויגן. זי איז באַפאַלן געוואָרן פון אַלערליי פאַר־דאַכטן. זי האָט זיך אַליין פאַרגעוואָרפן איר אומגעדולד און נער־וועזיטעט. זי האָט געמוזט גלויבן אין אים, גלויבן!...

זעקס מאָנאַטן נאָך דעם גט איז ער ערגעץ אַוועקגעפאָרן, אַלץ „וועגן געשעפטלעכע זאַכן", ווי ער האָט געזאָגט. עס זיינען אַוועק אַ פאָר טעג, אַ וואָך, צוויי, און זי האָט פון אים נישט געהערט. זי איז אַרומגעגאַנגען אַ צעשטרייטע, אַ צעטראָגענע. זי האָט געליטן פון קאָפּ־ווייטיק און האָט פאַרלאָרן דעם שלאָף. זי איז כסדר גע־לאָפן צום ברייוו־קעסטל, אָבער זי האָט דערין גאָרנישט געפונען פון אים. עס האָט זיך איר אָנגעהויבן אויסדוכטן, אַז משפּחה, פריינד, שושקען זיך הינטער איר פּלייצע. מען באַהאַלט עפּעס פאַר איר. מען באַגייט זיך מיט איר ווי מיט אימעצן וואָס איז געפערלעך קראַנק און ער אַליין ווייסט נישט וועגן דעם. מען האָט עפּעס ווי אויס־געמיטן זיך צו באַגעגענען מיט איר און צו דערמאָנען יאַקאָבס נאָמען. ענדלעך איז אָנגעקומען אַ בריוו. עס איז געווען זיין

האַנטשריפֿט. זי האָט מיט אַ ציטערנדיקער האַנט אויפֿגעריסן דעם קאָנווערט און געלייענט זיין בריוו, פֿון פֿלאָרידאַ:

„טייערע נינאַ. עס איז נישט גרינג דיר צו שרייבן דעם בריוו, נאָר מסתמא ווייסטו דאָך שוין, אַז איך האָב חתונה געהאַט. עס איז געקומען אַזוי פּלוצעם. איך ווייס אַליין נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען. נינאָטשקאַ, אין לעבן פּאַסירן זאַכן וואָס מ'קאָן נישט באַגרייפֿן, אָבער עס פּאַסירט. איך ווייס ווי דו ליידסט, אָבער גלויב מיר, אַז אויך איך לייד ווען איך טראַכט וואָס דו לעבסט איבער. איך ווייס אָבער אויך אַז דו ביסט אַ טייערע, אַ גוטע און אַ פֿאַרשטענדיקע און אַז דו וועסט מיר פֿאַרגעבן. דיין נאָבעלער כאַראַקטער איז איינע פֿון דיינע מעלות וואָס איך פֿאַרגעטער. איין זאַך וויל איך דו זאָלסט וויסן: אַז איך האָב דיך נאָך ליב און וויל האָפֿן, אַז מיר וועלן אין דער נאָענטער צוקונפֿט זיך ווידער זען. דיין יאַקאָב".

נינאַן איז דורכגעלאָפֿן אַ שוידער, ווען זי האָט זיך דערמאָנט וואָס זי האָט איבערגעלעבט לייענענדיק דעם דאָזיקן גיהנומדיקן בריוו. זינט דעמאָלט ווייזט זיך איר אויס, אַז זי איז עפּעס ווי געשטאָרבן. עפּעס אין איר איז מיט דעם דאָזיקן בריוו אָפּגעשטאָרבן און זי איז שוין מער קיינמאָל נישט געווען די זעלבע.

נאָכן האָניק־חודש איז ער צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק. ער האָט נאָך געהאַט די חוצפּה איר צו שיקן בלומען, געהאַלטן אין איין טעלעפֿאָנירן אַז ער בענקט נאָך איר, אַז ער מוז זי זען... דאָס שוידערלעכסטע איז געווען וואָס זי, נינאַ, איז געוואָרן אַזוי שוואַך. זי האָט אָנגעהויבן פֿילן, אַז דער פֿעסטער באַשלוס אירער אים מער קיינמאָל נישט אָנצוקוקן ווערט שוואַכער. זי וועט נישט אויסהאַלטן און ווידער זיך מיט אים טרעפֿן. דעמאָלט האָט זי זיך אָנגעכאַפּט אין איר מומעס בריוו, ווי זי בעט איר קומען קיין ריאָ־דע־זשאַנעיראָ, און זי האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט אַז זי מוז ערגעץ אַנטלויפֿן אין אַ ווייט לאַנד, און פֿאַרניכטן אַלע בריוו, אָפּווישן אַלע צייכנס פֿון איר חרפּה. צוזאַמען מיט די בריוו וועט זי אַריינוואַרפֿן אין תהום דעם כישוף זיינעם, די געהיימע מאַכט וואָס ער האָט איבער איר. זי טאָר נישט אָנקומען אין דעם נייעם לאַנד מיט דעם

דאָזיקן בינטל ליגנס. ניין, זי טאָר נישט. ניין, זי וועט דאָס מער נישט אָפּלייגן!...

נינאַ האָט זיך אויפסניי געלאָזט אַרויסגיין אויפן דעק. ס'איז דאָרטן קיינער גראָד נישט געווען. אויפן נאַכטיקן, בלויען הימל האָט געהאָנגען אַ לבנה און געוואָרפן אויף די כוואַליעס זילבערנע נעצן. אַ וואַרעמער ווינט האָט געבלאָזן. די מעוועס האָבן געשריגן. נינאַ איז געגאַנגען עפּעס ווי אין דער קרום. זי איז צוגעקומען צו דער באַריערע, געשטאַנען אַ צאַפּלדיקע און עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט זיך געשראָקן, אַז זי זאָל אַליין אויך נישט מיטפּאַלן מיט דעם קעסטעלע. ניין, כ'וועל עס טאָן ביסלעכווייז, איז איר איינגעפאַלן. כ'וועל דערווייל אַרויסוואַרפן איין בריוו...

זי האָט אַרויסגענומען אַ בריוו און אים אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט. דער ווינט האָט אים געטאָן אַ כאַפּ, אים געטראָגן איבער די כוואַליעס ווי אַ ריזיקן שמעטערלינג. אַ שטיל געשריי האָט זיך פון איר אַרויסגעריסן. ס'איז געווען ווי עפּעס וואָלט זיך אָפּגעריסן פון איר אינעווייניק. מיטאַמאָל האָט דער ווינט אַ טראָג געטאָן דעם בריוו אויף צוריק און ער האָט זיך גענומען קייקלען איבער דעם דעק. נינאַ האָט זיך געלאָזט לויפן נאָך דעם בריוו. זי האָט אים געיאָגט. דער ווינט האָט זי אונטערגעשטופּט. אָט איז ער געווען לעבן אירע אויסגעשטרעקטע הענט, און אָט איז ער אָפּגעפלויגן. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו און איז געבליבן שטיין אַן אָפּגעגאָסענע מיט שווייס. דער ווינט האָט הפּנים חרטה געהאַט און נינאַ אויך. זי האָט מיט ציטערדיקע הענט אויפגעמאַכט דאָס קעסטעלע און דאָרטן צוריק אַרייַנגעלייגט דעם אָפּגעראַטעוועטן בריוו, און האָט מיט וואַקלדיקע טריט זיך געלאָזט גיין צוריק צו איר קאַבינע.

# לאַנדסלייט

אהרן קויפמאַן האָט נערוועז אַרומגעשפּאַנט איבערן הויז און בשום אופן נישט געקאָנט באַשליסן וואָס צו טאָן. זאָל ער יאָ גיין אָדער נישט גיין צום פופציק־יאָריקן באַנקעט וואָס ווערט היינט גע־פּראַוועט פון דער זלאָטקאָווער סאָסייעטי. וואָס הייסט ער וועט נישט גיין? ער האָט דאָך אויפגעבויט די סאָסייעטי! האָט ער דאָך פופ־ציק פון זיינע אַכט און זעכציק יאָר אַוועקגעגעבן די זלאָטקאָווער לאַנדסלייט! און איבער אַ פערטל יאָרהונדערט איז ער דאָך געווען פּרעזידענט! יאָ, ער האָט געהאַט אַ סך נחת פון זיינע לאַנדסלייט, אָבער אויך אַ סך צער. די לעצטע יאָרן ווערט וואָס אַמאָל ערגער. גויאישער די שפּראַך, פאַרגויאישטע לאַנדסלייט... זיי זיינען דאָך אַפילו נישט געקומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד זיין פאַרשטאָרבענער פרוי. בלויז געציילטע זיינען געווען. ער האָט שוין אַ סך מאָל באַ־שלאָסן נישט צו גיין צו די פאַרזאַמלונגען, נאָר ווען עס קומט אָן דאָס געוויינטלעכע פּאָסט־קאַרטל מיט אַ רוף צו די מיטינגען צו די „טייערע שוועסטער און ברידער", גיט ער עס אַ וואָרף אַוועק, וויל אַפילו נישט קוקן אויף זייערע ענגלישע איינלאַדונגען — ער גייט נישט! אָבער שפּעטער קאָן ער זיך נישט אָפּגעבן קיין רעכענונג און געדענקט אַליין נישט ווי אַזוי ער איז געקומען צו דער פאַרזאַמלונג פון זיין סאָסייעטי; געזעסן דאָרטן אין אַ ווינקל, ווי אויף אַ פרעמ־דער חתונה; און זיך געערגערט און געבענקט נאָך דער אַמאָליקער פירערשאַפט, ווען ער איז געווען יונג, טעטיק, און געשטאַנען אין דער שפּיץ, געווען דער פּרעזידענט, און מען האָט נאָך גערעדט יידיש.

ער האָט אַריינגעקוקט אין אַ יידישער צייטונג, געפּרוּווט לייענען דעם עדיטאָריעל, נאָר דער קאָפּ האָט נישט פאַרנומען. גע־לייענט עפּעס אַ לייכטערן אַרטיקל, נאָר דאָ האָט ער זיך געכאַפּט,

אַז ער טראַכט שוין ווידער פון די לאַנדסלייט, פונעם היינטיקן יובל און פונעם וואונדערלעכן אַמאָל... די צייטונג האָט זיך אים אַרויס־געגליטשט פון די פינגער. זיינע אויגן האָבן שטאַר געקוקט אין רוים אַריין, עס האָט זיך פּלוצעם אויפגעהויבן אַ פאַרהאַנג פון מיט פופציק יאָר צוריק. ער האָט זיך דערזען אַלס אַ גרינער יונגער־מאַן פון אַ יאָר אַכצן, אין ניו יאָרק. ער איז אַנטלאָפן פון דעם קליינעם פּוילישן שטעטל באַלד נאָך אַ פּאָגראָם. אַדורכגעמאַכט אַלע צרות פון אַ גרינעם עמיגראַנט. אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך איז דאָס געווען מיט יענער גיהנומדיקער מורא פאַר פּאָגראָמען, און דעם אייביקן קאַמף פאַרן שטיקל ברויט?... דאָך האָט די היים־שטאָט איבערגעלאָזט אַ בענקשאַפט און ליבע זכרונות פון די קינדער יאָרן...

דאָ האָט ער זיך אויסגעלערנט אַ פאַך; געוואָרן אַן „אָפּערעי־טאָר ביי קלאָוקס"; זיך באַקענט אין שאָפּ מיט אַ „פינישערין", די שיינע קלאַרע מיט די שוואַרצע אויגן, און זיך פאַרליבט. זיי האָבן צוזאַמען געקעמפט פאַר דער יוניאָן; געהאָלפן אָרגאַניזירן דעם שאָפּ; שפּעטער געסטרייקט און מאַרשירט אויפן פּיקעט־ליין צו־זאַמען; געגאַנגען צו לעקטשורס; געהערט אַזוינע אויפקלערענדיקע ווערטער פון מאָריס הילקוויט, יוסף באַראָנדעס, אַב. קאַהאַן. מיט אַ יאָר שפּעטער האָט ער חתונה געהאַט מיט זיין קלאַראַן און געפירט מיט איר אַ גליקלעך לעבן.

באַלד נאָך זייער חתונה האָט ער אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די סאָסייעטי. זיין אָרעמע היים אויף ברום סטריט איז געוואָרן די היים פון יעדן גרינעם לאַנדסמאַן. ער איז דאָרטן אַזוי לאַנג געווען, ביז אהרן האָט אים אויפגעזוכט אַ דזשאַב, אַ וואוינונג, און ביז ער האָט זיך אויסגעגרינט און איז געוואָרן אַ „שטיקל מענטש".

אויף ברום סטריט, ביי אהרנען, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ערשטע פאַרזאַמלונג און עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „זלאָט־קאָווער פאַראיין". מיט צוויי יאָר שפּעטער, איז אָנגעקומען זיין אַלטער פריינד פון דער היים, חיים ברוקמאַן. איז חיים געוואָרן אהרנס רעכטע האַנט. זיי האָבן ביידע געאַרבעט און אַרויפגעאַרבעט די סאָסייעטי. ווען אהרן קויפמאַן איז געוואָרן פּרעזידענט פון דער

סאָסייעטי, איז חיים געוואָרן דער סעקרעטאַר און ביידע האָבן וועלטן איינגעלייגט: געגאַנגען צו לאַנדסלייט אין הויז אַריין; געראַפן און געמאָנט; אָרגאַניזירט „פּיקניקס״; „פּעקעדזש פּאַרטיס״; געזאַמלט געלט; אַהיימגעשיקט מצות אויף פּסח; געשיקט געלט פאַר ביקור חולים און פאַר יתומים. און האָט אַמאָל אַן אַריבערגעקומענער לאַנדס־מאַן אַנגעהויבן פאַרגעסן זיין ווייב מיט די קינדער אין דער היים — האָבן שוין אהרן און חיים אים דערמאָנט... אָפּט געשיקט אַ שיפס־קאַרטע פאַר אַזאַ ווייב מיט קינדער און זיי איבערגעבעטן און שלום געמאַכט צווישן דער צעריסענער פאַמיליע.

ביי אהרנען זיינען געבוירן געוואָרן פיר קינדער, אָבער ווער האָט דאָס געהאַט צייט זיך אָפּצוגעבן מיט זיי? זיין פרוי, קלאַראַ, האָט זיי געהאָדעוועט, אָנגעפירט מיט דער ווירטשאַפט, און ער האָט געפירט די „סאָסייעטי״. אהרן האָט דערלעבט צו זען מיט זיינע אייגענע אויגן, ווי פון אַ קליין הייפעלע לאַנדסלייט איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געציילט איבער פיר הונדערט נפשות.

שפּעטער האָט חתונה געהאַט זיין געטרייער פריינד חיים ברוק־מאַן מיט אַן אַמעריקאַנער מיידל, און איז אַוועקגעפאָרן אין דער וויטער וועסט, געקויפט אַ שטיקל לאַנד און פאַרווירקלעכט זיין לאַנג־יאָריקן חלום — געוואָרן אַ פאַרמער. אין אָנהויב האָט ער אָפּט געקראָגן בריוו; געוואוסט אַז עס גייט נישט שלעכט; אַ קינד איז געבוירן געוואָרן; שפּעטער נאָך אַ קינד; אָבער ביסלעכווייז האָט אויפגעהערט די קאָרעספּאָנדענץ. בלויז צו אַ גרויסן סאָסייעטי־יום־טוב פלעגט חיים צושיקן אַ „טשעק״ און מען האָט געוואוסט אַז עס האָט אים אָפּגעגליקט און אַז ער איז געוואָרן אַ רייכער פאַר־מער.

אהרן האָט פאַרגונען מיטן גאַנצן האַרצן זיין פריינד חיימען זיין רייכקייט. ער האָט נאָר באַדויערט, וואָס ער האָט פאַרלוירן אַזאַ טייערן ברודער און איבערגעגעבענעם טוער.

מיטן גאַנג פון יאָרן, האָבן זיך אַ סך לאַנדסלייט שוין אַרויפ־געאַרבעט. פון פּראָסטע אַרבעטער זיינען זיי געוואָרן באַלעבאַטים פון שעפּער. פון פּעדלער — סוחרים מיט אייגענע געשעפטן. אויך

אהרן קויפמאַן האָט געהאַט אַזאַ געלעגנהייט צו ווערן אַ שותף מיט אַ לאַנדסמאַן פון אַ שניידער שאַפּ. ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט און געפילט, אַז ער וואָלט פשוט געהאַנדלט ווי אַ פאַררעטער צו זיינע לאַנדסלייט, ווען ער וואָלט געלאָזן אויף הפקר אַזאַ גרויסע סאָסייעטי און געגאַנגען פירן אַ שאַפּ, מיט ביזנעס, קאָפּדרייעניש. און ווער וועט פירן די סאָסייעטי? און אַז זיין ווייב האָט געטענהט, אַז אַנדערע לאַנדסלייט טוען עס יאָ, האָט ער איר געגעבן צו פאַר־שטיין אַז יענע זיינען נישט קיין „פּרעזידענטן”, נאָר פּראָסטע סאָל־דאַטן און אָפּט דאָס אויך נישט, און אַז עמעצער מוז שטיין אויף דער וואַך און היטן.

און אהרן האָט שטאַרק געהיט. אַפילו די יידישע שפּראַך האָט ער געהיט מיט וואַכע אויגן, נישט דערלאָזט קיין ענגלישע רעדעס, און האָט אַ לאַנדסמאַן אַמאָל געשטעלט אַ פראַגע אין ענגליש, האָט אהרן קויפמאַן גלייך אַ געשריי געטאָן:

— איך פאַרשטיי נישט וואָס דו רעדסט! מיר פאַרשטייען דאָ בלויז יידיש!

און טאָמער איז יענער געווען איינגעשפּאַרט, האָט ער אים גע־געבן צו פאַרשטיין, אַז צו וואָס דאַרף ער רעדן אַ שלעכטן ענגליש, אַז ער קאָן רעדן אַ גוטן יידיש. ענגליש דאַרף ער זיך טאַקע לערנען און אויך רעדן, אָבער אין דרויסן. דאָ איז אונדזער היים־שטאָט. אין זלאָטקאָוו, רעדט מען יידיש, מאַמע־שלון. און דאָ איז זלאָט־קאָוו...

שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון איבערבייטן נעמען. פון שפּיטאַלניק איז געוואָרן מיסטער „ספּיט”, פון עדעלמאַן „אַדעל”. און ווען אהרן קויפמאַן איז געוואָרן אויס פּרעזידענט, איז פּלוצעם געוואָרן אַ געמיש פון האַלב יידיש — האַלב ענגליש. ער האָט פּראָ־טעסטירט, געשריגען, געקלאַפּט אין טיש, האָבן די לאַנדסלייט אים דערמאָנט אַז זיינע אייגענע צוויי זין, איינער אַ דאָקטאָר, דער צווייטער אַן אינזשינער, האָבן געקירצט זייערע נעמען פון קויפמאַן אויף „קעי”, האָט ער געמוזט פאַרבייסן די ליפּן און שווייגן.

יאָרן זיינען געלאָפן און אהרן קויפמאַן האָט מיט טריבע אויגן און אַ שווער האַרץ געזען ווי פון זיין סאָסייעטי ווערט עפּעס אַ

„לאַדזש״. די עלטערע לאַנדסלייט זיינען זיך צעשוואומען, זיך אויס־געגרינט און אַוועק אויף אַנדערע וועגן. אַ סך זיינען געשטאָרבן, די ייִנגערע זיינען געוועזן עפּעס פרעמדע, ווייטע, נישט מיט דער האַנט צו דערגרייכן. אַ נייע וועלט, אַ נייער געשמאַק. דאָס אַלטע האָט זיך עפּעס ווי אַוועקגעגליטשט ווי פון הינטער די פיס, איז אַוועק — וואָס אַמאָל ווייטער און פרעמדער.

קומט ער אַמאָל צו די פאַרזאַמלונגען, דרייט ער זיך אַרום, קוקט אויפן פּרעזידענטס שטול, וואו ער איז אַמאָל געזעסן און גע־קיניגט מיט אַ פעסטער האַנט, און לעבן אים זיינען געזעסן ווי די מיניסטאָרן, די באַאַמטע, דער „סעקרעטאַר״, דער „האָספּיטאַלער״, דער „רעקאָרדינג סעקרעטאַר״. און היינט, פרעמדע בענקלעך, פרעמ־דע מענטשן. אויסגעשטאָרבן יענע, און די וואָס לעבן, זיינען אויך טויט פאַר דער אַלטער, זלאָטקאָווער סאָסייעטי.

מחשבות פון הבל הבלים זיינען אים געקראָכן אין קאָפּ. אוי, האָט ער געטראַכט און געזיפצט, וואָלט כאָטש זיין ווייב גע־לעבט, וואָלט ער נאָך געהאַט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. אַזוי אָבער איז ער אַליין. אין הויז איז פינצטער. עס איז שוין לאַנג צו־געפאַלן די נאַכט און קיין ליכט האָט ער נאָך אַלץ נישט אָנגעצונדן.

אהרן האָט זיך אויפגעהויבן פון בענקל, געטאָן אַ דריק דאָס עלעקטרישע קנעפּל. די שטוב איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט ליכט. ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן פון צופיל שיין, איז פאַרבייגעגאַנגען אַ שפּיגל און געבליבן שטיין. גרויע האָר, אָט ערשט נישט לאַנג דוכט זיך, עפּעס אַזוי ווי נעכטן וואָלט עס געוועזן, האָט ער דאָך געהאַט אַ קאָפּ שוואַרצע, קוטשעראַווע האָר, אַ הויכע שלאַנקע פיגור, פינקלענדיקע ברוינע אויגן. די הויכע פיגור האָט ער נאָך, בלויז אַביסל דינער געוואָרן. די אויגן, דאַכט זיך, די זעלבע, נאָר זיי זיינען באַברילט און פאַרשטעלן די טיפע קנייטשן. ער האָט נאַכלעסיק אָנ־געטאָן דעם אויבערמאַנטל. ער וועט אפשר אַריינגיין אין קינאָ, אָדער צו די קינדער. ניין, ער וועט נישט גיין צו די קינדער. שבת גייען זיי אַלעמאָל אַוועק און זיינען קיינמאָל נישטאָ אין דערהיים.

און אהרן קויפמאַן האָט באַשלאָסן אַז ער וועט גיין אויף אַ שפּאַציר...

די לופט איז געווען אָנגענעם, זי האָט דעפּרישט. איז ער גע־גאַנגען און געגאַנגען און זיך פּלוצעם דערזען גאָר לעבן אַריינגאַנג פונעם גרויסן זאַל וואו עס קומט פאָר דער „באַנקעט". מען דאַרף אפשר אַריינגיין? ער וועט אַוודאי טרעפן אַ סך באַקאַנטע... זי־כער... אַ קלייניקייט פופציק יאָר עקסיסטענץ פון אַ סאָסייעטי!

ער איז אַריין. אַ גרויסער, העל־באַלויכטענער זאַל. די מוזיק האָט געשפּילט, אַזאַ יום־טובדיקער עולם. ס'איז געווען פריילעך. יונגע פּאָרלעך האָבן געטאַנצט עפּעס אַזעלכע מאָדנע טענץ. אָבער עפּעס אַזאַ פרעמדער עולם, גאָר נישט קיין באַקאַנטע, די יוגנט! אפשר איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ פרעמדן פלאַץ?!... ראַמבאַ מוזיק! קלאַפּן מיט קאַסטאַנעטן... יונגע מענטשן דרייען זיך אַזוי פאַרשאַרט. ניין! עס איז נישט די זלאָטקאָווער סאָסייעטי... ער האָט זיך געפּלאָנ־טערט אינעם טאַנץ־זאַל צווישן די יונגע פּאָרלעך.

— העי! לוק אַוט, מיסטער!

אהרן האָט זיך ענטשולדיקט:

— עקסקיוז מי! — איז דאָס זיין סאָסייעטי? שור, שור, אַוודאי, אָט דאָרטן אין ווינקל דערקענט ער זיינע לאַנדסלייט. אַ פּאָר בלויז. עפּעס אַזאַ פרעמדער, אָנגעלאָפּענער עולם!...

— מען וועט היינט אויסטיילן אַ פּרעמיע פאַר דעם בעסטן ראַמ־באַ־טאַנץ! — האָט אויסגערופן אַ בלאָנדער יונגערמאַן.

ער קוקט גאָר אויס ווי אַ שייגעץ, האָט אהרן געטראַכט. ווער איז ער? אַן ענגלישער „ענטערטעינער"...

מיט איין מאָל האָט אהרן דערפילט ווי עמיצער כאַפּט אים אַרום און האַלט מיט ביידע הענט פאַרשטעלט זיינע אויגן:

— טרעף!

— איך ווייס נישט.

— טרעף!

— נו, באמת, פון וואַנען זאָל איך וויסן?

און ער האָט זיך נישט געקענט דערמאָנען וואו ער האָט ערגעץ אַמאָל געהערט דאָס באַקאַנטע קול.

— יו גיוו אַפּ? האַ?

— איך ווייס נישט.

— אַלראַיט! קוק!

אהרן האָט אַ קוק געטאָן און דערזען אַ הויכן עלטערן מאַן, מיט אַ ברייטן הוט, ווי אַ „קאָו־באָי", אַ געקנייטשט, ברוין, פון דער זון־פאַרברענט פּנים.

ער האָט אַ צאַפּל געטאָן און אויסגעשריגן:

— חיים ברוקמאַן!

זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט, אַרויפגעפאַלן איינער אויפן צווייטנס אַקסל, און זיך צעקושט ווי צוויי פאַרלוירענע ברידער.

— געוואַלד, ברוקמאַן, ווי קומסטו אַהער? קוקסט דאָך אויס ווי אַ גראַף!

— אויב שוין יאָ אַ גראַף, רוף מיך נישט ברוקמאַן, נאָר מיס־טער ברוק!

— אָ, דו אויך? — האָט אהרן געפרעגט און געבליבן שטיין אַנטוישט.

— ניין, איך נישט... בלויז מיינע קינדער.

— מיינע אויך... — האָט אים זיין פריינד באַרואיקט.

— עפּעס נאָר אַזוי ווי ס'האַרץ וואָלט מיר געזאָגט — האָט זיך אהרן געוואונדערט — אַז איך זאָל היינט קומען אַהער. דערציייל מיר, גוטער ברודער, וואָס האָט דיך געבראַכט נאָך אַזוי פיל יאָרן צו די זלאָטקאָווער לאַנדסלייט?

— אַ בענקשאַפט. פול מיט אַלטע זכרונות... איך האָב אַ סך געלט אָפּגעשפּאָרט, מיין פריינד, אָבער ס'ווייב האָב איך פאַר־לוירן... די קינדער זיינען זיך צעלאָפן, חתונה געהאַט מיט שיק־סעס... האָבן נישט געוואָלט וואוינען אויף דער פאַרם, און ווען זיי קומען, זיינען זיי מיר פרעמד... בין איך אַן אַלטער ייד, אַ פאַרלאָזענער אויף אַ רייכער אימעניע... כאַטש נעם און גריזשע די גרויסע פעלדער און טרינק דעם אויל קוואַל... עס איז מיר גע־וואָרן אומעטיק, האָב איך אַלץ אויספאַרקויפט. וואָס דען האָב איך געזאָלט טאָן? נעמען אַן אַלטע גויע? איך וויל זיין צוריק צווישן יידן. צווישן אייגענע. אפשר וועל איך מיך דאָ באַקענען מיט אַ יונגער פרוי...

— איך האָב אויך פאַרלאָרן מיין פרוי, — האָט אהרן אַרויס־

געזאָגט טרויעריק, — האָב פיר פאַרהייראַטע קינדער, זאָלן זיין געזונט און שטאַרק, אייניקלעך, האָב נחת, נאָר מיר איז אומעטיק, איך בין אַליין...

— דו ביסט נישט אַליין, דו ביסט מיט לאַנדסלייט און מיטן אָנדענקונג פון זלאָטקאָוו. מען קומט זיך צוזאַמען, מען פאַרברענגט, דערמאָנט מען זיך פון דער היים, ס'איז ניו־יאָרק, אַ שמעלץ־טאָפּ, ס'איז דאָ וואו צו גיין, איך בין געווען אַליין, מיטן פוסטן פעלד און אַ גרויס ליידיק הויז, דו אָבער, האָסט דאָך דאָ גאַנץ זלאָטקאָוו! איך בין דיך מקנא...

— עה! עס איז נישט מער יענע סאָסייעטי, וואָס דו האָסט איבערגעלאָזט, חיים. ס'איז דאָך שוין אַריבער פערציק יאָר ווי דו ביסט אַוועק. אַדרבה, קוק זיך אַרום, און זאָג מיר צי דו דערקענסט דאָ עמעצן?

חיים האָט אָנגעשטרענגט זיין בליק און זיך פאַרזיכטיק גענומען איינקוקן אין די מענטשן, אין די פּנימער, און זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ שיינער דאַמע אין די מיטעלע יאָרן און געזאָגט:

— אָט איז דאָך חנהלע, משה־גיטלס, דעם לאַטשן־מאַכערס טאָכטער!

— ניין! נישט געטראָפן, ס'איז חנהלע משה־גיטלס דעם לאַטשן־מאַכערס אייניקל!...

— איך וואָלט געקאָנט שווערן אַז ס'איז חנהלע!...

— ניין. ס'איז חנהלעס טאָכטער.

ער האָט זיך נאָכאַמאָל איינגעקוקט אין איר און דערנאָך זיך אָפּגעשטעלט אויף אַן עלטערן מאַן אַ לענגערע צייט און אַ זיכערער אויסגערופן:

— אָט איז דאָך שמואל בערלס דעם וואַסער־טרעגערס זון, משה!

— נישט געטראָפן... עס איז איז שמואל בערלס דעם וואַסער־טרעגערס אייניקל, אשר... מען רופט אים אָזי.

חיים ברוקמאַן איז געבליבן שטיין געפּלעפט און נאָך אַ ווײַלע שווייגן האָט ער ענדלעך צופרידן אַרויסגערעדט:

— נו, מיר האָבן זיך אַזוי נישט געעלטערט, איבערהויפּט איך...

— יאָ, מיין פריינד, מיר האָבן זיך אויך געענדערט, גרוי געװאָרן... אַביסל געקנייטשט... אַביסל געבויגן.. נו, אַוודאי, קוקסט דו אויס קרעפטיקער פון מיר...

— איך פיל זיך נאָך יונג, שטאַרק און געזונט. פאַרשטייסט, געלעבט אויפן לאַנד, אויף דער פרייער לופט... אָבער איך פאָר נישט מער צוריק. האָב אַלץ אויספאַרקויפט און בין אַהערגעקומען זיך באַזעצן אין ניו־יאָרק. זיין מיט אַלטע פריינד און לאַנדסלייט, און איבערהויפּט האָב איך געבענקט נאָך דיר און עס ווילט זיך טאַקע לעבן צווישן יידן. — ער איז פּלוצעם שטיל געבליבן, זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און געפרעגט: — ווי לאַנג איז שוין זינט דיין פרוי איז געשטאָרבן?

— שוין צוויי יאָר.

— ביסט אַליין?

— יאָ אַליין...

דער טומל און געפּילדער איז געוואָרן גרויס. שווער געווען צו הערן איינער דעם צווייטנס רייד.

— פאַרוואָס זאָל אַזאַ יונגער מענטש ווי דו זיך נישט אויסזוכן עפּעס אַ לייטיש ווייבל און חתונה האָבן?...

— אַ יונגער מענטש בין איך? — האָט אים אהרן קויפמאַן אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— אַז דו וועסט ציילן די יאָרן וועט נישט טויגן... האָסט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ פּריצײטיקן עלטער, — האָט ברוקמאַן אַרײַנגעשריגן זיין פריינד אין די אויערן אַריין.

מיט אַ מאָל איז שטיל געוואָרן. דאָס בלאָזן פון די סאַקסאָפאָנען און קנאַקן פון די פויקן האָט אויפגעהערט.

חיים ברוקמאַן האָט זיך אויפגעשטעלט, אָנגעטאָן זיין „קאַר־באַי העט" און דערמיט געצויגן אויף זיך אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. מ'האָט אויף אים געקוקט מיט גרויס נייגעריקייט. אַ פּאָר פון די עלטערע לאַנדסלייט האָבן אים דערקענט, און באַלד איז שוין געשטאַנען אַ רעדל אַרום דעם „קאַר־באַי". מען האָט אים אויסגעפרעגט,

און ברוקמאַן האָט געגרן דערציילט פון דער ווייטער וועסט, פונעם פאַרמער לעבן, און ווי אַזוי מען אַנטדעקט אַ „גאַשער״, און ער האָט דאָס וואָרט פאַרטייטשט: דאָס מיינט אַן אויל־קוואַל.

מיט אַ מאָל האָט אַ זעץ געטאָן די פּויק. דער בלאָנדער יונגער־מאַן האָט דורכן „מאַיק״ געלאָזט וויסן אַז איצט גייט מען שפּילן די נייע שפּאַנישע ראַמבאַ און עס וועלן אויסגעטיילט ווערן פּרייזן פאַר יענע וואָס וועלן אויסטאַנצן די שענסטע ראַמבאַ... דער אָרקעסטער האָט זיך צעשפּילט, די קאַסטאַנעטן האָבן געקלאַפּט, טרומייטן האָבן געבלאָזן, טאַצן האָבן געזעצט... און באַלד האָט זיך געוויגט דער גאַנצער עולם אין זאַל. כוואַליעס גאַנצע האָבן פאַר־בייגעטאַנצט אהרנס און חיימס אויגן. אין געדרענג און שטופּעניש זיינען זיי אַריינגעצויגן געוואָרן אין קאַראַהאַד. ברוקמאַן האָט אַ כאַפּ־געטאָן עפּעס אַ פאַרלוירן ווייבל און האָט מיט איר געהאַצקעט און געשפּרונגען, האָט מיט גרויס הנאה צוגעקלאַפּט מיט די פיס צום טאַקט פון די קאַסטאַנעטן.

אהרן קויפמאַן האָט זיך מיט גרויס שוועריקייט אַרויסגעפּלאָנ־טערט פון דער טאַנצענדיקער מענטשן־כוואַליע, זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל און געדולדיק געוואַרט אויף זיין פריינד.

נאָכן טאַנץ, איז ברוקמאַן אַ פאַרשוויצטער, אַ פריילעכער גע־לאָפן זוכן אהרנען. ער האָט אים דערזען פון דערווייטנס און אויס־גערופן:

— וואָס באַהאַלטסטו זיך עפּעס? קום, לאָמיר אַ טאַנץ־טאָן!...

— טאַנצן גאָר? איך וויל גיין אַהיים.

— שוין אַהיים? — האָט זיך חיים מיט אים געדונגען. — ווייסט גאָר וואָס? לאָמיר גיין אויף אַ שפּאַציר. כ׳וויל ווידער קוקן אויף דער שטאָט, וואו איך האָב פאַרבראַכט מיינע ערשטע גרינע יאָרן.

— גוט! — האָט אהרן איינגעשטימט און זיי האָבן זיך ביידע געלאָזן גיין איבער די ניו־יאָרקער גאַסן.

די נאַכט איז געווען אַ מילדע. אַ קלאָרער, אויסגעשטערנטער הימל, אַ פולע לבנה איז געהאָנגען איבער די הויכע געביידעס. חיים ברוקמאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט, איינגעזאַפּט אין זיך די פרישע לופט, זיך אַרומגעקוקט און געזאָגט:

— אַ מחיה צו לעבן אויף דער וועלט!... נאָר די וואָלקן־קראַצער פאַרשטעלן מיר דעם הימל!.. פיר מיך אַוועק פון דער גויאישער געגנט. לאָמיר גיין צוריק צו מיינע גוטע אַלטע גאַסן, פאָרסאַיט סטריט, עלען און דעלענסי סטריט — האָט ער גערעדט פאַרבענקט.

זיי האָבן געשפּאַנט מיט געלאַסענע טריט צו דער יידישער געגנט, דערביי האָט חיים ברוקמאַן דערציילט פון זיינע קינדער, ווי אַזוי זיינע זין האָבן חתונה געהאַט מיט קריסטלעכע מיידלעך. די אייניקלעך זיינע ווייסן גאָרנישט פון קיין יידישקייט און איין שנור זיינע, וואָס איז אַ פרומע קאַטאָליטשקע, פירט גאָר די קינדער אין טשוירטש אַריין און ער אַליין פלעגט אָפט פאַרגעסן די יידישע יום־טובים...

— אָבער דאָ וועט זיין אַנדערש. איצט בין איך צוריק אין דער היים, צוריק מיט יידן.

אהרן קויפמאַן איז פּלוצעם שטיין געבליבן און אויסגערופן:

— אָט האָסטו פאָרסאַיט סטריט!

חיים ברוקמאַן האָט זיך אַרומגעקוקט פאַרוואונדערט. ער האָט דערזען עפּעס אַ פרעמדע גאַס, אַ ברייטע, אויף איין זייט אַ גאָרטן מיט בענק, מיט אַ שפּיל־פּלאַץ פאַר קינדער, אויף דער צווייטער זייט נייע געביידעס, מאָדערנע געשעפטן.

— מאַכסט פון מיר חוזק, צי וואָס? דו נאַרסט מיך, גוטער ברודער, אָפּ. איך וויל זען פאָרסאַיט סטריט. איך וויל זען די אַלטע, טייערע, צעקרימטע טענעמענטס־הייזער מיט די פייער־עסקעיפּס, מיט די צעהאָנגענע וועש.

— וועסט זיי מער נישט זען — האָט אים זיין פריינד איבער־געשלאָגן — זיי זיינען אַוועק צוזאַמען מיט אונדזערע גרינע יאָרן, מיט אונדזער יוגנט.

— פיר־זשע מיך צו דעלענסי סטריט, — האָט ער זיך נישט אונטערגעגעבן.

— עס איז נישט ווייט, אָט באַלד.

זיי זיינען געגאַנגען שווייגנדיק, יעדער מיט זיינע מחשבות.

— אַט איז דעלענסי סטריט! — האָט אויסגערופן אהרן קויפ־מאַן.

חיים ברוקמאַן האָט זיך אַרומגעקוקט, געצויגן מיט די פּליי־צעס. פרעמד... פרעמד... הויכע מויערן, נייע געביידעס נייע געשעפטן...

— אוי, נישט צו דערקענען... — האָט ער אויסגערופן — לאָמיר גאָר גיין אויף איסט בראָדוועי. פון דאָרטן טראַכט איך אַלע מאָל, ווי פון ארץ ישראל...

— דאָרטן, מיין פריינד, איז איצט פינצטער און שטיל... קום אויף עלען סטריט, ס'איז נישט ווייט. דאָרטן האָבן מיר דאָך אַמאָל געוואוינט.

זיי זיינען צוגעקומען צו עלען סטריט, אויף די גאַס האָט חיים נישט דערקענט.

— עפּעס ברייט געוואָרן, און קוקט אויס אַזוי ריין... מיט בענק און פרעמדע געשעפטן — האָט ער זיך באַקלאָגט.

— די וועלט גייט פאָראויס — האָט אים אהרן קויפמאַן אויפ־געקלערט — ווערט מאָדערניזירט, מיט אַטאָמישע באָמבעס... וואָס האָסטו דערוואַרט? אפשר נאָך צו טרעפן דעם טראַמוויי, געשלעפּט פון אַ פערדל?... יאָ, די וועלט גייט פאָראויס, נאָר מיר גייען צוריק, מיר פאָרן שוין פונעם יאַריד...

— איך האָב פיינט צו הערן אַזעלכע נאַרישע רייד... — האָט חיים פּראָטעסטירט.

פון עלען סטריט זיינען זיי צוגעגאַנגען צו עלדרידזש סטריט. ברוקמאַן האָט זיך דערפרייט. דאָ און דאָרט האָט ער דערקענט הייז־לעך, אַלטע, צעבויגענע, מיט פייער־עסקעיפּס, צעהאַנגענע וועש. אָט איז דאָך דאָס הויז, וואו ער האָט אַמאָל געוואוינט!... אונטן געפינט זיך נאָך די זעלבע קראָם. ער האָט זיך דערמיט דערפרייט ווי מיט אַן אַלטן גוטן פריינד. מיט אַ מאָל האָבן זיי דערהערט אַ געזאַנג, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אַלטן טענעמענט־הויז. זיי זיי־נען צוגעגאַנגען. עס איז געקומען פון אַ ווייַן־קעלער. זיי זיינען שטיין געבליבן און זיך איינגעהערט. אהרן האָט געוואָלט גיין ווי־טער, אָבער חיים האָט אים נישט געלאָזן:

— שאַ, שאַ, לאָמיר הערן.

און אַ געדעמפּט וויינענדיק קול האָט זיך געטראָגן איבער דער נאַכטיקער שטילער גאַס:

דער יידישער ניגון וועט אייביק לעבן,
אַזוי לאַנג ווי די וועלט וועט שטיין.
דעם יידישן ניגון האָבן אונדז די זיידעס געגעבן,
און אַזוי וועט עס אויף ווייטער גיין...

— דו הערסט כאָטש די ווערטער? — האָט חיים ברוקמאַן אויסגערופן באַגייסטערט — דאָס איז דאָך דער אַלטער, גוטער וויין־קעלער, וואָס איך געדענק נאָך פון די גרינע יאָרן!... טייער געזאַנג!... גאָלדענע ווערטער!.... — האָט ער גערעדט

מיט אַ מאָל האָט ער אַ צי געטאָן זיין פריינט ביים אַרבל:

— קום! — האָט ער אויסגערופן — קום אַראָפּ און לאָמיר אויסטרינקען פאַר אַ ניי לעבן!... פאַר אונדזער אַלטער פריינטשאַפט!... און פאַר אַלע לאַנדסלייט!...

און זיי האָבן זיךביידע מיט פעסטע טריט געלאָזן אַראָפּגיין פון די שטיגן וואָס האָבן געפירט צום וויין־קעלער.

# צביה און באַשע

— באַשע, מען קלאַפּט. שטיי אויף! ס'ווערט שפּעט!

באַשע האָט אויפגעהויבן איר גרויען צעשויבערטן קאָפּ, אויפ־געעפנט צוויי בלויע, וואַסערדיקע אויגן און געפרעגט:

— ווי שפּעט איז, חיים?

— שוין באַלד זעקס.

— אוי, אַזוי שפּעט! — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן און גענומען אַ האַלב־פאַרשלאָפענע אַרויסקריכן פון איר וואַרעמען בעט. אַ קעלט האָט אַרומגעכאַפּט איר קערפּער. זי האָט געוואָרפן אַ בליק צום פענצטער וואָס איז געווען פאַרבלימלט פון פראָסט. עס האָט אַריינ־געקוקט אַ טיפע פינצטערניש. באַשע האָט דערפילט אַ ברענענדיקן פאַרלאַנג צוריק צום וואַרעמען בעט. זי וועט ליגן כאָטש נאָך אַ צען, פופצן מינוט און וועט שפּעטער אָניאָגן די פאַרשפּעטיקטע צייט.

ס'האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּן פון יענער זייט וואַנט און אַ געדעמפּט קול האָט אַ פרעג געטאָן:

— שוין אויפגעשטאַנען, באַשע?

— אָט, שוין שטיי איך אויף, צביה לעבן.

— אין פופצן מינוט אַרום מוזן מיר פאַרלאָזן דאָס הויז.

— איך וועל זיין גרייט, — האָט באַשע געענטפערט אויף דער שכנהס קלאַפּן און איז אַרויס פון בעט.

באַשע האָט אַרומגעוואַשן איר צעקנייטשט פנים. אויף גיך אַרויפגעכאַפּט עפּעס אַ צעקנייטשט, טונקל קלייד, אָנגעוואָרעמט אַביסל גריץ און דאָס דערלאַנגט איר קראַנקן מאַן, וואָס איז אַן אומבאַהאָלפענער און אַ האַלב פאַראַליזירטער געלעגן אין בעט און געקרעכצט. זי האָט אין גרויס איילעניש אַראָפּגעשלונגען אַ פּאָר לעפל וואַרעמס. אירע מידע אויגן האָבן אומרואיק אַרומגענומען

די אומאָרדענונג פון שטוב. זי האָט באַשלאָסן אַז אַזוי גיך ווי זי וועט פאַרטיק ווערן מיט דעם היינטיקן דזשאַב, אויף וועלכן איר שכנה נעמט זי מיט, וועט זי אויפרוימען איר אייגן הויז.

צביה די קעכין איז אריינגעקומען אין הויז. זי איז געווען אַ הויכע, ברייטע יידענע מיט אַן אויפגעבלאָזן פּנים, ווי געעויערן טייג, מיט קליינע פאַרשווימענע אייגעלעך, זי האָט אין איילעניש אַ זאָג געטאָן:

— נו, מען דאַרף גייך, באַשע, ס׳ווערט שפּעט!

צביה און באַשע זיינען אַרויס אין גאַס. אַ ביטערע קעלט האָט זיי אַרומגענומען. דער פראָסט האָט געסקריפּעט אונטער זייערע פיס. באַשען האָט דער פראָסט פאַרכאַפּט ביים האַרצן. ס׳האָט איר אויסגעפּעלט אָטעם. האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און געקרעכצט:

— מיינע שונאים זאָלן האָבן אַזויפיל כּח צו לעבן, ווי איך האָב כּח צו פליקן הינער! — אַ פּאַרע האָט זיך געצויגן פון איר מויל. זי האָט שווער געאָטעמט. — און אַלץ פאַר די נישטיקע פאַר טאָלער. און וואָס מ׳שטיינס געזאָגט, איז היינט אַ טאָלער? אַפילו נישט ווי אַמאָל פופציק סענט. אפשר אַ קוואָדער... ס׳איז עפּעס גאָר נישט מיט גאָר נישט!...

— וואו אַרבעטן מיר היינט? — האָט באַשע געפרעגט ביי צביהן, וואָס האָט זי מיטגענומען אַלס אַרויסהעלפערן און איר צוגעשאַרט אַ פאַרדינסטל.

— וואָס איז אייך דער חילוק וואו איר וועט פליקן די הינער? אָט איז שוין די סאָבווײ — האָט זי אָנגעוויזן מיטן פינגער.

זיי זיינען אַריין אין אַ קאַלטער, האַלב־ליידיקער באַן, און צביה האָט גענומען דערציילן וועגן דעם שיינעם, רייכן פּלאַץ וואו זיי וועלן היינט אַרבעטן, און וועגן דער בייזער מאַדאַם, פאַר וועלכער עס ווערט געפּראַוועט אַ גאָלדענע חתונה.

— די נשמה קוועטשט זי אַרויס איבער אַ פּאָר פּעניס. האָט אין שטוב אַ וואָגשאָל און וועגט איבער יעדע זאַך וואָס די דינסטן קויפן און דינגט זיך ווי אַ קושעניריקע. ס׳האָט ביי מיר שיער נישט געפּלאַצט די גאַל ווען זי האָט מיר אַראָפּגערעכנט פינף און זיי־בעציק סענט דערפאַר וואָס איך האָב צעבראָכן אַ געשליפן גלעזל.

זיי זיינען אַרויס פון סאָבוויי און זיך געלאָזט גיין צום הויז.

— זאָל זי האָבן מיינע רומאַטעס און מיינע געשוואָלענע פיס. צ׳אָלרייט, זי קאָן זיך פאַרגינען צו קרענקען. איך קאָן מיר נישט דערלויבן צו פאָרן אין „מאָנקלעמענס״ נעמען שוועבל בעדער... זי האָט געלט קאָן זי קרענקען, — האָט צביה צוגעוואָרפן איר באַ־לעבאָסטע די לעצטע קללה איידער זיי זיינען אַריין אין שטוב.

באַשע איז געזעסן אין אַ קליין אַלקערל, לעבן קיך. אַרום איר זיינען געלעגן אויסגעלייגט געשאָכטענע הינער, אינדיקעס און גענדז. באַשע האָט געפליקט און געפליקט און אַלע מאָל האָט מען איר צוגעטראָגן פרישע עופות. — מענטשן פאַרגינען זיך אַזוי פיל. אוי, ווען זי וואָלט זיך געקאָנט דערלויבן כאָטש איין הינדל אויף יעדן שבת, וואָלט איר קראַנקער מאַן זיך מחיה געווען, און ווען זי וואָלט זיך געקאָנט פאַרגינען צו קויפן פאַר איר טאָכטער אַן אינדיק, וואָלט עס דאָך געסטייעט אויף אַ גאַנצער וואָך פאַרן גאַנצן הויז־געזינד... זי האָט אָפּגעזיפצט, געפליקט שנעלער און עס האָט זי אַרומגענומען אַ כעס אויף זיך אַליין און אויף דער גאַנצער וועלט — היינט איז דאָ אַ גאָלדענע חתונה! — האָט זי זיך פאַר־טראַכט און איר האַנט האָט אויפגעהערט צו פליקן. ס׳הינדל האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אירע דאַרע פינגער. זי האָט זיך דער־מאָנט אַז באַלד ווערט פופציק יאָר זינט זי אַליין האָט חתונה גע־האָט. ווען זי וואָלט געווען אַזוי רייך ווי די מאַדאַם פינקלבערג, וואָלט זי אפשר געפּראַוועט איר אייגענע גאָלדענע חתונה... און דאָס קעמערל מיט די הינער איז פלוצעם פאַרשוואונדן, און ווי אין אַ נעפּל, האָט זי זיך דערזען ווי אַ כלה... אַלע שמייכלען צו איר. די מוזיק שפּילט. „מזל טוב, כלה!״ — הערט זי פון אַלע זייטן. ס׳איז איצט איר גאָלדענע חתונה... און זי ענטפערט: „מיט מזל זאָלט איר לעבן״. מען שטעלט אַ חופּה, מען שענקט איר בלומען און מתנות.

— נאָך דריי! — האָט זיך געהערט אַ שטאַרקער זעץ.

באַשע האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ דערשראָקענע. האַ? ווער? וואָס?... דאָס האָט איר צביה צוגעוואָרפן נאָך דריי אינדיקעס. באַשע האָט זיך אויסגעטשוכעט ווי פון אַ טיפן שלאָף. מיט גרויס אימ־

פּעט האָט זי זיך געגומען צוריק צום פּליקן און דערביי געטראַכט אַז גאָט אַליין מוז שטאַרק פּיינט האָבן אָרעמעלייט, אויב נישט וואָלט ער זיי דאָך געמאַכט רייך... אוי, ווען זי וואָלט נישט געווען אַזוי ראָמאַנטיש אין אירע יונגע יאָרן, וואָלט זי איצט נישט געזעסן ביי יענעם אין אַלקערל און געפּליקט הינער. האָט זי דאָך געשמט אַלס דאָס שענסטע מיידל פון איר שטעטל. די רייכסטע חתנים האָבן זיך געשדכנט צו איר, נאָר פאַרליבט איז זי גאָר געווען אין חיים סויפער, אַ שיינער, איידעלער, אָבער אָרעמער בחור. זיי האָבן חתונה געהאַט, גלייך אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, און זיך דאָ אָפּ־געפּלאָגט אַ לעבן לאַנג. מסתמא איז איר מזל אַזאַ... נאָר זי קאָן דאָך נישט לייקענען אַז זי האָט געהאַט עטלעכע גליקלעכע יאָרן מיט איר מאַן. ער האָט זיך דאָ אויסגעלערנט אַ מלאכה, געאַרבעט ביי קליידער, און אויף אַלע ימים־טובים האָט ער איר אויפגעניייט אַ ניי קלייד. זיי פלעגן אָפּט אַרויספאָרן צוזאַמען מיט פריינד קיין קוני־איילענד, געפאָרן אויף פאַרשידענע, געדרייטע וועגעלעך, גע־געסן וואורשטלעך, פאַרטרינקען מיט סאָדע, געלאַכט, געשטיפּט און געפּלוידערט, אָבער דאָס איז דאָך שוין לאַנג, לאַנג פאַרביי... נאָר באַשען ווייזט זיך איצטער אויס גלייך עפּעס ווי נעכטן וואָלט דאָס אַלץ ערשט געווען... וויי, וויי ווי די יאָרן לויפן!...

צביה איז אַריינגעלאָפן אין אַלקערל און אין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ גרויסע גאַנדז.

— נאַ, ס'איז אַ „ספּעשל"! פּליק מיר אָפּ דעם פריץ — האָט זי אַ וואונק געטאָן צו באַשען — און לייג אַוועק דעם פויגל באַזונדער. איי, קאָכט דאָ, ווי אין אַ קעסל! נאָך מער ווי ביי מיר אין די טעפּ... די מאַדאַמעשי דרייט זיך אַרום און האַלט אין איין געבן אָקאָזן. זי באַפעלט, גלייך ווי זי וואָלט געווען אַ גענעראַל. זי דרייט מיטן נעזל, אַז דרייען זאָל איר אין די קישקעס!... דו וואָלסט גע־מיינט נישט אַנדערש נאָר אַז זי איז די קעניגן פון ענגלאַנד. דאָס געפעלט איר נישט, און דאָס טויג נישט. קוקט מיר אין די טעפּ אַריין, פאַרזוכט און טוט צו זאַלץ. זי קאָן גאָר נישט פאַרגעסן אַז זי איז אַמאָל געווען אַ קעכין... האָב איך איר געזאָגט אַז ווען איך אַרבעט אין קיך בין איך די באַלעבאָסטע, און אויב זי וויל

שמעקן און צוטאָן זאַלץ צו מיין קאָכן, קאָן זי זיך אָנטאָן אין מיין פאַרטעך און ווערן צוריק די קעכין... און אַז איך האָב אויס־געטאָן און איר דערלאַנגט מיין פאַרטעך, האָט זי זיך טאַקע גוט דערשראָקן און זיך גלייך אָפּגעטראָגן פון קיך... — באַשע, — האָט זי צוגעגעבן, גיב אויף גיך אַ פּליק אָפּ דעם פויגל און קום אַריין עסן.

אין דער גרויסער, רחבותדיקער קיך, ביי אַ לאַנגן טיש, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט מיט כל טוב, איז געזעסן די דינערשאַפט און געגעסן מיטאָג. עס האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון געבראָטנס און פריש געבעקס. צביה איז אַרומגעלאָפן פאַרשמייעט, אַרויסגערוקט אַ קוכן פון אויוון, אַריינגערוקט אַ צווייטן, אויפגעדעקט אַ טאָפּ, פאַר־זוכט, צוגעגאָסן אַביסל וואַסער, צוגעטאָן פעפער, און דערביי זייגען די קללות געפלויגן פון איר מויל, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין. זי האָט אויסגעטיילט פּאַרציעס, גענומען זיך אַליין אַ גרויס חלק און זיך געזעצט צום טיש עסן.

גאָסי, אַן אַלטע מויד, וואָס האָט שוין געדינט ביי די פינקל־בערגס זינט אַ סך יאָרן, האָט דערציילט, אַז מען פּראַוועט אין הויז פאַרשידענע שמחות, אָבער די היינטיקע וועט אַלץ אַריבערשטייגן. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ געפּילדער. די טיר האָט זיך ראַפּטעם אויפגעעפנט און די מאַדאַם פינקלבערג איז אַריין מיט אַ רעש. זי איז געווען שטאַרק צעפלאַמט. אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ ניי, טייער, בלוי, אַטלעסן קלייד, וואָס איז געווען באַפּוצט מיט פּערל, מיט אַ לאַנגן שלעפּ, הינטער איר איז נאָכגעלאָפן אַ מיטל־יאָריקע פרוי מיט אַן איינגעפּאַלענעם בוזעם און אַ געבויגענער פּליי־צע. אויף איר האַלדז איז געהאַנגען אַ פּאַפּירענע מאָס. אין מויל האָט זי געהאַלטן שפּילקעס. זי האָט אַרויסגענומען די שפּילקעס פון מויל און מיט צעעפנטע הענט זיך געבעטן:

— מאַדאַם פינקלבערג, איך בעט אייך, לאָזט מיך מעסטן וועל איך אייך ווייזן אַז די שלעפּ איז פונקט די לענג וואָס איר האָט באַ־שטעלט. ס'האַלט דריי יאַרד!...

— ווייזן, שמייזן, — האָט זיך די מאַדאַם געקאָכט, און אירע אויגן האָבן געברענט מיט כעס.

— אַט לאָמיר פרעגן ביי גאָסין, — האָט זי געוויזן אויפן עלטערן מיידל, — און אדרבה, זאָל זי זאָגן צי עס איז אַ שלעפּ! — און זי האָט אָנגעוויזן אויף איר פּאַוולאַק, וואָס האָט געמיניעט ווי אַ שפּיגל און זיך נאָכגעשלעפּט אויפן דיל. — דאָס איז דאָך לעכערלעך, — האָט זי געגרעדט מיט גאַל, — געדאַרפט האָט די שלעפּ האַלטן אַרי־בער דריי איילן, און אָט דער שלעפּ מעסט אַפילו נישט קיין גאַנצע צוויי... נו, וואָס שווייגסטו, גאָסי?

— איך מיין, — האָט גאָסי אונטערטעניק געשטאַמלט, — עס איז אַביסעלע... מע קאָן זאָגן, אַ סך... כ׳מיין, בע... ס׳איז... גאָר... און גאָר...

— איי, וואָס פּלאַפּלסטו דאָרטן? — האָט די מאַדאַם פּינקל־בערג נישט אויסגעהאַלטן — מען פרעגט דאָך ביי דיר! איז דאָס אַ שלעפּ ווי איך האָב ליב, צי נישט?! — און באַשע האָט געקוקט און געטראַכט, אַז פון דעם שלעפּ וואָלט דער מאַן אירער, ווען ער וואָלט נאָר געווען געזונט, געקאָנט אויפנייען אַ טייער קלייד פאַר איר אויף די יום־טובים.

— האַ, גאָסי, רעד קלאָרע רייד, ס׳איז יאָ אָדער נישט אַ שלעפּ?!

— וואָס דען איז דאָס, אַן עק פון אַ הערינג? — האָט צביה נישט אויסגעהאַלטן, און געלאָזט הערן איר מיינונג: — ס׳איז אַ שלעפּ, אַ נאַסטאַיאַשטשע שלעפּ!...

— דו חוצפּהניצע, ווי וואַגסטו?! ווער פרעגט ביי דיר? — האָט די מיסעס פּינקלבערג אַרויסגעזיפּט צווישן די ציין און דער־ביי געטאָן אַ פאַרוואָרף דעם פּאַוולאַק אויף דער לינקער האַנט און פאַרלאָזט די קיך מיט אַ קנאַק אין טיר.

אַרום צוויי ביינאַכט האָבן זיך צביה מיט באַשען געקליבן אַהיים. די גאָלדענע חתונה איז נאָך געווען אין פולן גאַנג. די מוזיק האָט געשפּילט. די געסט, אויסגעפּוצטע אין די טייערסטע קליידער, האָבן געטאַנצט. די חופּה־צערעמאָניע איז שוין לאַנג געווען אַריבער. דאָס עסן אויך. די אַרבעט פאַר באַשען און צביהן איז געווען פאַר־ענדיקט.

דער פראָסט האָט געשניטן די לופט, ווי מיט שאַרפע מעסערס.

אייז, ווי לאַנגע, ווייסע ליכטלעך, האָט אַראָפּגעהאָנגען פון די נידעריקע הייזלעך, וואָס זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער רייע און האָבן זיך שכנותדיק געטוליעט איינע צו דער צווייטער. די שטילע, רייכע גאַס איבער וועלכער ס'האָבן איצט געשפּאַנט צביה מיט באַשען איז געווען פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. צביהס און באַשעס מידע פיס האָבן זיך איינגעשניטן אין שנייאיקן פוך. צוויי האָרעפּאַשנע פרויען, אויסגעשעפּטע פון שווערער פּראַצע, האָבן זיך געשלעפּט צום סאָבוויי, צוריק צו זייער וואָכעדיק לעבן, צוריק צום חושך. יעדע איינע מיט אירע מחשבות, מיט איר אייגענער זאָרג פאַרן מאָרגן.

באַשע האָט געטראַכט פון איר קראַנקן מאַן, ווען זי האָט איבערגעלאָזט אַליין, און וועגן איר טאָכטער, וואָס איר קינד איז שטאַרק שלאַף און ווער ווייס צי זי האָט געקאָנט אָפּרייסן אַ פּאָר מינוט און צולויפן צום טאַטן. זי האָט אויך געטראַכט פונעם אָפּגעלאָזטן הויז, וואו זי וועט זיך מוזן אויפסניי איינשפּאַנען און ברענגען צו אַ שטיקל אָרדענונג. אָבער זי האָט אָפּגעשטופּט דעם געדאַנק פון שווערער אַרבעט, און בלויז געחלומט פון אַ וואַרעם בעט, וואו זי וועט אויסרוען איר מידן קערפּער.

צביה האָט מיט גרויס אָנשטרענגונג געשלעפּט אירע געשוואָלענע פיס איבערן טיפן שניי און אין געדאַנק האָט זי געציילט און ווידער איבערגעציילט דאָס געלט וואָס מאַדאַם פינקלבערג האָט איר געגעבן. עפּעס האָט נישט געשטימט. ענדלעך האָט זי אויסגערעכנט, אַז עס קומט איר מיט צוויי טאָלער מער.

— אוי, אַ קרענק אויף איר! — האָט צביה איבערגעשלאָגן די נאַכטיקע רואיקייט מיט אַ קוויטש — זי האָט דאָך מיר איינגעמאַכט צוויי טאָלער!

— ווער? האָט באַשע געוואָלט וויסן.

— ווער? ס'מאַדאַמעכל!

— אפשר האָסטו אַ טעות? — האָט באַשע זיך איינגעשטעלט פאַר דער באַלעבאָסטע.

— זי זאָל אַזוי קריגן צוויי געזונטע מכות, ווי זי האָט מיר איינגעמאַכט צוויי טאָלער! — האָט צביה אַ דערצאָרנטע געענטפערט.

מיט אַ מאָל האָט זיך צביה אָפּגעשטעלט און זיך ברייט צע־שמייכלט:

— זעסט? — האָט זי אָנגעוויזן אויף אַ גרויסער פּאַפּירענער טעקע, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט ביז צו ראַנד — זעסט? איך בין קליגער פון איר!...

— איך פאַרשטיי נישט, — האָט זיך באַשע געחידושט.

צביה האָט זיך אָנגעבויגן, האָט פון דער טעקע אַרויסגעשלעפּט אַ פּעקעלע און דאָס דערלאַנגט באַשען:

— נאַ, נעם, ס׳איז פאַר דיר!

— וואָס איז דאָס, צביה?!...

— אַ הון.

— גיי, מען טאָר נישט — האָט באַשע איר צוריקגעשטופּט דאָס פּעקעלע.

— וואָס הייסט „מען טאָר נישט"?! דו האָסט דערפאַר באַצאָלט! איך האָב דערפאַר באַצאָלט מיט פראַצע און שוויס!... זי האָט דאָך מיר אַראָפּגעגנבעט צוויי טאָלער און אפשר מער. וואָס מאַכט דאָרטן ביי זיי אויס אַ הינדל מיט אַ גאַנדז! נאַ! — האָט איר צביה געשטופּט דאָס פּעקל אין דער האַנט אַריין, — אַז נישט גיב איך דאָס אַוועק מיין אָרעמער שוועסטער.

באַשע האָט אויסגעשטרעקט אַ ציטערדיקע האַנט און שטיל געמורמלט: „פאַרגיב מיר, רבונו של עולם, ס׳איז פאַר מיין קראַנקן מאַן"... און אין געדאַנק האָט זי שוין געזען ווי דאָס הינדל קאָכט זיך און פאַרשמעקט די שטוב. זי עסט, דער מאַן עסט, און אַ גאַנצע וואָך וועלן זיי האָבן צו עסן פון דער פעטער הון...

# בלויז אויף דערווייל

חיים מילשטיין זיצט געמיטלעך אין קיך, לעבן „סינק״, און זיינע פיס שטעקן אין אַ שיסל וואַסער. אין האַנט האַלט ער אַ טעפּל, וואָס ער שטעלט אונטער אַלע ווײַלע אונטערן קראַן, צאַפּט־אָן פרישׁ, הייס וואַסער, גיסט עס אַריין אין דער שיסל. פון דעם גיסן און טאַפּטשען מיט די פיס, באַשפּריצט ער די ווענט אַרום. ער שטעלט אַוועק ס׳טעפּל אין אַ זייט, טוט אַ פּלעסק מיט די פיס, לאָזט אַרויס פון גרויס הנאה, אַ מחיהדיקן „אַה״, וואָס זיינע מידע פיס רוען זיך אַזוי רחבותדיק אויס פון דעם גאַנצן טאָג לויפן און שמייען ביי זיין מסחר.

נאָכדעם ווי ער ווישט אַרום מיט אַ האַנטוך דאָס וואַסער וואָס איז צעגאָסן אויפן דיל, לעבן דער שיסל, נעמט ער אַרויס פון וועסטל קעשענע אַ ביכעלע און אַ בלייפעדער און הויבט אָן חשבונען.

חיים מילשטיין צעשפּרייט זיך געמיטלעך אויפן בענקל; די געשוואָלענע פיס מיט די אָנגעלאָפענע אָדערן פאַרנעמען גערן דאָס הייסע וואַסער; זייער צופרידן נעמט ער קנייטשן דעם שטערן און פירן רעכענונג. ער שרייבט, מעקט, שטרייכט אויס און שטעלט־צו ציפערן. אַלע ווײַלע לייכטן ביי אים אויף די אויסגעלאָשענע אויגן, און אַ לעבעדיק פייערל צעגיסט זיך איבער זיין אויסגעמאַטערט פנים, ווען דער אונטערשטער ציפער שטימט מיט זיינע אויסרע־כענונגען.

אַזוי גייט שוין אָן די דאָזיקע רוטין יעדע נאַכט, איבער אַ יאָר צייט, זינט ער האָט זיך איינגעהאַנדלט די רעסטאָראַציע. גלייך ווי זיי פאַרמאַכן ס׳געשעפט, דערשלעפּט ער זיך אַהיים, מיט ווייב און טאָכטער; זיי נעמען זיך צו דער הויז־אַרבעט, און ער צו דער שיסל מיטן הייסן וואַסער און הויבט אָן שפּינען פּלענער פאַר אַ ליכטיקער צוקונפט.

עס טוט אים נאָר באַנג, וואָס ער האָט אָפּגעפּינצטערט אַריבער דרייסיק יאָר אין שאַפּ, ביי די מאַשין; געאַרבעט, געשפּאָרט, נאָר צו קיין געלט נישט געקאָנט קומען. פון אַ לעבן שווערער האַרעוואַניע האָט ער אָפּגעשפּאָרט טויזנט דאָלער מיט אַן אַסטמאַטישן הוסט. זיין ווייב האָט אַלץ געטענהט, אַז מען דאַרף גיין אין ביזנעס, נאָר חיים האָט נישט געוואָלט אויפגעבן אַ געזיכערטע שטעלע. אָבער גאָר פּלוצעם האָט זיך דער שאַפּ פאַרמאַכט. דעמאָלט האָט חיים מיל־שטיין באַשלאָסן צו פּרוּוון זיין מזל, איינשטעלן זיין פאַרמעגן און ווערן אַ מענטש פאַר זיך.

***

זיי האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין אַ קליין שטעטל, ביים ים, וואו מענטשן קומען זומער זיך באָדן; האָבן געדונגען אַ ליידיקע קראָם; אַריינגעשטעלט טישלעך און בענקלעך; איינגעאָרדנט אַ קיך און עס איז געוואָרן אַ רעסטאָראַן. דבורה, זיין ווייב, איז גע־וואָרן די קעכין, און די יינגסטע טאָכטער — די קעלנערקע. שבת און זונטיק פלעגן אויך אַרויסקומען די אויסגעגעבענע קינדער און צוהעלפן. קיינער האָט נישט גענומען באַצאָלט. די גאַנצע הכנסה פון רעסטאָראַן איז געבליבן אין געשעפט. דבורהס קאָכן האָט גע־שמט. שבת און זונטיק איז מען ממש געשטאַנען אין דער רייע. דער „רעדזשיסטער" האָט אַלע ווײַלע געקלונגען, און פאַר חיימס און דבורהס אויערן איז דאָס געווען ווי דאָס שפּילן פון דער שענס־טער מוזיק. דבורה האָט אָפט געזאָגט, אַז מען דאַרף גאָרנישט האָבן קיין מאָדערנע מעבל מיט צאַצקעדיקע איינריכטונגען. מען דאַרף נאָר געבן גוטע שפּייז און געשמאַקע געקעכטס, און דאָס גיט זי, און דערפאַר קומט דער עולם.

***

חיים ווייקט די פיס און טראַכט, אַז עס איז אַ שווערע האָרע־וואַניע, נאָך שווערער ווי אין שאַפּ, דערפאַר אָבער וואַרט אויף זיי אַ טייערע צוקונפט אויף די עלטערע יאָרן. אויב ס'זאָל אַזוי אָנ־האַלטן אַ יאָר דריי־פיר, ווערט ער אַ ייד אַן עושר און וועט מיט דעם אָפּגעשפּאָרטן געלט קויפן אַ פאַרם. ערשט דעמאָלט וועלן זיי

וויסן פון אַ לעבן. אַט איז ערשט אַ יאָר ווי זיי זיינען אין ביזנעס און האָבן שוין אָפּגעשפּאָרט פופצן הונדערט דאָלאַר. דאָס צווייטע יאָר, מיט אַזאַ גוטע איינגעפונדעוועטע ביזנעס, וועלן זיי זיכער אָפּשפּאָרן צוויי טויזנט דאָלאַר. וואָס אַ יאָר אַלץ בעסער. אין פאַרלויף פון דריי־פיר יאָר, וועט ער האָבן אָפּגעשפּאָרט ביי אַן אַכט און אפשר צען טויזנט דאָלאַר... יאָ, זיכער צען טויזנט.

כאָטש חיים מילשטיין אַרבעט שווער, פונדעסטוועגן פילט ער זיך איצט אַ סך בעסער אין געזונט. די געבויגענע פּלייצע גלייכט זיך צוביסלעך אויס; זיין איינגעפאַלענער גוף האָט אויף זיך גענומען וואָג; דער געלבלעכער קאָליר פון פּנים האָט אָנגענומען אַ ראָזעווע פאַרב. בלויז די פיס דינען אים נישט, נישט געוואוינט צו שטיין. ער איז נאָך אַ יונגער מענטש — טראַכט ער — ערשט אין די פופציקער, און אַז מען אַרבעט שווער פאַר זיך אַליין, פילט מען זיך גאָר ווי אַן אַנדער מענטש. עס איז פאָרט נישט אַזוי שווער ווי אַרבעטן פאַר פרעמדע. אַ לעבן אָפּגעאַרבעט יענעם רייך צו מאַכן. איצט זעט ער שוואַרץ אויף ווייס, אַז ער וועט בקרוב זיין אַ ייד אַן עושר. און ער נעמט ווידער חשבונען: מיטן אָפּגעשפּאָרטן געלט, וועט ער זיך איינהאַנדלען גאָר אַ וואַזשנע פאַרם, מיט קי, פערד און הינער, מיט אַ סך לאַנד און פעלדער מיט קאָרן, און ביימער מיט אויפּס און אַז גאָט גיט אַ גוט, געראָטן יאָר, קאַסירט מען איין געלט פון יעדן ביימל אויפּס און פון דער פעטער ערד — קאַרטאָפל, מערן, ציבעלעס...

חיים שניצט דעם בלייפעדער און חשבונט, ער שרייבט און מעקט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר: פון די הינער, וועט ער האָבן אייער. פינף הונדערט אייער וועט ער אַוועקלייגן אויסצובריען אויף קליינע הינדעלעך; די פינף הונדערט הינדעלעך וועט ער כאָוועז, וועלן זיי אויסוואַקסן און ברענגען אַזויפיל און אַזויפיל... פינף הונדערט הינער, פינף הונדערט אייער. זיבעציק סענט אַ טוץ אייער. שפּעטער, אַז די הינער וועלן שוין מער נישט לייגן קיין אייער, וועט ער זיי פאַרקויפן. די קי וועלן געבן מילך. פון מילך מאַכט מען סמעטענע. פון סמעטענע — פּוטער און קעז. פיר קי — דרייסיק קוואָרט מילך... ער וועט פלאַנצן קאַרטאָפל, בוריקלעך, ציבעלעס און רעטעכלעך

און פֿאַרשיידענע אַנדערע גרינסן. נאָכן שניט פֿון די פֿעלדער, וועט ער לאָזן צובויען נאָך צוויי שטיבלעך צו זיין כאַטקע, אַז די קינדער און אייניקלעך וועלן קומען, זאָל זיין פּלאַץ בריווח. נאַט, — וועט ער זאָגן, — רוט זיך אויס אויף מיין אימעניע, ביים ייִדן! נעבעך אַ רחמנות אויף די קינדער, אין אַזעלכע היצן אין ניו־יאָרק...

דבורה, זיין ווייב, שטייט געבויגן איבערן פּרעס־אייזן און פּרעסט ווייסע פֿאַרטעכער פֿאַר זיך און דער טאָכטער, פֿאַרן מאָרגנדיקן טאָג. איר איינגעשרומפּענע פיגור וויגט זיך אַהין און צוריק מיטן גליטשן פֿון אייזן. דאָס מאַטע פֿאַרמעט־פּנים מיט די גרויע וואַסערדיקע אויגן דריקן אויס עפּעס אַ באַהאַלטענע מורא.

שוין עטלעכע מאָל ווי זי וויל עפּעס זאָגן איר מאַן, נאָר דער־זעט זי ווי יענער איז איינגעוויגט אין חלומות, האָט זי נישט קיין האַרץ. עס פֿעלט איר מוט, אים צו זאָגן וועגן די קלאַנגען וואָס האָבן זיך צו איר דערטראָגן, דאָס וואָס עס האָט איר געזאָגט די מיסעס צווייגמאַן, אַז פּונקט אַנטקעגן איר האָט אַ שטאָטישער רעסטאָראַטאָר אָפּגעדונגען די בודקע און גייט דאָרט אויסבויען אַ מאָדערנעם רעס־טאָראַן, אפשר איז דאָס פֿאָרט ניט מער ווי אַ קלאַנג? צו וואָס אים ערגערן? מאַלע וואָס זי זאָגט אַלץ. און דערווייל שטייט נאָך די בודקע ליידיק. זי ווייסט גוט, אַז די קרעמערקע צווייגמאַן פֿאַרגינט איר נישט ס׳גליק פֿון אַ גוט געשעפֿט. נו, זאָל זי אַזוי שווער האָ־רעווען אין איר שפּייז־קראָם, ווי זי מיטן מאַן און קינדער, טאָג און נאַכט, וועט זי אויך מאַכן אַ לעבן. — טראַכט פֿאַרביטערט דבורה. — מען שאַצט זיי, אַז זיי האָבן שוין אָפּגעשפּאָרט אַ פֿאַרמעגן, שווערע טויזנטער. האָט זי זיך דאָך טאַקע געבעטן ביי איר מאַן אַז ער זאָל אויפֿהערן דערציילן מענטשן וועגן די גרויסע פֿאַרדינסטן וואָס דער רעסטאָראַן ברענגט זיי. מענטשן האָבן גרויסע אויגן און מען קאָן נאָך חלילה... ניין, קיינער וועט נישט פֿאַרבייטן איר געשמאַקן קאָכן אויף אַ שיינעם רעסטאָראַן. זי האָט געשוואוירענע קונים. נישטאָ זיך וואָס צו זאָרגן.

**
*

מיט צוויי חדשים שפּעטער, האָט זיך דער נייער רעסטאָראַן אַנטקעגנאיבער געעפֿנט מיט גרויס פּאַראַד און פּאָמפּע. אַ גרויסע,

עלעקטרישע שילד, מיט קאָלירטע לעמפּעלעך און פלאַמיקע אותיות האָט געלאָזן וויסן, אַז עס איז ניי, מאָדערנע, און ביליק. צו יעדן מיטאָג, קריגט דער קונה אַ מתנה: אַ מאַן — אַ ציגאַרן־שפּיצל; אַ פרוי — אַ בייטעלע. ס׳גאַנצע שטעטל מענטשן האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום נייעם רעסטאָראַן, און אַלעמאָל איז אָנגעקומען אַ נייער שטאָפּעט, אַ „גוטער־פריינט״, וואָס האָט געלאָזן וויסן חיימען און דבורהן, אַז דאָס עסן דאָרטן איז עפּעס גאָר אַן אַנטיק, און עס שפּילט נאָך דערצו מוזיק. מען וואַרפט אַריין אַ פינף־סענט שטיק, אַ דריק ס׳קנעפּל, און די מוזיק צעשפּילט זיך. נו, דאָס דאַרף מען חיימען און דבורהן נישט דערציילן, ווייל דער הילכער וואָס יענע האָבן איינ־געאָרדנט הילכט־אָפּ איבער דער גאַנצער גאָס. וואָס זיי קאָנען נישט פאַרשטיין, איז די ביליקע פרייזן... שפּייז איז טייער, און דאָרט גיט מען אַלץ אַוועק ממש אומזיסט. אָבער ס׳איז פאָרט נישט קיין היימיש עסן — האָט דבורה געטרייסט, — נישקשה, זאָלן זיי אָפּ־הוליען. זיי וועלן קומען צוריק צולויפן צו אירע געפילטע פיש, געהאַקטע לעבערלעך...

אָבער דערווייל איז געוואָרן שלעכט. ביזנעס איז געפאַלן כמעט אויף אַ העלפט. האָבן חיים, און אַמאָל דבורה, זיך גענומען בגנבה פאַרביידרייען דעם נייעם רעסטאָראַן, וואַרפן אַ זייטיקן בליק, און האָבן געזען אַז דאָרט איז אַ געפּאַקטער רעסטאָראַן, האָט עס זיי אַ צופּ געטאָן ביים האַרצן. האָבן זיי זיך געטרייסט אַז יענע וועלן באַלד דאַרפן העכערן די פרייזן, אַז נישט וועלן זיי פאַרלירן קורחס אוצרות.

אָבער ווען דבורהס געשוואוירענע קונים זיינען אויך אַוועק אַהין, האָט דאָס זיי פאַרדראָסן. חיים האָט באַשלאָסן מער נישט צו שווייגן, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָנקורענץ:

האָט יענער אַרויסגעשטעלט אַ קאַרטע וואָס רעכנט־אויס אַ מאָלצייט פון זיבן געריכטן פאַר אַ דאָלאַר מיט דרייסיק סענט, האָט חיים אַרויסגעשטעלט אַ גרויסע שילד אַז ער גיט אַ מיטאָג פון זיבן געריכטן, און גיט נאָך צו אַ פלעשל סאָדע־וואַסער, פאַר אַ דאָלער מיט צוואַנציק סענט. באַלד צומאָרגנס איז אָבער שוין דאָרט גע־שטאַנען אַ גרויסער טאָוול אין פענצטער, מיט אַן אויסגערעכנטן מיטאָג פון אַכט מאכלים — פאַר ניינציק סענט, און דערצו אַ פריי

גלאָז ביר. האָט חיים אויך אַרויסגעשטעלט אַ גרויסן טאָוול, מיט שרייענדיקע, גרויסע אותיות, וואו עס איז געשטאַנען אויסגערעכנט פּונקט דער זעלבער מיטאָג ווי ביי זיין קאָנקורענט, מיט אַ צוגאָב פון אַ גלאָז ביר מיט אַ שטיקל קישקע.

דבורה האָט זיך געבעטן ביי איר מאַן, ער זאָל אויפהערן קאָנקורירן, ווייל זייער אַרבעט איז פאַרן טייוול, זיי דערלייגן געלט. נאָר חיים מילשטיין איז אַוועק אין אַזאַ גאַלאָפּ פון שניידן פּרייזן און אָנלערנען זיין קאָנקורענט, אַז מען האָט אים מער נישט געקאָנט איינהאַלטן, און זיין ווייבס טענהן, בעטן און טרערן, זיינען געפאַלן אויף טויבע אויערן.

***

נאָך אַכט חדשים ביטערער קאָנקורענץ, האָט חיים מילשטיין אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג: דער נייער רעסטאָראַן האָט זיך פאַרמאַכט, יענער האָט באַנקראָטירט, און חיים מיט דבורהן זיינען ווידער געבליבן אַליין.

אָבער דער ריס איז געווען טיף. די קאָנקורענץ האָט אויפגעגעסן די אָפּגעשפּאָרטע פופצן הונדערט דאָלאַר; אויך אַפילו די טויזנט, וואָס זיי האָבן אַריינגעלייגט אין געשעפט; און זיי זיינען נאָך געוואָרן פאַרשולדיקט מיט אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר.

דבורה האָט פון גרויס ערגערניש אָנגעהויבן שטאַרק אונטערצוקרענקען און האָט מער נישט געקאָנט שטיין טעג און נעכט ביים הייסן אויוון און קאָכן. חיימס אַסטמאַטישער הוסט האָט זיך אומגעקערט, אָבער ער האָט געפּרואווט אים אַלעמאָל פאַרשטיקן, ס'ווייב זאָל נישט הערן.

סוף כל סוף האָט חיים זיך געמוזט אונטערגעבן און פאַרמאַכן זיין רעסטאָראַן. ווייל אָנשטעלן אַ קעכין, צאָלן דירה-געלט, עלעקטריע און גאַז — דערויף האָט שוין די ביזנעס נישט געטראָגן. און העכערן די פּרייזן האָט מען אויך נישט געקאָנט. מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך געווערט, געקעמפט, נישט געוואָלט פאַרמאַכן, נישט געוואָלט אונטערגיין, אָבער עס איז נישט געווען קיין אַנדערע ברירה.

***

חיים מילשטיין זיצט ווידער אין קיך. די פיס ווייקט ער מער נישט, ווייל ער איז מער נישט מיד. ער אַרבעט נישט. ער האַלט אָבער יאָ אַ בליישטיפט אין האַנט, פירט אים איבערן ווייסן פּאַפּיר, חשבונט און מאַכט פּלענער. זיין ווייב זיצט דערנעבן. מיט אַ מאָל דרייט ער זיך אויס צו דבורהן און זאָגט:

— אַט האָסטו עס! איינגאַנצן קומען מיר אָפּצוגעבן חובות אַרום פיר הונדערט דאָלאַר. דאָס קאָנען מיר אָפּצאָלן מיט אונדזער פּאָליסי, און אויב מיר וועלן קאָנען קריגן געבאָרגט דריי טויזנט דאָלאַר, וועלן מיר קאָנען איינצאָלן און קויפן אַ שטיקל פּאַרם. איך האָב, חלילה, נישט באַנקראָטירט. מיין נאָמען און קרעדיט זיינען גוט...

ענטפערט אים דבורה:

— ווער וועט דיר איצט באָרגן טויזנטער דאָלאַרן? רעדסט נאַרישקייטן, חיים. קודם וואָלסטו געדאַרפט צוריקגיין צו דער אַרבעט, וועסטו אָפּצאָלן די חובות, וועלן מיר דערנאָך אָנזאַמלען פריש געלט און גיין אין ביזנעס, און שפּעטער ערשט קויפן אַ פּאַרם.

— איצט, מיין ווייב, רעדסט דו שוין נאַרישקייטן. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז קיין דזשאַבס וואַלגערן זיך נישט אַרום, און אויב שוין יאָ אַ שטעלע, קריגן עס יינגערע פּאַר מיר. און פון די קלענסטע ביזנעס איז אַלץ דאָ אַ גרעסערער טשענס ווי פון דעם בעסטן דזשאַב.

— ס'איז דאָ פאַר דיר אַ טייערע שטעלע. מיינסט אַז איך שלאָף? איך האָב זיך נעכטן געזען מיט אונדזער לאַנדסמאַן, בערגער, פון דער „קלאָוק ענד סוט קאָמפּאַני", האָט ער מיר געזאָגט אַז דו זאָלסט אַרויפקומען צו דער אַרבעט. איך וועל פאַרדינגען אונדזער לילים בעדרום, זי וועט שלאָפן אין עס-צימער, וועלן מיר קאָנען שפּאָרן אַן עקסטראַ פּאַר דאָלאַר און קומען צוריק צו אַביסל געלט, וועלן מיר שפּעטער נאָכאַמאָל טראַכטן ביזנעס.

— נו, און אין „סלעק" האָסטו פאַרגעסן? — האָט חיים געפרעגט — ס'איז דאָך בלויז זמן-אַרבעט און באַלד ווערט אויס. וואָס מיינסטו, ס'איז דיר אַן אייגענע ביזנעס, אַ רעסטאָראַן וואו ס'רעדל דרייט זיך אַ גאַנץ יאָר, מיט אַ „רעדזשיסטער" וואָס קלינגט מיט דאָלאַרן? — האָט ער זיך נאָך אַלץ נישט געוואָלט אונטערגעבן.

— דערפֿאַר האָבן מיר דאָך עפּעס „סאָשעל סעקיוריטי”, אַ טייערע רעגירונג, וואָס צאָלט דיר יעדע וואָך אַ געהאַלט, אַזוי לאַנג ווי דו אַרבעטסט נישט און רוסט זיך אויס שטיל, רואיק, אָן קאָפּ־דרייעניש.

— כ'מיין אָבער, אַז — האָט ער זיך שוין שוואַך געוועדט — לאָמיר נאָך פּרובירן. האַ? איך וויל...

אָבער זי האָט אים נישט געלאָזט ענדיקן:

— חיימל, ס'איז דאָך נאַר אויף דערווייל...

חיימל האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין ווייב און אַ לעבעדיק פֿייערל האָט אויפֿגעבליצט אין זיינע אויגן. נאָך אַ ווײַלע שוויגן האָט ער אַרויסגערעדט שטיל, אָבער מיט גרויס בטחון:

— נו, טאַקע, עס איז דאָך נאַר בלויז אויף דערווייל...

# די אַנדערע

ראַיושאַ איז געזעסן אַן איינגעקאָרטשעטע אין אַ ווינקל פון גע־פּאַקטן „טשאַפּל״ און זיך איינגעהערט אין די רעדעס וואָס מ׳האָט געהאַלטן וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם:

„... ד״ר אַלעקסאַנדער רובין איז געווען אַ מאָדערנער למד־וואָווניק, אַ צדיק, אַ מענטש אָן אַ גאַל. נישט נאָר האָט ער נישט גענומען באַצאָלט פון אָרעמע פּאַציענטן, נאָר אָפט האָט ער נאָך גע־געבן געלט פאַר דער מעדיצין און איבערגעלאָזט עטלעכע דאָלאַר פאַר דער אָרעמער פאַמיליע. דאָקטאָר רובין איז אויך געווען אַ גע־טרייער מאַן און אַן איבערגעגעבענער פאָטער״...

ראַיושאַ האָט אויפגעהויבן דעם געבויגענעם קאָפּ און געקוקט מיט פאַרוויינטע אויגן צו דער טיר, אפשר וועט נאָך פאָרט קומען די וואָס אויף איר איז זי געווען אייפערזיכטיק אַלע יאָרן וואָס זי איז געווען אַלעקסאַנדערס געליבטע. אָבער יענע — נישט זי קומט און צווישן עולם איז זי אויך נישטאָ. דאָס האָט ראַיושאַן אַביסל באַרואיקט און זי האָט זיך געמאַכט פאַרוואורפן, דערפילט אַ גרויסע חרטה אויף דעם וואָס זי איז אים און זיך אומזיסט דערגאַנגען די יאָרן.

אין דער זעלבער צייט האָט ראַיושאַ געקוקט מיט אַ געפיל פון רחמנות און טיפער סימפּאַטיע צו אַלעקסאַנדערס ווייב, וואָס איז געזעסן אין דער ערשטער רייע, אַנגעשפּאַרט צווישן דער טאָכטער און דעם זון. ראַיושאַ האָט געזען ווי מ׳האָט זי כמעט אַריינגעטראָגן אין דעם „טשאַפּל״. ווייסט זי דאָך, אַז יענע איז שוין באַלד אַ פערטל יאָרהונדערט אַן אינוואַליד, אַ קריפּל. עס האָט איר נאָר גע־וואונדערט וואָס זי האָט איבערגעלעבט איר מאַן, וועלכער איז געווען שיין, הויך שטאַרק און האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויף קיין שוואַכן געזונט.

„...ד״ר אַלעקסאַנדער רובין״, — האָט שוין אַ צווייטער רעד־
נער גערעדט — „איז נישט נאָר געווען גוט צו זיינע פּאַציענטן; ער
איז געווען גוט צו אַלע ליידענדע. ער האָט זיין פרייע צייט אַוועק־
געגעבן צו קהלשע ענינים. אַחוץ זיינע גרויסע ביישטייערונגען, האָט
ער אָפּט געהאַלטן לעקציעס און מיט זיינע מוטיקע אויפטריטן גע־
וועקט דעם עולם צו גוטע מעשים. ער האָט געפונען זיין גליק אין
שווערער אַרבעט פאַר אָרעמע און אונטערדריקטע״.

ער האָט געפונען גליק ביי מיר — האָט ראַיושאַ געטראַכט —
אַזוי פלעגט אַלעקסאַנדער יעדנפאַלס איר זאָגן, ווען ער פלעגט קו־
מען צו איר און ווען זיי פלעגן פאַרברענגען צוזאַמען.

די ערשטע צוויי יאָר פון זייער ליבע זיינען אַוועק געמיטלעכע,
גליקלעכע. אויפן דריטן יאָר האָט פּאַסירט עפּעס וואָס האָט צוגע־
נומען ביי ראַיושאַן איר רו, דעם גלויבן אין מענטשן און אין איר
געליבטן, כאָטש נישט איר ליבע פאַר אַלעקסאַנדער רובין.

יאָ, זי געדענקט עס קלאָר און וועט עס אייביק געדענקען: ס׳איז
געווען מיט אַ צוועלף יאָר צוריק. זי איז מיט אירער אַ פריינדין
אַוועק זען אויף בראָדוועי אַ פּיעסע, וואָס מ׳האָט געשפּילט מיט
גרויס דערפאָלג. זי איז געקומען אַביסל שפּעטלעך, אין טעאַטער
איז שוין געווען פינצטער. זי האָט זיך שטיל אַוועקגעזעצט, און ווען
עס איז געוואָרן ליכטיק, האָט זי זיך אַרומגעקוקט. מיטאַמאָל האָט
זיך אַ וואַקל געטאָן דער גאַנצער טעאַטער. זי האָט געזען קעפּ,
קעפּ, און איין קאָפּ איז געווען אַלעקסאַנדערס און דער צווייטער —
אַ בלאָנדער פרויס לעבן אים. ראַיושאַ האָט געזען ווי ער האָט זיך
צוגעבויגן צו איר, עפּעס שטיל געזאָגט. יענע האָט אַ שמייכל גע־
טאָן, געשאָקלט דעם קאָפּ אויף יאָ. באַלד האָט זי זיך אויפגעהויבן.
זי איז געווען אַ הויכע דאַמע, אַ פעסט־געבויטע, מיט האַרטע גע־
זיכט שטריכן.ביידע זיינען אַרויס אין פאָיע. ראַיושאַ האָט זיך דע־
מאָלט אָנגעכאַפּט אָן דער פריינדינס אָרעם, שטום אָנגעוויזן אויף
דעם פּאָרל. אַליין האָט זי זיך געוואָלט אויפהויבן און אַרויסלויפן,
אָבער די פיס האָבן איר נישט געדינט. דאָס לשון האָט איר אָפּגע־
נומען. זי איז אינגאַנצן געוואָרן ווי אַ שטיק בליי. איר פריינדין

איז זיי נאָכגעגאַנגען, צוריקגעקומען און בלויז געזאָגט, אַז זי האָט געהערט ווי אַלעקסאַנדער האָט יענער גערופן „מערי״.

גלייך ווי עס איז ווידער געוואָרן פינצטער, האָט ראַיושאַ פאַר־לאָזט דאָס טעאַטער. יענע נאַכט איז זי נישט געשלאָפן. זי האָט אַ וואַכע געשפּאַנט פון איין צימער אין צווייטן און כסדר גערויכערט. זי האָט קוים דערלעבט צו זען ווי עס ווערט טאָג. זי האָט מיט אומגעדולד געוואַרט ער זאָל זי רופן אויפן טעלעפאָן. צען אַזייגער האָט ער, ווי יעדן טאָג, איר טעלעפאָנירט, זי אויסגעפרעגט ווי זי פילט זיך, צי איז זי גוט געשלאָפן, און איר געזאָגט אַז ער האָט זי ליב... ס׳איז איר געוואָרן קלאָר, אַז ער האָט אין טעאַטער זי נישט געזען. זי האָט זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און אַ פרעג געטאָן:

— ווי אַזוי איז דיין דאַמע, מערי, געפעלן די פּיעסע?...

ער איז געוואָרן אַביסל צעטומלט, אָבער גלייך האָט ער זיך קאָנטראָלירט און געזאָגט, אַז דאָס איז אַ פּאַציענטקע, אַן אַלטע באַ־קאַנטע, וואָס ער האָט נעכטן צופעליק באַגעגנט. ער האָט אַ סך גערעדט, אָבער ראַיושאַ האָט אים גאָרנישט געגלויבט.

זינט דעמאָלט איז איר לעבן מיט איר געליבטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום. עס איז געקומען צו שטענדיקע קריגערייען. זי איז געוואָרן אַלץ מער אייפערזיכטיק אויף דער אַנדערער און אַלעקסאַנדער האָט איר געהאַלטן אין איין באַווייזן אַז זי האָט נאַרישע איינרעדענישן, וויסטע האַלוצינאַציעס.

מיטאַמאָל איז איר אויפגעפאַלן, אַז ער האָט אויפגעהערט צו פאַרברענגען מיט איר די פרייע זונטיקס. ער האָט גענומען פאַר־שווינדן. אַלעמאָל האָט ער געהאַט אַ פרישן תירוץ: אָט מוז ער זיין ביי אַ געפערלעכן חולה; אָט מוז ער מאַכן אַן אָפּעראַציע; מאָדנע, אין די פריערדיקע יאָרן האָט בלויז צוויי מאָל פּאַסירט, אַז ער האָט געמוזט זיין זונטיק ביי קראַנקע. דעמאָלט איז זי מיט אים מיט־געפאָרן און זי האָט געוואַרט אויף אים אין זיין אויטאָמאָביל ביז ער איז אַרויסגעקומען, און זיי האָבן פאַרבראַכט די רעשט פון דעם טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט צוזאַמען.

ראַיושאַ האָט געוואוסט, אַז ווען מ׳האָט באמת ליב, ווערן אַלע

שטערונגען באַזייטיקט. אויך האָט זי באַמערקט, צו איר גרויסער אַנטוישונג, אַז ער פאַרענטפערט זיך מער נישט אַזוי שטאַרק, ווען זי באַשולדיקט אים אַז ער טרעפט יענע. דערצו האָבן זיך אָנגעהויבן דערטראָגן צו איר קלאַנגען, אַז מען טרעפט אים אָפט מיט אַ בלאָנדער דאַמע...

אין איינעם אַ זונטיק, האָט ער איר געלאָזט וויסן — שוין צום ווי־פילטן מאָל — אַז ער וועט זי, ראַיושאַ, נישט קאָנען באַגעגענען, ווייל ער דאַרף אין שפּיטאָל דורכפירן אַ שווערע אָפּעראַציע. אָבער ווען זי האָט שפּעטער אָנגעקלונגען אין שפּיטאָל, האָט מען איר געזאָגט, אַז ד״ר רובין האָט היינט נישט קיין שום אָפּעראַציע און אַז מען דערוואַרט אים ערשט מאָנטיק דריי אַזייגער נאָכמיטאָג. ווען זי האָט זיך מיט אים ווידער געטראָפן און אים באַוויזן, אַז זי רעדט נישט גלאַט ווי אַן אייפערזיכטיקע פרוי וואָס האָט צווייפלען און פאַרדאַכטן, נאָר אַז זי האָט אַ גרונד צו גלויבן אַז ס׳איז פאַראַן אַ צווייטע; אַז זי ווייס אַז ער איז גאָר אין שפּיטאָל נישט געווען; האָט ער מער נישט געלייקנט. ער האָט צוגעגעבן אַז ער זעט מערין, נאָר דאָס הייסט נישט, אַז ער האָט ליב די אַנדערע...

האָט ראַיושאַ אים געשטעלט אַן אולטימאַטום: אָדער זי אָדער יענע, און... ער איז אַוועק צו יענער...

נאָך צוויי יאָר איז ער צוריקגעקומען און איר געלאָזט וויסן, אַז ס׳איז אויס מיט מערין, ווייל ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ער האָט ליב בלויז איר. האָט זיך ראַיושאַ איבערגעבעטן מיט אַלעקסאַנדערן. אָבער די גאַנצע צוועלף יאָר נאָכדעם, איז יענע איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שוואַרצער שאָטן און איר פאַראומערט דאָס לעבן. ראַיושאַ האָט אים פאַרגעבן, אָבער זי האָט נישט פאַרגעסן. ספיקות האָבן כסדר געפרעסט איר האַרץ. איז ער ערגעץ אַוועק און נישט געקומען אין דער צוגעזאָגטער צייט, האָט זי גלייך דערזען „די אַנדערע״... ראַיושאַ האָט געזען מערין, ווען זי אַליין איז געזעסן בייטאָג אין אָפיס און געאַרבעט. איר געשטאַלט האָט זי פאַרפאָלגט אַפילו ווען זי האָט פריילעך פאַרבראַכט צווישן מענטשן. אָפט איז זי געלעגן אין די נעכט וואַך אויף איר געלעגער און דער שלאָף איז נישט געקומען. עס איז אויסגעוואַקסן די הויכע, בלאָנדע

מערי און האָט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט איר אַריינגע־לאַכט אין פּנים: ניין, נישט דיך האָט ער ליב! איך, איך בין זיין אויסדערוויילטע!...

איצט, זיצנדיק אין „טשאַפּל״, האָט ראַיושאַ נאָך אַלץ געזוכט די אַנדערע. אויב עס וואָלט עקסיסטירט כאָטש אַ פריינדשאַפט, — האָט זי געטראַכט, — וואָלט דאָך יענע געקומען אים אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד. ניין, זי איז נישטאָ! און ראַיושאַ האָט דערפילט עפּעס ווי אַ דערלייכטערונג. אָבער צו דער זעלבער צייט האָט זי זיך אויך דערפילט שולדיק קעגן איר געליבטן. אוי, ווען ער וואָלט איצט גע־לעבט, וואָלט זי אים געפאַלן צו די פיס און אים געבעטן ער זאָל איר פאַרגעבן פאַר איר צווייפלען און פאַר איר יאָדען אים. איר גאַנץ לעבן וואָלט זי אָוועקגעגעבן, פאַר כאָטש נאָך איין מאָל רעדן מיט אים. ראַיושאַ האָט איינגעהאַלטן די טרערן. זי האָט נישט גע־וואָלט אַז מענטשן זאָלן זען ווי עס זיצט דאָ אַ פרעמדע און וויינט... מאָרגן וועט זי גיין אויפן בית־עולם. דאָרטן וועט זי קאָנען פריי וויינען און אויסרעדן איר שווער האַרץ פאַר אים...

זי האָט געזען ווי מען טראָגט אַרויס דעם קאַסטן און ווי זיינע נאָענטסטע זעצן זיך אַריין אין אויטאָמאָבילן, אַ סך אויטאָמאָבילן, אָנגעפילט מיט משפחה, פריינד. זי וואָלט אַזוי גערן אַריין אין איינעם פון די אויטאָמאָבילן און מיטגעפאָרן אים באַגלייטן אויף זיין לעצטן וועג. אָבער זי איז געבליבן שטיין און געזען דורך פאַר־נעפּלטע אויגן ווי עס נעמט געלאָסן פאָרן דער ארון, ווי עס גייט אויף אייביק אָוועק פון איר דער נאָענטסטער, דער טייערסטער. ראַיושאַ האָט נאָך אַלץ זייער פאָרזיכטיק באַקוקט יעדע פרוי, וואָס האָט זיך אַריינגעזעצט אין די אויטאָמאָבילן. ניין, מערי איז דאָרטן נישטאָ. זי האָט זיך פאַרשעמט פאַר איר שוואַכקייט. נאָך איצט אויך! — האָט זי זיך אַליין געמוסרט — אָ, טייערער, פאַרגיב מיר! ווי גוט וואָלט געווען ווען דו וואָלסט געשטאַנען אויף מיין אָרט!...

***

די גאַנצע נאַכט איז ראַיושאַ געווען צווישן וואַך און דרימל. מיטן ערשטן בליאַסק אויף טאָג איז זי אויפגעשטאַנען. זי האָט מיט

אַ פּיבערדיקער אומרואיקייט זיך גענומען גרייטן צו גיין אויף דעם בית־עולם. זי האָט דערביי געהאַט דאָס געפיל, ווי זי וואָלט גע־גאַנגען צו אַ באַגעגעניש מיט איר געליבטן. יאָ, זי וועט זיך מיט אים היינט דורכרעדן... אים אויסדערציילן אַלע אירע ליידן, די ראַנגלענישן אירע, וואָס זי האָט אים גאָרנישט געוואָלט זאָגן ווען זיי ביי זיין לעבן. און אים בעטן ער זאָל איר מוחל זיין פאַר די ערגערנישן וואָס זי האָט אים פאַרשאַפט. האָט דאָך זיין האַרץ נישט אויסגעהאַלטן. האָט זי נישט אַמאָל געהאַט אַ חלק אין זיין פרי־צייטיקן טויט? ניין, מיט זיין אַוועקגיין האָט זיך גאָרנישט פאַר איר געענדערט. ערשט ווען זי וועט אַוועק אויף איר אייביקן וועג, וועט זי אים אויפהערן ליב צו האָבן.

איידער ראַיושאַ איז אַרויס פון הויז, האָט זי אַ קוק־געטאָן אין שפּיגל און עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי האָט זיך אין דעם מעת־לעת שטאַרק פאַרענדערט. איר מיטלוואוקסיקע פיגור איז געוואָרן דינער און געבויגענער. פון איר בלאַס פּנים האָט אַרויס־געקוקט אַ פּאָר פאַראומערטע, ברוינע אויגן. זי האָט אָנגעטאָן אַ שוואַרצן הוט, אַרונטערגעשטופּט אירע שוואַרצע, געדיכטע האָר, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך אַ לייכטן, טונקעלן מאַנטל און זיך געלאָזט גיין צום בלומען־געשעפט.

***

אויפן בית־עולם איז געווען שטיל, רואיק. דער אינדיאַנישער זומער האָט געכישופט מיט רייכע פאַרבן. פון דעם קלאָרן, בלויען הימל האָט גאָלדיק געשיינט די זון, די ביימער האָבן זיך געשאָקלט און סודותדיק גערוישט, געוואָרפן פון זיך ברוינע, רויטע און געלע בלעטער.

ראַיושאַ איז געשטאַנען לעבן דעם פרישן קבר פון איר גע־ליבטן. זי האָט דאָרט אַוועקגעלייגט רויטע רויזן. דערנאָך האָט זי זיך געלאָסן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד. זי האָט אָנגעשפּאַרט איר מידן קאָפּ אויף דעם פרישן בערגל, אַט אַזוי ווי זי פלעגט אַמאָל אָנשפּאַרן איר קאָפּ אויף זיין שטאַרקן אַקסל, און מיטאַמאָל האָט זי זיך שטאַרק צעוויינט. זי האָט געלאָזט לויפן די טרערן פריי, אָן מורא, און דערביי האָבן ווערטער גענומען שטראָמען פון איר מויל:

„פֿאַרגיב מיר, טייערער, פֿאַר אַלע מיינע צווייפֿלען, פֿאַר די אומ־זיסטע ליידן און ערגערנישן וואָס איך האָב דיר פֿאַרשאַפֿט מיט מיין אומזיניקער אייפֿערזוכט! ווי אַנדערש וואָלט איצט געווען, ווען דו וואָלסט געקאָנט זיין אַ לעבעדיקער! אָבער פֿאַר מיר ביסטו נישט טויט. איך וואָלט גערן אַוועקגעגעבן מיין נאַריש לעבן, וואָס האָט איצט נישט קיין שום זין, כאָטש נאָך איין מאָל צו הערן דיין קול״!...

זי האָט לאַנג גערעדט און אַלץ טיפֿער איינגעגראָבן איר קאָפּ אין זיין קבר, און עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי הערט זיין שטים אין דעם רוישן פֿון ווינט.

מיט אַ מאָל האָט זיך איר געדוכט אַז זי הערט טריט. די טריט זיינען טאַקע געוואָרן אַלץ נעענטער. זי האָט אַ דערשראָקענע אויפֿגעהויבן איר קאָפּ, און דורך פֿאַרטרערטע אויגן דערזען לעבן זיך אַ הויכע געשטאַלט פֿון אַ פֿעסט־געבויטער, בלאָנדער פֿרוי. ניין, עס קאָן נישט זיין! — האָט ראַיושאַ מיט שרעק געטראַכט. אפֿשר זעט זי פֿאַר זיך אַ געשפּענסט? אַ שאָטן?... זי האָט מיט דעם טי־כעלע אויסגעווישט די רויט־פֿאַרוויינטע אויגן און האָט איצט קלאָר געזען: פֿאַר איר איז געשטאַנען די בלאָנדע מערי, מיט אַ בוקעט ווייסע רויזן אין האַנט...